אויך אַלס קאָנצעלאַריע. ס'איז ניט געווען צו זען, אַז ער זאָל טאַקע האָבן כאַראַטע. ער האָט געטיינעט זיינס:

— עס איז אינגאַנצן אומגעפערלעך. ס'גיט נאָר אַ דונער. מער וועל איך עס אַף די לימודים ניט טאָן.

— אין קאָרידאָר דונערסטו אויך, — האָט די שול־פאַרוואַלטערן יעווגעניע מיכיילאָוונע אָנגעגריפן אַף אים מיט איר שטרענג קאָל און שטרענגן אויסזען.

קיין אופּרייסן זיינען מער אין קלאַס ניט געווען, אָבער אין אַנדערע ערטער הערן זיי ניט אויף. דאָ און דאָרט צעשפּרייט זיך מיטאַמאָל אַ גיפטיקער רויך, עס טוט אַ פּלאַם. עס קאַכט. אינעם פיזישן קאַבינעט, וואָס איז אַזוי אויך באַשיידן אויסגעשטאַט און האָט ווינציק שטאָפּן, ווערן פאַרשוווּנדן פאַרשיידענע זאַכן. דער לערער פון פיזיק און איך, דער קלאַסן־אָנפירער, ווייסן, פאַרשטייט זיך, וועמענס אַרבעט עס איז. איין טרייסט האָבן מיר: בערל זינגערמאַן וועט אָנטייל־נעמען אין דער ראַיאָנישער אָלימפּיאַדע און ער וועט ניט מעוויישע זיין ניט זיך, ניט אונד־זער שול.

אַ האַלבער קלאַס מיינער זיינען קאָלעקציאָנערן, איינער קלייבט מאַרקעס, אַ צווייטער — עטיקעטקעס, אַ דריטער -— מאַטבייעס. ווילי פּאַרמאַגט אַפילע אַן אַרגענטינער פּעסאָ, אַן אַמע־ריקאַנער צענט, אַ דייטשישן פּפעניג...

אַפן לימעד האָב איך מיט די קינדער געקנעלט וועגן אַדווערב. ווילי און זיין כאַווער ליאָווע האָבן זיך פאַרנומען מיט זייטיקע זאַכן, נאָר אַלע מאָל, ווען כ'האָב זיי געוואָלט פּאַקן דערביי, האָבן זיי אַף מיר אויסגעשטעלט אַזעלכע אומשולדיקע קוקערס און די אויערלעך זיינען אַזוי אָנגעשפּיצט געווען צו הערן יעדן וואָרט מיינס, אַז מיר אַליין האָט זיך געדוכטן, אַז כ'האָב אַ טאָעס. נאָר אָט האָט זיך אַ ווייס מאַטבייעלע פאַרקייקלט אונטער דער פאָדערשטער פּאַרטע, לעבן מיין טישל. ווילי בייגט אַרונטער דאָס קעפּל, ציט אויס די האַנט אַף צו דערלאַנגען דעם אויצער. בייסמייסע טוט דאָס שטילע מיידעלע, וועלכע הייסט מייע, אַ פאַרשטעל די מאַטבייע מיטן פיסל. ווילי שטופּט דאָס פיסל מיט זיין פוס. צוהילף מייעטשקען קומט איר שכיינע לענע, זי שטעלט אַרוף אַ פוס אַף מייעס פוס. יענע טוט זיך אַ קנייטש פון ווייטעק, אָבער שאַ־שטיל, מע הערט ניט קיין פּיפּס. אַף אַ ווײַלע פאַרגעס איך אַליין, ווו איך האַלט מיטן אַדווערב און מיט זיינע פאַרמען, און פאָלג נאָך מיט אַ ספּאָרטיוון אינטערעס, וואָס וועט זיין ווייטער. די קולמי־נאַציע קומט דאַן, ווען ווילין געלינגט אונטערצוהייבן מייעס שוך און אַרונטערשטעקן אַ פּאָר פינגער אַף אַרויסשאַרן די מאַטבייע. אין דער דאָזיקער רעגע לאָזט מייעטשקע אומבעראַכמאָנעס־דיק אַראָפּ דעם קנאַפּל אַף זיין האַנט, און דער כעווערעמאַן טוט אַזאַ ווילדן וויי־געשריי, וואָס ניט דערהערן אים קאָן איך שוין ניט.

— כאַזער איבער, וואָס איך האָב געזאָגט, — ווענד איך זיך צו ווילין מיט מיין אייניציקן אויסגעפּרוווטן פּעדאַגאָגישן מעטאָד, וואָס כ'לאָז יעדן מאָל אין גאַנג, האָבנדיק צו טאָן מיט ניט־דיסציפּלינירטע שילער.

ס'איז פּאַשעט אַ ווונדער, נאָר דער יונגאַטש כאַזערט אַלץ איבער, וואָרט אין וואָרט. איך רוף אים אַרויס צום טאָוול. ער שרייבט, און אַן אייגל זיינס קוקט אַלץ אַפן אָרט, ווו עס ליגט די מאַטבייע.

— איצט גיי אַרויס פון קלאַס, — זאָג איך דערנאָך רויק, אָן שום געבייזער, — נאָכן לימעד וועסטו אַריינגיין אין לערער־צימער, צו יעווגעניע מיכיילאָוונען.

יעווגעניע מיכיילאָוונע מוסערט ווילין. פיל שטרענגער מוסערט מיך ליובע לעקעך:

— באַ אייך טומלט מען אַזוי, אַז מע הערט אין מיין קלאַס. באַ אייך איז די ערגסטע דיסציפּלין. מיין ברודער בינ־יאָמין פרעגט זיך נאָך אין די בריוו וועגן אייערע דערפאָלגן, כ'וועל אים מוזן אָנשרייבן דעם עמעס.

מיט מיטגעפיל און אַפילע אַ ביסל מיט האַרצווייטיק זאָגט זי מיר:

— איר וועט האָבן גרויסע אומאָנגענעמלעכקייטן. צי דען האָט מען אייך אין אינסטיטוט ווינציקער געלערנט, ווי אונדז, אין דער פּעדשול?..

אויסער אַריפמעטיק און שפּראַך, פירט ליובע אויך דעם לימעד פון געזאַנג. אין פּעדשול האָט זי זיך אויסגעלערנט אַ ביסל שפּילן פּיאַנע, נאָר מיט קיין שטים איז זי ניט געבענטשט. ליובע עפנט דאָס דעקל פון דער פּיאַנע, וואָס ריגער אַרבעטער האָבן אַלס מאַטאָנע צוגעשיקט דעם יִישעווו. ס'איז אַ נייער, גוטער אינסטרומענט, יעדער ריר מיטן קלאַוויש רופט זיך אָפּ נאָכגיביק און קלאָר, אַ פאַלשער טאָן, אַ ניט־ריכטיקער קלאַפּ מיטן פינגער טוט גוואַלדיק אַ שניט אין אויער. ליובע בעט, איך זאָל זי פאַרהערן. זי רעפּעטירט דעם אוויאַמאַרש „אַלץ העכער“:

אונדז איז באַשערט די ברייט און ווייט באַזיגן,<br>דעם ווונדער־טרוים פאַרוואַנדלען אין אַ וואָר.

ס'האָט אונדז פאַרשטאַנד געגעבן ברייטע פליגל,
אָנשטאָט א האַרץ — א פלאַמיקן מאָטאָר.
אַלץ העכער, און העכער, און העכער...

איך העלף ליובען אויסציִען „אַלץ העכער", און אייצע איר טרינקען גאָגאָל־מאָגאָלס.

אפן גזואַנג־לימעד קומט אַריַין דער פאַרזיצער פרישמאַן. „ס'איז זיַין בעסטער אָפּרו", — זאָגט ער. ער איינער האָלט, אַז בא ליובען איז א גוטע שטים און אַז זי קאָן זינגען. ער הערט זי קימאַט מיט אַנציקונג. אומגערירכט האָבן זיך אַף דער שול א שאָט געטאָן אַזעלכע טויוועס, וועגן וועלכע מיר האָבן נאָר געקאָנט טרוימען. דער סטאָליער, וואָס איז פאַרוואָרפן מיט אַרבעט אין קאָלווירט, איז געקומען אין שול און פאַריכט אַלע טירן און פענצטער; א מוליער האָט אויסגע־רייניקט די אויוונס; איינע נאָך דער אַנדערער האָט מען געבראַכט פורן מיט האָלץ — אפן גאַנצן ווינטער.

צום ערשטן מאָל האָט מען געזען סיאָמע פרישמאַנען אין קלוב בייס א קינאָ־סעאַנס. אין דער פינצטער האָט ער זיך געשאַרט בא די שמאָלע בענק, ביז ער האָט באַמערקט ליובעס רויט־לעכע האָר. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן איר, — צום גרויסן באַדויערן פון די, וואָס זיַינען געזעסן הינטער זיַין ברייטער פּלייצע. דאָס ייִנגל, וואָס איז געזעסן לעבן ליובען, האָט ער גענו־מען אַף די קני.

אַף מאָרגן איז בא ליובען אין קלאַס אפן טאָוול געווען אָנגעשריבן: „פרישמאַן + לע־קעך = ליבע".

ליובע האָט דאָס מאָל קיינעם ניט געמוסערט, זי האָט אָפּגעווישט דעם טאָוול און דערנאָך עטוואָס לענגער, ווי געווייַנלעך, געווישט די ברילעכלעך.

ליובע קוקט איצט אַף מיר ווי א שולדיקע, ווי זי וואָלט מיך פאַראַטן. אפאָנעם, אַף צו באַרויִקן מיך געפינט זי אין סיאָמע פרישמאַנען אַלץ נייַע כעסרוינעס:

— וואָס איז ער, אַן אינספּעקטאָר, וואָס ער קומט זיצן אַף די לימודים? קאַרג האָט ער אַרבעט אין קאָלווירט? ער ברענגט נאָר אַריַין אין א פאַרלעגנהייַט די קינדער...

אַן אַנדערשמאָל זאָגט זי מיר אָן:

— פרישמאַן האָט אַף דער זיצונג פון ראַיויספּירקאָם ווידער באַקומען אַן אויסרייד.

אפן נייַעם יאָר האָבן מיר אין שול געמאַכט א יאָלקע. פרישמאַן האָט זיך ערגעץ פאַרהאַלטן און גלייַך פון וועג, אין דער דאַכע און אין די וואַליקעס, אַריַינגעקומען אין זיבעטן קלאַס, ווו עס איז פאָרגעקומען די סימכע. די פּאַרטעס זיַינען געווען צונויפגעשטעלט אין א ווינקל, איינע אַף דער צווייטער, ביז דער סטעליע. אינמיטן איז געשטאַנען די יאָלקע, א פאַרשוויצטע, ווי מיר אַלע, פון דער אָנגעהייצטער הרובע. סיאָמע האָט אַראָפּגעוואָרפן די דאַכע, פאַריכט דעם ברייטן סאָלדאַטסקע רימען אַף דער אַלטער בלויער גימנאַסטיאָרקע, א וואָרף געטאָן די טשופּרינע פונעם שטערן אַף אַרופּצו און מיט א געמאָסטענעם טראָט צוגעגאַנגען צו אונדזער איינציקער יונגער דאַמע — ליובע לעקעך, זיך פאַרנייגט פאַר איר און איַינגעלאַדן טאַנצן. ער האָט אַזוי פלינק און גוט געטאַנצט, אַז ער איז קיין איין מאָל ניט אַרופּגעקראָכן מיט די וואַליקעס אַף אירע טופליעס. דערנאָך זיַינען מיר אינדריַיען, איך, סיאָמע און ליובע, געגאַנגען איבערן פאַרשנייטן ייִשעוו, ווו פון איין עק גאַס נעמט אים דורך דער ווינט פון סטעפּ, און פון דער אַנדערער — דער ווינט פון פאַרקאָוועטן טייַך, און עס דרייט און עס ווימלט, וואַרפט פון די פיס. פונדעסטוועגן האָט סיאָמע זיך נאָך אָפּגעשטעלט און פאַרהאַלטן ליובען לעבן הויף, ווו זי וווינט. אַהיים איז ער געקומען, ווען איך בין שוין געלעגן איַינגעוויקלט אונטער דער קאָלדרע. אין אונדזער באָכע־רישן צימער איז ניט איבעריקס וואַרעם.

— איר שלאָפט שוין? — האָט ער זיך פאַרוווּנדערט, פונקט ס'וואָלט געווען ניט פיר אַזייגער פאַרטאָג, נאָר פיר פאַרנאַכט. — לאָמיר א ביסל ריידן. אַזוי איז קיינמאָל קיין צייַט ניטאָ, און איר שוויַיגט עפּעס אויך... ליובע זאָגט, אַז איך דערשעץ ניט די דאָרפישע אינטעליגענץ...

ער האָט זיך צעלאַכט, גאָר ניט ווי א סאָלידער קאָלווירט־פאָרזיצער, וואָס איז פון פרי ביז שפּעט פאַרטאָן, פאַרזאָרגט און פאַרהאָרעוועט. ער האָט זיך צעלאַכט פריידיק און גליקלעך, ווי א יונג באָכערל, וואָס ווייסט נאָך, אייגנטלעך, גאָרנישט און הייבט ערשט אָן פילן דעם פאַרגעניגנ־דיקן טאַם פונעם לעבן.

איך האָב זיך געמאַכט, אַז איך וויל שלאָפן, און האָב ניט געוואָלט ריידן. איך בין געלעגן און געקלערט וועגן דעם, אַז ליובע וואָלט פאַר מיר געווען ניט קיין שלעכטע פּאָר. איך האָב זיך צוגעוווינט צו איר און זי איז מיר געפעלן. נאָר אַזוי באַקומט זיך שוין — ווי נאָר מיר געפעלט, כאַפּט מען אויס.

דעם ערשטן מייַ האָבן סיאָמע מיט ליובען כאַסענע געהאַט. צוויי טעג האָט דער בוכהאַלטער פון קאָלווירט, וואָס האָט א גוטן, קימאַט קאַליגראַפישן האַנטשריפט, געשריבן איַינלאַדונגען

פאַר כאַסנס־צאַד, דאָס הייסט פאַר אַלע קאָלווירטניקעס. אין לערער־צימער פון דער שול איז געזעסן יעווגעניע מיכײַלאָווגע, וואָס האָט אויך ניט קיין שלעכטן האַנטשריפט, און געשריבן אײַנלאַדונגען פאַר קאָלעס־צאַד — דעם גאַנצן פּעדאַגאָגישן און טעכנישן פּערסאָנאַל. אויף דער כאַסענע איז אַראָפּגעקומען לעקעך — מיט אַן אויסגעוואַקסן בײַכל, אין נײַע, סאָלידערע ברילן — ניט מיט קיין שמאָלע ליכטיקע האָלאַבליעס, נאָר מיט טונקעלע און ברייטע. מע האָט אים אופגענומען ווי אַ באַרימטן לעקטאָר. אין מעשעך פון די דרײַ טעג, וואָס ער האָט בײַ אונדז פאַרבראַכט, האָט ער דורכגעלייענט דרײַ לעקציעס — איינע פאַר די עלטערן פון די שילער, די צווייטע — פאַר די קאָלווירטניקעס, די דריטע — פאַר די אײַנוווינער פון יישעוו. דאָס איז געווען איינע און די זעלבע לעקציע פאַר איינע און די זעלבע צוהערער, נאָר דער קלוב איז יעדן מאָל געווען פול.

— נו, ברודערקע, ווען וועסטו זיך פאַרפונדעווען? — האָט ביניאָמין אַ פרעג געטאָן, זיצנדיק לעבן מיר אויף דער כאַסענע. — אַ געוויסע פּאַסיווקייט צו אַלץ האָב איך בײַ דיר נאָך באַמערקט אין אינסטיטוט. פּאַסיווקייט, ווי דו ווייסט, איז ניט קיין באַשטענדיקע קאַטעגאָריע. געטע האָט אַמאָל געזאָגט, אַז אַ פּאַסיוו לעבן איז אַ פּריצײַטיקער טויט, און סענעקע האַלט, אַז דאָס לעבן איז לאַנג, אויב עס איז פול... פּאַסיווקייט, ווי לעמאָשל...

איך האָב אָפּגעגאָסן אונדזערע קעלישעקלעך.

— לאָמיר, לעקעך, אויסטרינקען לעכאַיִם!

**7** איך פאָר אין אורלויב. אַ בילעט האָב איך דערווײַל גענומען ביז מאָסקווע. אין וועג וועל איך באַטראַכטן, צי זאָל איך פאָרן קיין כאַרקאָוו.

אין מאָסקווע האָב איך קיינעם ניט. די סטודענטן, מיט וועלכע איך האָב צוזאַמען געלערנט, זײַנען זיך צעפאָרן. כ׳ווייס נאָך דערווײַל ניט, ווו כ׳וועל איבערנעכטיקן, נאָר ווען די ראַדיאָ אין וואַגאָן גיט איבער, אַז מיר דערנעענטערן זיך צו דער הויפּטשטאָט, כאַפּט מיך אַרום אַ פרײדיק געפיל. עס איז ניטאָ דער מענטש, וואָס זאָל בלײַבן גלײַכגילטיק, ווען מע רופט אָן מאָסקווע.

אָפּגעגעבן די זאַכן אין שאַצקאַמער און גענומען אַ בעטל אינעם האָטעל פון וואָקזאַל, האָב איך באַשלאָסן זיך דורכפאָרן אין מעטראָ. איך בין געגאַנגען איבער די וועסטיביולן און קאָרידאָרן פון דער סטאַנציע „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ“ און געפירט מיט דער האַנט איבערן מעכײַעדיק־קילן בלישטשענדיקן מאַרמאָר פון די ווענט. מיט אַ גערודער און קלאַפּערײַ, פון וועלכער איך בין שוין אָפּגעוווינט, האָט דער מעטראָ־צוג זיך געטראָגן דורך די טונעלן, פון אויבן ביז אונטן באַלייגטע מיט מאַסיווע איזאָלירטע דראָטן, און באַלויכטענע מיט קליינע עלעקטרישע לעמפּלעך. מילד און אַלט־באַקאַנט איז די סטאַנציע „קראַסניִע וואָראָטאַ“. דער רויטער מירמל־שטיין איז דורכגעוועבט מיט ווײַסע פעדעם: מע האָט אים געבראַכט פונעם קאַנט, פון וועלכן איך קום איצט אָן; עס צערטלט דאָס אויג די רויִקע באַטאָגיקע שײַן פון די עלעקטראָ־טרײַבלעך אויף דער סטאַנציע „קיראָווסקאַיאַ“.

אויף „אָכאָטני ריאַד“ גיי איך אַראָפּ. דער קורצינקער עסקאַלאַטאָר הייבט מיך אין איין אויגנבליק אַרויף צום אַרויסגאַנג, און אָט זע איך שוין דורך דער טיר די מאָסקווער זון. זי שטראָמט אַנטקעגן דער מענטשן־מענגע.

אויף דער גאָרקי־גאַס, אין אַ גרויסער ברויט־קראָם, קויף איך קלײנינקע גוט־אויסגעטריקנטע בייגעלעך „סושקעס“, וואָס טרישטשען אונטער די ציין, און, ווי אַ פּראָווינציאַל, גיי איך און קײַ, איך קוק זיך צו צו דער גאַס, הער זיך אײַן אין דעם גרויסשטאָטישן טומל. אויפן פּושקין־פּלאַץ האָב איך זיך אָוועקגעזעצט אויף אַ באַנק אַנטקעגן פּושקינס דענקמאָל, און אַלע ווײַלע נאָכאַמאָל געקוקט אויפן גרויסן רוסישן דיכטער, אויף זײַן פרײַער פּאָזע. עלטערע מענטשן שטרענגען אָן די ריִע איבערצולייענען די שורעס, וואָס זײַנען אויסגעקריצט אויף אַלע פיר זײַטן פונעם פּאָסטאַמענט; קינדער, וואָס ווילן ניט וויסן פון מעכיצעס, טרעטן אַריבער די קייט, מיט וועלכער ס׳איז אַרומגענומען דער דענקמאָל, און שפּילן זיך בײַ אים צופוסנס.

ווינט איך בין געקומען צו פאָרן, האָב איך נאָך מיט קיינעם ניט אויסגערעדט קיין וואָרט, און ריידן, דורכשמועסן זיך ווילט זיך. איך קויף אין אַנטקעגנדיקן קינאָ־טעאַטער צוויי בילעטן, און מאַכנדיק אַ זויער פּאָנעם, קלוימערשט דער מענטש, וואָס האָט געדאַרפט קומען, האָט מיך אונטערגעפירט, גיי איך צו ניט־דרייסט און באַשיידן צו אַ מיידל, וואָס שטייט אַ ביסל אָן אַ זײַט פון דער קאַסע. דאָס כיינעוודיקע פּענעמל איז מיט עפּעס אומצופרידן, אַפילע טרויעריקלעך.

— וווּהין אײַלט איר אַזוי? — האָב איך געפרעגט און זיך פאַרהאַקט, זי האָט באַשײַמפּערלעך אין ערגעץ ניט געאײַלט. מײַן פראַגע האָט זי אָנגענומען פאַר אַ ווילער כאָכמע און באַוויזן אַ פול מויל מיט ווײַסע לאַכנדיקע ציינדלעך. צי האָט זי שוין אַ בילעט? ניין נאָך. זי וואַרט.

— איך וואַרט אויך.

מיר האָבן געוואַרט ביזן גלעקל, דערנאָך צוזאַמען אַרײַן אין זאַל.

כ׳מיין, אַז די קינאָ־טעאַטערן וועלן שטענדיק זײַן פול. עס וועט אייביק צִיִען אַהין ניט נאָר יונגע פּאָרלעך, נאָר מיט פאַרגעניגן וועלן זיך אַהין אויך אַרײַנכאַפּן באַיאָרטע מענטשן, אָפּטער פון אַלץ איינער אַליין, מיטן אומשולדיקן פאַרלאַנג אַ ביסל זיך אָפּרוען, זיצן אין דער וואָרעמקייט, וואָס עס גיט אַ פּילקעפּיקער אוילעם. ווילסטו קוקן אָפן עקראַן — קוק; ווילסטו — איז ווי אָנגעמאָסטן אין דער פינצטער צו כאַפּן אַ דרעמל.

ווונדערלעך, ווי־אַזוי אין פאַרלויף פון אָנדערהאַלבן שאָ קאָן אַ פרעמדער מענטש, וועלכן מע האָט קיינמאָל ניט געזען און ניט געקאָנט, ווערן אייגן. ווען ס׳האָט זיך אָנגעצונדן די שײַן, האָב איך מיט אָן עמעסן אומעט אַ טראַכט געטאָן, אַז אָט צעשיידן מיר זיך, און כ׳בלײַב ווידער איינער אַליין. מיר וועלן פאַרשווינדן — צווײ טראָפּנס אינעם גרויסן מאָסקווער יאַם, אַף קיינ־מאָל מער זיך ניט באַגעגענען. איינער ווייסט אַפילע ניט וועגן צווייטן, ווי ער הייסט.

— ווי רופט מען אײַך?

— טאַמאַרע.

— אַ גוטער נאָמען.

— וואָס איז אין אים די גוטסקייט?

— מיר געפעלט. ווי קוקט איר, טאַמאַרע, מיר זאָלן צופאָרן אין גאָרקי־פּאַרק?

— ניין...

— פאַרוואָס ניין?

— איך אײַל זיך.

— וווהין אײַלט איר?

טאַמאַרע שווײַגט אַ ווײַלע, זי טראַכט צו, וווהין זי זאָל אײַלן. זי קוקט זיך אופמערקזאַם אײַן אינעם פאַרשוין, וואָס האָט זיך צו איר צוגעבונדן. ווער ווייסט אים?

— ניין, איך קאָן ניט, — רויטלט זי זיך און דריקט צו דאָס שוואַרצע לאַקירטע בײַטעלע פעסטער צום אָרעם. — איך אײַל אַהיים. די מאַמע וואַרט אַף מיר.

— טאַמאַרע, וואָס אַרט אײַך, אויב מיר וועלן אַ שאָ אָדער צווײ פאַרברענגען צוזאַמען אין פּאַרק. כ׳וויל זיך מיט אײַך ניט צעשיידן.

— אַ מאָדנער מענטש... איר האָט דען ניט קיין באַקאַנטע מיידלעך?

— דאָ האָב איך ניט.

— ווו זשע?

— ווײַט פונדאַנען... אין כאַרקאָוו...

— און אין מאָסקווע האָט איר קיינעם ניט?

— קיינעם ניט.

זי וואַרט מילדער. זי לאָזט זיך סאָפּקאָלסאָף אײַנבעטן. מיר גייען אין פּאַרק. מיר גייען איבער דער צענטראַלער אַליי, פאַרבײַ דעם עשעלאָן וועגעלעך, פון וועלכע מע האַנדלט מיט הייס און מיט קאַלטס. ברייטהאַרציק בין איך מעכאַבעד טאַמאַרען און זיך אויך, דערנאָך פאַר־ווײַלן מיר זיך אַף די אַטראַקציִאָנען. מיט דער ערנסטער און סאָלידער הייזעריקלעכער שטים פון אַ לערער אַ פּראָפעסיאָנאַל פרעג איך זיך נאָך באַ טאַמאַרען, ווו איז דער צימער, ווו מע לאַכט. איך וויל לאַכן. מיר רוקן זיך פון איין שפּיגל צום צווייטן — אָט ווערן מיר לאַנג, קורץ, ברייט, שמאָל, אײַנגעפאַלן, אופגעשוואָלן. עס איז פונדעסטוועגן מאָדנע, ווי אַ שטיקל לינזע קאָן מאַכן אויסצודרייען פונעם מענטשן! דערנאָך זעצן מיר זיך אַף דער קאַרוסעל; איך כאַפּ אָן אַ בופלאַקס פאַר די הערנער, און ער טראָגט מיך; טאַמאַרע רײַט אַף אַ קעמל. פון דער קאַרוסעל גייען מיר אַרײַן אין דער קײַלעכיקער געבײַדע, ווו אַ מאָטאָציקליסט קריכט אַף די גלײַכע ווענט. עס קלאַפּט און הילכט אַזוי, אַז ס׳דוכט, דער מאָטאָציקליסט און צוזאַמען מיט אים אַלע צושויער דאַרפן זאָגן ווידע.

— איצט לאָמיר זיך פון די אַטראַקציִאָנען אַ ביסל אָפּרוען, — זאָג איך צו טאַמאַרען, און מיר זעצן זיך צו אַף אַ באַנק. איך עטעם אײַן דעם רייעך פון היי, פון פרישע פעלד־בלימעלעך. דער רייעך גייט פון אירע האָר, פון איר פּאָנעם, ס׳איז פּאָשעט דער אָדעקאָלאָן „לאַנדיש“ אָדער „סירען“. דער ביליקער פּאַרפום פאַרשיקערט מיך.

אַף די הויכע שטאַנגעס פונעם אַטראַקציִאָן, וואָס הייסט „דער טויטער שלייף“, לעשט זיך אויס דאָס ליכט. עס לעשט זיך אויס די עלעקטרע אומעטום, ס׳בלײַבן נאָר אַף די אַלייען דע־זשורנע לאָמפּן. מיר הייבן זיך אוף אוועקצוגיין. פאַרן אוועקגיין עפנט טאַמאַרע איר בײַטעלע און נעמט מיר צאָלן געלט — אומצוקערן די הויצאָעס, וואָס איך האָב געהאַט פאַרן אָוונט.

— א בילעט אין קינאָ, סמעטענע מיט פרישע בולקעלעך, עסקימאָ, אטראקציאָנען. איר זייט גאָר ניט מעכויעו אויסצוגעבן אזויפיל אף מיר, — שטופט זי מיר א פאָר פאפירלעך.

— טאמארע, ערשט הײַנט בין איך געקומען פון ווײַטן מיזרעך, און פון דאָרטן קומט מען ניט אָן געלט. איך האָב געקראָגן געהאלט פאר דרײַ כאדאָשים.

— איך האָב אויך הײַנט געקראָגן די פאָלוטשקע... אויב איר ווילט, אז עס זאָל בא מיר ניט בלײַבן א שלעכטער נאָכטאם פונעם הײַנטיקן אָוונט, איז נעמט.

געזעגנט האָבן מיר זיך לעבן איר שטוב — א צווייִשטאָקיק אלט מויערל מיט פארשיידענע באפוצונגען. אמאָל האָט דאָ מיסטאמע געלעבט א מאָסקווער אדעליקער, עפשער ניט פון די גאָר רײַכע, נאָר מיט היפשע מעשוגאסן.

— איך ווינטש אײַך א גליקלעכע רײַזע קיין כארקאָוו... איר פאָרט שוין מאָרגן?

— קאָן זײַן, — האָב איך ניט זיכער געענטפערט.

אין צימער פון האָטעל איז א היפשלעכע צײַט מיר נאָכגעגאנגען א דינער, זיסלעכער רייעך פון לאנדיש, דערנאָך האָט ער זיך אויסגעהויכט. „איך ווער גאָר ענלעך אף דער „באָרד", — האָב איך א טראכט געטאָן, — איך יאָג זיך נאָך יעדן מיידל". „מאָרגן פאָר איך קיין כארקאָוו" — מיטן דאָזיקן געדאנק בין איך אײַנגעשלאָפן א פארמאטערטער, נאָכן לאנגן וועג, נאָכן לאנגן שפאציר און נאָכן צענדליק אטראקציאָנען.

אופגעשטאנען בין איך שפעט, אָפגעפרישטיקט און ארויס זיך דורכשפאצירן אינעם ניט־ווײַטן פון וואָקזאל לערמאָנטאָוו־סקווערל. א מאסע קינדער, אויך דערוואקסענע, האָבן פארגאפט געקוקט אפן הויכן צעצווײַגטן טאָפאָל, איבער וועלכן עס איז אומגעשפרונגען א וועווערקעלע. איר שמאָל קעפעלע און דאָס עקעלע, וואָס איז גרעבער און לענגער פון איר אינגאנצן, האָבן געשווינדלט פון איין צווײַג אף דער צווייטער, זי האָט זיך אראָפגעלאָזט אפן שטאם גאָר נידעריק צו דער ערד, גלײַך א הייב געטאָן זיך אף ארוף, אוועקגעזעצט זיך אף א ווײַלע אף א סוקל און באקוקט מיט די פיצינקע שארפע אויגן־שפעלטלעך דעם אוילעם, ווי געזאָגט: „אנו, כאפט מיך!", און דערנאָך ערגעץ נעלעם געוואָרן, ווידער זיך באוויזן — שוין גאָר אף אן אנדער בוים.

— אָט איז זי! אָט איז זי! — האָט דאָס קליינוואָרג געשריִען מיט אנציקונג.

איך בין אויך געשטאנען און געקוקט, ווי די וועווערקע מאכט אירע קונצן. דערנאָך האָט מיך א טראָג געטאָן: „וואָס שטיי איך? איך דארף דאָך פאָרן!"

## 8

די ווײַטערדיקע צוויי וואָכן זײַנען דורך בא מיר ווי אין א כאָלעם. אין כארקאָוו בין איך געווען איין מעסלעס, און גלײַך גענומען מײַן לאנגע רײַזע אף צוריק: פון כארקאָוו קיין מאָסקווע, פון מאָסקווע קיין נײַ־אמורסק, פון נײַ־אמורסק קיין כאבאראָווסק און פון כאבאראָווסק — מיט דער שיף — צום קליינעם יישעווול, וואָס איך האָב סאכאקל צוריק מיט א טעג פופצן פארלאָזט, אוועקפאָרנדיק אין אורלויב.

וואָס איז געשען? וואָס בין איך אזוי הענדום־פענדום געשפרונגען? פארוואָס האָב איך דעם זומער ניט פארבראכט בא מײַן קרויווע באסיע אין כארקאָוו — דאָס צימערל איז געווען פאר מיר גרייט; פארוואָס האָב איך דער אלטער ליבער כאנען — דעם בעסטן פרײַנט פון אונדזער מישפאָכע, די יוגנט־כאווערטע פון מײַן מאמען, געצוווּנגען האָבן איבעריקן הארצווייטעק? ניט באוויזן זיך באגעגענען מיט איר, בין איך שוין געלאָפן זיך געזעגענען. כאנע האָט אף מיר געקוקט מיט טיפער באדויערונג:

— די מאמע דײַנע אָלע־האשאָלעם, האָט נאָר איין מאָל אין לעבן דורכגעמאכט א רײַזע... ביסט דאָך שווארץ, ווי די ערד. אין כארקאָוו זײַנען די מאגאזינען פארשאָטן מיט פרוכטן, עס איז פאראן מילך און סמעטענע. אָסער, אויב איך וועל דיך לאָזן אוועקפאָרן פריִער, ווי דו וועסט דאָ אָפזײַן א כוידעש. דאלני וואָסטאָק וועט ניט אנטלויפן. אָט שוין גיי איך צו באסיען.

און זי איז טאקע געגאנגען... נאָר איך בין שוין ניט געווען אין שטאָט.

פארוואָס האָב איך ניט געפונען קיין צײַט זיך דורכשמועסן, ווי געוויינלעך, מיט מײַן געוועזענעם לערער גריגאָרי לאזאַרעוויטש און מײַן געוועזענער דערציִערן פאינע כאנאניעוונע? איך האָב זיי באגעגנט אין גאס. פאינע כאנאניעוונע האָט אף די הענט געהאלטן אן אייפעלע. דאָס פאָרפאָלק האָט מיך גענומען פאנאנדערפרעגן וועגן יישעוו, ווו איך וווין, וועגן דער שול, ווו איך ארבעט. עס האָט זיי שטארק אינטערעסירט, וויאַזוי, מיט וועלכע מעטאָדן איך האלט די דיסציפלין אין קלאס און צי שטעל איך ניט צופיל „פינפן" — זיי ווייסן, אז בא מיר איז א ווייכער כאראקטער... איך האָב זיך ניט ארײַנגעלאָזט אין לאנגע דיבורים, געענטפערט נאָר אף אָפצוקומען. זיי האָבן מיך אײַנגעלאַדן אף א סימכע, — גראָד מאָרגן ווערט דאָס קינד זייערס אלט א יאָר, — און איך האָב זיך געשעמט צו זאָגן, אז כ'וועל ניט קומען, אז איך פאָר טייקעף צוריק.

מײַן מעשוגאַס האָט זיך גענומען פון סמענעס אײביקע מעשוגאַסן. װען זי איז געװען קלײן, האָט זי געמאַכט קלײנע קונצן, איצט מאַכט זי קונצן גרעסערע. קײן בריװ האָט זי מיר ניט געשריבן, קײן טעלעגראַמעס ניט געקלאַפּט. איך בין צו איר אַרײַנגעקומען אין שטוב אַף טשערנאַגלאַזאָװסקע, װי געװײנלעך געטראָפן דאַפּקע דאַן, װען מע איז געזעסן באַם טיש. פּונקט װי פֿאַראַיאָרן זומער, האָט סמענעס מאַמע, אַנע סעמיאָנאָװנע, געהאַלטן אַפן שפּיץ גאָפּל אַ קנײדעלע. דאָס קנײדעלע מיטן צוגעבערװינטן הײַטל האָט זיך געבעטן אין מױל אַרײַן, אָבער יענץ מאָל האָט זי עס טײקעף אַראָפּגעשלונגען, און איצט ראַשיק צוריק אװעקגעלײגט אַף דער סקאָװאָראָדקע און אופּגעשפּרונגען פון אָרט. סמענעס פֿאָטער — דער שװײַגנדיקער, קאַלטבלוטיקער איסאַק מיכײַלאָװיטש, װאָס האַלט ניט איבעריקס פון פּרישטיקן — ער גײט אַװעק אַף דער אַרבעט, האָבנדיק איבערגעביסן מיט צװײ דינע מױצקעס ברױט מיט פּוטער און אַ גלאָז קאַװע, דערפֿאַר אָבער איז בא אים זײער כּאַשעװ דער מיטיק: ער װעט זיך ניט אופהײבן פון טיש, קאַלזמאַן ס'איז ניט פֿאַרענדיקט מיט אַלע געריכטן, — איז איצט, װען ער האָט מיך דערזען, אױך אופגעשפּרונגען און צוגעלאָפן צו מיר. בײדע האָבן מיך באַטראַכט, װי איך װאָלט אַראָפּגעפאַלן פון הימל.

— װי קומסטו אַהער?

— סמענע איז אַװעקגעפֿאָרן אַהין... צו דיר.

אַ מער אומגעלומפּערטע לאַגע איז שװער געװען זיך פֿאָרצושטעלן, נאָר עס איז מיר געװאָרן װאַרעם אין די אײװורים. אַ גרױסע פֿרײד האָט אַ פֿלײץ געטאָן אין אַלע מײַנע אָדערן. זי איז אַװעקגעפֿאָרן צו מיר! כ'האָב זיך אָבער גלײַך דערמאָנט עפּעס אַזעלכס, װאָס האָט מיר פֿאַרשטערט דעם גאַנצן פֿאַרגעניגן פון דער אומגעריכטער גוטער בסורע.

— נו, און ספּאַרטאַק?

איסאַק מיכײַלאָװיטש האָט זיך אַ קנײטש געטאָן, אַ קוק געטאָן אַף זײַן פֿרױ, װי אײנער רעדט: מער האָט ער איצט ניט װעגן װעמען צו טראַכטן.

אינעם זעלבן אָפּדערנאַכט האָט דאָס פֿאַרפֿאַלק מיך אַרױסבאַגלײט אין װעג אַרײַן, װי אַן אײגענעם זון, — מיט טרערן אין די אױגן, מיט װינטשעװאַניעס און מיט אַן אָנזאָג, אַז איך זאָל היטן סמענען.

אין צען טעג אַרום בין איך אַראָפּגעקומען אינעם ייִשעװ, װו איך האָב נאָך אַזױ װינציק געװוינט, אָבער קײנמאָל, קײנמאָל האָט מיך נאָך אין ערגעץ אַזױ ניט געצױגן, װי אַהער... פּונקט, װי כ'װאָלט דאָ אױסגעװאַקסן.

פּונעם מאַסקװער צוג בין איך אַראָפּגעשטיגן אין נײַ־אַמורסק. איך האָב זיך גלײַך געטראָפן מיט לעקעכן. ער האָט מיר באַװיזן אַ לאַנגע טעלעגראַם, פון אַריבער הונדערט װערטער, װאָס ער האָט דערהאַלטן פון זײַן שװעסטער ליובען, אַז װי נאָר איך װעל זיך באַװײַזן אין שטאָט, זאָל ער מיך טײקעף אָפּשיקן אינעם ייִשעװ, עס איז געקומען מײַן קאַלע, אַף קװאַרטיר איז זי בא ליובען.

— װערסט אַ לײַט, פֿאַרפונדעװעסט זיך, — האָט לעקעך צופֿרידן מיר אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלײצע, — ניט אומזיסט האָב איך די גאַנצע צײַט מיט דיר גערעדט װעגן דײַן פּאַסיװקײַט. קאַלדעראָן האָט אַמאָל געזאָגט, אַז דער גרעסטער ניצאָכן איז דער ניצאָכן איבער זיך אַלײן, און דער אַלטער סאַמועל סמײַלס, — כ'גלײב, אַז דו האָסט נאָך ניט פֿאַרגעסן, אַז עס איז דאָ אַזאַ ענגלישער שרײַבער, — האָט זיך אין זײַנערצײַט אױסגעדריקט, אַז יעדע מינוט לעבנס־אַקטיװקײַט איז װי אַן עמעסער אָפּגעהאַלטענער זיג. אַ שאָד, װאָס דו האָסט ניט די מעגלעכקײַט צו באַזוכן מײַן סעמינאַר, די גאַנצע שטאָטישע אינטעליגענץ קומט אַף אים, איך פֿלאַנץ אײַן אין מײַנע צוהערער...

— איך בין זיכער, ליבער בינימין, אַז דו פֿלאַנצסט נאָר גוטס, — האָב איך זיך געפּרוּװט אױסדרײען פון אים, נאָר ער האָט מיך פֿאַרהאַלטן אַף צװײ שאָ, געשאָטן מיט ציטאַטעס, געמאַכט היסטאָרישע און ליטעראַרישע פֿאַראַלעלן, געשטעלט פאַר אײדעס די גרעסטע מענטשן פון אַלע צײַטן.

איך האָב שיר ניט פֿאַרשפּעטיקט אַפן צוג, װאָס קומט אָן קײן כאַבאַראָװסק אַקוראַט צו דער צײַט, װען מע קאָן גלײַך פֿאָרן װײַטער מיט דער שיף.

אין ייִשעװ בין איך אַראָפּגעקומען שפּעט באַנאַכט. איך בין געגאַנגען איבער דער שלאָפֿנדיקער גאַס, אַפילע די הינט האָבן ניט געבילט. באַטאָג אָדער פֿאַרנאַכט איז, װײַזט אױס, דורכגעגאַנגען אַ גוטער רעגן. די ערד און די לופט זײַנען געװען אָנגעזאַפּט מיט אַ שטאַרקן געמישטן רײעך, װאָס האָט זיך געטראָגן פון די װײַטע סאָפּקעס און פּונעם נאָענטן פעלד, װו עס צײַטיקט שױן די טװוּע. אַ רײעך, װי שטאַרקער װײַן, פֿול מיט בלױער ספּירטאָװער קרעפטיקײַט, באַטאָג פֿילט מען אים קײנמאָל ניט אַזױ גוט, װי באַנאַכט, טיף נאַכט.

ווען איך בין פארבײַגעגאַנגען פרישמאַנס שטוב, האָב איך זיך ניט אײַנגעהאַלטן און אַנ־געקלאַפּט אין טיר. מיר האָט זיך נאָך אַלץ געדאַכט, אַז ס'איז אַ כאַלעם, אַ נאַרישער שפּאַס, קיין שום סמענע איז דאָ ניטאָ. ווי קומט זי אהער, צען טויזנט קילאָמעטער פון כאַרקאָוו?

— ליג, איך וועל אַליין עפענען, — האָב איך דערהערט ליובעס קאָל, — אַ גוטער פּאַרזי־צער בויט אויס אַ קאַלווירטיש הויז, אַז מענטשן זאָלן האָבן ווו אַרײַנצופאָרן, — האָט דאָס יונגע ווײַבל דרײַ אַזיגער באַנאַכט געגומען מוסערן דעם מאַן אירן.

די טיר האָט זיך געעפנט, און בײַ דער לעוואָנע־שײַן האָב איך דערזען ליובעס צעשויבערטע רויטלעכע האָר און דאָס קלײַנדיקע נעזל. די צוגעזשמורעטע אויגן, אָן די ברילן, זײַנען אינ־גאַנצן געווען ווי בלינדע. זי האָט מיך ניט דערקענט.

— ליובע, — האָב איך געזאָגט.

אין שטוב איז געוואָרן ליכטיק. ליובע האָט אָנגעטאָן די ברילן און זיך איבערצײַגט, אַז דאָס בין איך טאַקע. סיאָמע פרישמאַן האָט פאַרשלאָפענערהייט אַ שמייכל געטאָן צו מיר, עפּעס אַרויסגעברומט פונעם ברייטן פאַרפאַלקישן בעט און גלײַך ווידער אײַנגעשלאָפן, אַ מידער נאָכן לאַנגן זומערדיקן טאָג מיט די אייסאַקים און זאָרגן, וואָס פאַלן אויס אָף אַ קאַלווירט־פּאַרזיצער.

איך בין אַ צעטומלטער געשטאַנען אינמיטן צימער. דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט, האָב איך ניט געקאָנט פרעגן.

— אַ גרוס דיר פון ביניאָמינען, — האָב איך געפונען וואָס צו זאָגן.

— ווי האַלט עס בײַ אים מיט זײַן דיסערטאַציע? — האָט ליובע מיך גענומען אויספרעגן מיט איר מעיושעוודיקער שטים, וואָס קלינגט אינמיטן דער נאַכט פונקט אַזוי דײַטלעך און קלאָר, ווי אינמיטן העלן טאָג. — בײַ ביניאָמינען זײַנען געווען שוועריקײַטן, ווען ער האָט געשריבן דאָס קאַפּיטל וועגן די געמיינזאַמע שפּראַך־וואָרצלען פון די קליינע ווײַטמיזרעכדיקע פעלקער — נאַנײַצעס, ניווכן, אודעגייער, עווענקן... ער האָט איבערגעאַרבעט אַ באַרג מיט ליטעראַטור. אייניקע ביכער האָט ער אויסגעשריבן פון דער מאָסקווער לענין־ביבליאָטעק...

אַן אומגליק מיט די לעקעכס. אָף מײַן לעבן האָב איך ניט געזען, אַז אַ ברודער מיט אַ שוועסטער זאָלן זײַן אַזוי ענלעך איינער אָפן צווייטן. איך האָב געוואָלט ליובען אַרופאַלן אָפן האַלדז און זיך בעטן ראַכמים, זי זאָל מיך ניט מאַטערן.

ענדלעך איז ליובע אַריבער צו דעם, וואָס עס האָט מיך אינטערעסירט.

— דײַן כאַווערטע איז בײַ אונדז, — האָט זי אָנגעוויזן אָף דער טיר פונעם צווייטן צימער. — דער כאַווער פרישמאַן האָט געוואָלט זי באַזעצן אין דײַן צימער, נאָר איך האָב קאַטעגאָריש דערוווידערט. ס'איז ניט עטיש און ס'קאָן אַרונטערײַסן ניט נאָר דײַן אווטאָריטעט, נאָר אונדזער אַלעמענס. מיר זײַנען פּעדאַגאָגן, און מיר טאָרן ניט...

איך האָב געוואָלט דערהערן כאָטשבי אַ שאָרך פון דעם צווייטן צימער, נאָר ליובעס רײַ־דערײַ האָט געשטערט. סאָפקאָלסאָף איז ליובע דאָך געקומען צום סייכל, און שליאָפּענדיק מיט סיאָמעס ריזיקע שטעקשיך, וואָס זי האָט אַרופגעכאַפּט אָף די פּיס, איז זי אַוועקגעלאָפן אין שכיינעסדיקן צימער, באַלד זיך אומגעקערט און מיר געהייסן וואַרטן:

— זי טוט זיך אָן.

איך האָב געוואַרט אַן אייביקײַט. וויפל צײַט דאַרף מען עס זיך אָנטאָן? ס'איז, אַפּאָנעם, ווידער סמענעס אַ שפּיצל — אָף אויסצופּרוּוון מײַן געדולד. נאָר אָט האָט זי זיך באַוויזן אָף דער שוועל פון איר צימער. זי האָט זיך אָנגעטאָן אַזוי, פונקט ווי ס'וואָלט געווען אָנהייב אָוונט אין כאַרקאָוו און זי קלײַבט זיך גיין אין קולטור־פּאַלאַץ אָף אַ יוגנטלעכן באַל.

כ'האָב געקוקט אָף איר עלעגאַנטן זשאַקעטל, ניט וואַגנדיק אַ קוק צו טאָן אין איר פּאָנעם. כ'האָב ניט געזען, נאָר געפילט דעם העלן גלאַנץ פון אירע אויגן. מיר האָבן זיך דערלאַנגט די הענט.

— וויאַזוי ביסטו דערפאָרן? — האָב איך געפרעגט.

— אויסגעצייכנט. און דו?

— אויך אויסגעצייכנט, — האָב איך געענטפערט.

— איך בין זייער צופרידן, וואָס דײַן כאַווערטע איז געקומען, — האָט זיך אַרײַנגעמישט ליובע. — זי וועט זיך בײַ אונדז אַקלימאַטיזירן. איך האָב איר דערציילט וועגן די פּערספּעקטיוון פונעם יישעוו, געגעבן לייענען די געהעריקע ליטעראַטור וועגן ווײַטן מיזרעך...

אין צימער איז געווען דושנע, און איך מיט סמענען זײַנען אַרויס אין דרויסן און זיך געלאָזט גיין איבער דער גאַס.

מיר האָבן געהאַט וועגן וואָס צו ריידן. איך האָב געדאַרפט בײַ איר פרעגן: פאַרוואָס זי האָט אין משעך פון אַ גאַנצן יאָר מיר געענטפערט אָף מײַנע בריוו סאַכאַקל צוויי מאָל — מיט טרוּ־קענע קאַלטע בריוולעך, אָף אָפּצוקומען? פאַרוואָס האָט זי אפילע ניט אָנגעשריבן, אַז זי קומט

צו פאָרן? אזא רײַזע, וואָס זי האָט געמאכט, איז דאָך ניט קיין נעסיִעלע פון כארקאָוו קיין קאראטשאָווע אָדער מערעפע? סמענע האָט געוויס אויך געהאט וואָס צו פרעגן בא מיר. א מאָל צוואנציק זײַנען מיר געגאנגען הין און צוריק איבער דער איינציקער גאס. עס האָט אָנגעהויבן שאַריִען אף טאָג. עס איז געוואָרן קילבלעך. פון די שטאַלן האָט זיך שוין געטראָגן דער פרימאָרגנדיקער אויסגערוטער רוף פון די בעהיימעס, וואָס ווילן, מע זאָל גיכער אָפּנעמען בא זיי דאָס גוטס, וואָס האָט זיך פאר דער נאכט אָנגעקליבן אין די אײַטערס. אהין, צו דער מילך־פערמע, האָבן שוין געאײַלט די מעלקערנס, מיט מארלענע טיכלעך אף די קעפּ.

— ווי געפעלט דיר דאָ? — האָב איך סמענען געפרעגט.

— זאָג נאָר דײַן ליובען, זי זאָל מיר אופהערן לייענען לעקציעס. איך וועל זיך אקלימאטיזירן אָן איר. איך שטעל זיך ניט פאָר, וויִאזוי דער מאן אירער, וועלכן זי רופט ניט באם נאָמען, נאָר „כאווער פרישמאן“, האלט אויס פון איר.

— זי איז א טײַער מיידל, — האָב איך ליובען גענומען אונטער מײַן שוץ, — און זי האָט א גאָלדענעם ברודער.

מיר זײַנען צוגעגאנגען צום הויז, ווו איך ווין, און זיך אָפּגעשטעלט לעבן נידעריקן פלויט; דערנאָך האָבן מיר זיך אומגעקערט צו פרישמאנס שטוב און זיך ווידער אָפּגעשטעלט. ס'איז שוין געווען גאָר ליכטיק.

צוויי באלמעלאָכעס — איינער מיט א זעג, דער צווייטער מיט א האק און מיט א קעסטל געצײַג — זײַנען דורכגעגאנגען פארבײַ אונדז. סיאָמע פרישמאן איז ארויס פון שטוב און זיך געלאָזט גיין צו דער געבײַדע פון דער קאָלווירט־פארוואלטונג.

— ווו וועלן מיר מאָרגן... כ'מיין, הײַנט זיך טרעפן? — האָב איך געפרעגט און אליין זיך פאנאנדערגעלאכט פון מײַן נארישער פראגע.

וואָס הייסט ווו? א ליבער און באָענט געוואָרענער, איז דער קליינטשקער יִשעוו מיט זײַנע עטלעכע צענדליק הײַזער געלעגן פאר אונדזערע אויגן, ווי אף דער דלאָניע...



# העברעיִשע דיכטער פון דער שפּאַנישער תּקופֿה

יעהודע האַלייווי

## שטיל אויפֿן ים

א רעגע ווערט שטיל אפן יאם, און עס ליגן
די כוואַליעס בארוט, ווי א טשערעדע אין פעלד.
די נאכט, ווען די זון פארגייט, שטייַגט אוף מיט שטערן;
א האר איבער זיי — די לעוואָנע זיך שטעלט.

א נעגערן, אָנגעטאָן אין קליידער אין בלויע,
באזעצט מיט סמאראגדן, מיט גאָלד־האפט באברעמט,
און שטערן אין יאם — אזוי ווי צעטומלט,
ווי מ׳וואָלט פון דער היים זיי פאַריאָגט אין דער פרעמד.

און טיף אינעם יאם זיי צינדן אָן פייַער
און פלעמעלעך, ענלעך צו זיך אליין,
און ווי נאָר דער יאם און די נאכט דערלאַנגען,
איז הימל און וואסער געשליפן און ריין.

און יאם איז ווי הימל, אוןביידע איניינעם —
אזוי ווי צוויי יאַמען זעען זיי אויס,
און ס׳הארץ מייַנס אינמיטן — א יאם איז א דריטער
מיט כוואַליעס פון נייַע געזאַנגען צעברויזט.

## אָפֿרה

אין וואסער פון מייַנע טרערן וואשט אירע קליידער
אָפֿרה און טריקנט זיי פאר דער זון פון איר כיין.
זי זוכט קיין קוואל־וואסער נישט — זי האָט מייַנע ביידע
אויגן, און ניט קיין זון, — ווייַל זי לויכט אליין.

### אָפֿרה דערציילט פון איר געליבטן

ווען כ׳האָב אף די קני אים געצערטלט מיט מיידלשן ברען,
האָט ער זייַן געשטאלט אין מייַנע שווארצאפלען דערזען.
ער האָט מיר ביידע אויגן געקושט אזוי ווילד, —
געקושט האָט ער ניט מייַנע אויגן, נאָר זייַן אייגן בילד.

### אָפֿרה צו איר געליבטן, וואָס שלאָפט

שטיי אוף, מייַן געליבטער, פון שלאָף, איך בעט דיך,
איך וויל אף דער וואך מיט דייַן פּנים זיך זעטן.
און כאָלעמט זיך דיר, אז ס׳קושט דיך א מיידל,
וועל איך דיר שוין דייַן כאָלעם באשיידן.

# בעכערס

ליידיקע בעכערס אָן ווײַן זײַנען שווער —
שערבלעך, פּאַשעטע שערבלעך פון ערד.
גרינג ווערן זיי, פול מיט ווײַן, ווען זיי שטראָמען,
גרינג, ווי א גוף, וואָס פאַרמאָגט א נעשאָמע.

# צום געליבטן

פון מיר מײַן געליבטן הארציק לאָזט גריסן
און פרעגט אים, וואָס האָט ער מיר בלוט צו פאַרגיסן.

איר זאָלט צו אים רעדן מיט גוטן און בעטן,
עס זאָל מיט מײַן פּײַן אים געגנוג זײַן זיך זעטן.
פאַר שלאָפלאָזע אויגן אין נעכט אין די שפּעטע

דעם שלאָף זאָל ער אומקערן מיר, אז איך זאָל אים
די מעגלעכקײַט האָבן צו זען כאָטש אין כאָלעם.

מײַן ליבער, פאַר אים איז מיר ס׳לעבן ניט טײַער,
און ער שיקט דעם טויט אָן אף מיר, זײַן געטרײַער,
דער האר פון מײַן גאָרטן איז ער, פון מײַן פײַער,

פון באַקן פון זײַנע — מײַנע בסאָמים די פײַנע,
מײַן לעבנס־באַלזאַם — פון די אויגן פון זײַנע.

נו יאָ, זײַנע אויגן, ווי פײַלן, זיי פלאָגן
דאָס הארץ פון זײַן פרײַנט, און זיי נאָגן און שלאָגן, —
נאָר די, וואָס עס פרייט זיי מײַן בראָך, וועל איך זאָגן:

אפילע מײַן פרײַנט זאָל א סוינע מיר ווערן,
איז יאָך פון זײַן ליבע אף אקסלען מיר גערן.

פון אויצרעס מיר ליבער די נאַכט איז געבליבן,
ווען כ׳האָב מײַנע בריסטן געדריקט צו מײַן ליבן,
געזויגן און אויסגעפּרעסט כ׳האָב פון די ליפּן

מײַן האָניק דעם זיסן, מײַן ווײַן, וואָס איז לויטער,
און כ׳האָב אים געקושט זײַנע באַקן די רויטע.

ער האָט פון קרישטאָל פון זײַן מויל — אף צו שטילן
מײַן דאָרשט — מיך באַטרונקען מיט ווײַן פון זײַן פרילינג,
ביז זאַט פון די קושן ער האָט מיך באַווילִיקט.

# וועגן צעשיידונג

ווער ס׳זעט מיך, ווונדערט זיך און פרעגט, וואָס איז דער צאָרן,
וואָס האָט אזוי פאַרפינצטערט די שײַן פון מײַן פּאָנעם.
איך ענטפער: „מײַנע ליבע ווײַט אוועקגעפאָרן,
און זיי פאַרפירט האָבן מײַן זון און מײַן לעוואָנע.

נאָך זייער אָפּשיידונג ווי קאָן איך לעבן רויִק,
אז זיי זײַנען מײַן ווונד, און זיי זײַנען די רעפוע.
דערמאָן איך זיך אָן זיי, פאַרקלעמט א ווײ א שאַרפער,
ווי ס׳וואָלט מײַן הארץ אין צײַנער פון א לייב זיך וואָרפן״.

## אפן יאם

איז א מאבל אראָפּ און געמאכט כאַרעוו די וועלט,
ס׳איז אין ערגעץ קיין טרוקענע ערד ניט צו זען,
ניט קיין מענטש, ניט קיין כייַע, ניט קיין פויגל אין לופט.
איז שוין אויס? איז שוין אומגעבראכט אלץ, וואָס געווען?

ס׳וואָלט מייַן אויג זיך דערפרייט זען א בארג צי א טאָל,
און א מידבער א וויסטער וואָלט דערקוויקט מייַן געמיט, —
כ׳קוק ארום און ארום, און ס׳איז גאָרנישט ניטאָ,
אויסער הימל און וואסער און די שיף אין דער מיט,

און א פיש א לעוויאָסן, וואָס בויטעט די טיף,
און די טיף די צעשוימטע זעט אויס גרוי און אלט,
און אזוי ווי א גנייווע באם יאם איז די שיף,
און ער שעמט זיך מיט איר און באדעקט און באהאלט.

און עס צאָרנט דער יאם — און איך פריי זיך, דערום
ווייַל צום טעמפל פון גאָט מייַנעם נע׳נטער איך קום.

## א ליבע-ליד

גיי ארויס און האלט מילכאָמע מיט דעם קאָרבן פון דייַן גלוסט,
און מיט פלאם פון שיידונג צינד די ליבע אין מייַן שויס,
כ׳בין דיר נימעס שוין, דערפאר אנטבלויזסטו קעגן מיר א שפּיז, —
איך בין נימעס זיך אליין, איז נעם דייַן שפּיז, אנטבלויז.

טייַערע, ניט גוט איז, ס׳זאָל דער פרייַנט דייַנער געפאנגען זייַן.
קום אהער, די רייַטער פון צעשיידונג נעם פארטרייַב,
און דאָס בעט פון פייַן פארוואנדל אין א בעט פון גליק, —
זויג מיט מילך און האָניק אָן דייַן געליבטנס לייַב.

## צו אָפּראָן

הירשן מייַנע, מיט דייַן שיינקייַט האָסטו מיך געפאנגען
און געצווונגען אין געפאנגענשאפט דיר קנעכטיש דינען.
נאָר פון זינט מיר האָבןביידע זיך געמוזט צעשיידן,
עפּעס ענלעכס צו דייַן שיינקייַט קאָן איך ניט געפינען.

כ׳עס א רויטן עפּל צו מייַן מאָלצייַט, און זייַן דופט איז,
ווי די דופטן פון דייַן כיין, דער רייעך פון דייַן אָטעם,
און זייַן בוי — דער בוי פון דייַנע בריסטן, און זייַן אויסזען —
אין דער רויטקייַט, וואָס אף דייַנע באקן שייַנט, גערעאָטן.

## צו א קאלע אין איר כופּע-קלייד

גיי ארויס, מייַן טייַער מיידל, דו, וואָס זיצסט אין הארצן,
און די בליצן פון דייַן שייַן זאָלן פלאמען צינדן.
שייַן ארויס פון דייַנע האָר, ווי די זון אין הימל,
ווען זי שייַנט ארויס פון וואָלקנס אין א טאָג א לינדן.

שוין גענוג איז דיר צו זיצן אזוי טיף באהאלטן,
צו דײַן פרײַנט, וואָס וועקט די ליבע, גיי ארויס, געטרײַע,
און דײַן פרײַנט פון דײַנע ליפּן אויסהאַקן וועט פּערל,
אזוי ווי דו האָסט אויסגעשלאָגן פון זײַן הארצן פײַער.

## דאָס מיידל צוויִאָ

די נאכט, ווען ס׳מיידל צוויִאָ האָט אנטפּלעקט פאר מיר
דעם ברען פון אירע באַקן, דעם בלענד פון אירע האָר,
איז אף דעם ווײַסן שלייף פון אירע האָר דאָס גאָלד,
ווי א רובין געווען אף ליטערן קרישטאָל —
געגליכן צו דער זון, וואָס מיט איר אופגאנג־שײַן
באגיסט זי פלאַמיק־רויט די וואָלקנס פון קאַיאָר.

## צו א פרײַנט

עס האָבן מיר די יאָרן מײַנע צוגעזאָגט כאַלוימעס
און גליקן אלערליי, וואָס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן,
און פון די אלע צוזאָגן איז מיר בלויז געבליבן
א הארץ־פעלער און ווייטעקן, וואָס מײַנע ביינער זויגן.

איך האָב געזוכן: פאראן אין פעלדער פולע פעטע זאנגען,
און מײַנע זאנגען איך געפין שטענדיק מאָגער, ליידיק.
פון אלע מײַנע נאָענטע איך בין געבליבן איינזאַם,
א ברודער כ׳בין פון זאָרג און אומרו און א פרײַנט פון ליידן.

און ס׳איז מײַן טרייסט מײַן איינציקע, מײַנע בעסטע פריידן —
די בריוו די ליבע פון מײַן ברודער זען מיט מײַנע אויגן.
ווײַל ס׳האָבן אלע פרײַנט מײַנע פון הייכן מיך געשלײַדערט,
און זײַן גוטפרײַנטשאפט האָט פון אָפּגרונט מיך ארויסגעצויגן.

ער האָט מיר צוגעזאָגט, און איצט — ער האָט די צײַט פארזאמט שוין,
פארזאמט מיר צושיקן א גרוס; איצט גריסט מיך שוין ניט קיינער.
איך גאר א גרוס פון דיר צו האָבן, ניט קיין גאָלד מיט זילבער,
איך וויל א בריוו, ניט קיין קרישטאָל און ניט קיין איידלשטיינער.

וואָס האָב איך נאָך צו פאָדערן, וואָס קאָן די צײַט מיר געבן?
צי קאָן א מענטש דען נאָכן טויט צו לעבן נאָך באגערן?
גענוג פונמײַנטוועגן — גענוג, אז איך זאָל פון דיר הערן:
דײַן האנט איז שטארק, דו ביסט געזונט, און ס׳גייט דיר גוט אין לעבן.

## און ענטפער צו איינעם,
### וואָס פרעגט, פארוואָס דער דיכטער האָט אופגעהערט צו שרײַבן לידער

ווען אומריין איז געוואָרן און פארדאָרבן איז דער קוואל פון ליד,
דאַן האָב איך אים פארמיִעסט, און עס עקלט פון אים מײַן געמיט.
ווײַל ווי זאָל דען א יונגער לייב ארויסגיין צו זײַן ברעג,
אז קליינע פיקסלעך דרייען זיך ארום דאָ אף דעם וועג.

# צעשיידונג

פארוואָס, מײַן הירשן, זאָלסטו אויסמײַדן דײַן גרוס
פון דײַן געליבטן, וואָס מיט וווּנדן פול זײַן ברוסט איז?
דו ווייסט ניט, אז דײַן פרײַנט וויל גאָרנישט פון דער צײַט,
צו הערן נאָר א גרוס פון דיר זײַן אײנציקע גלוסט איז.

אויב זיך צעשיידן איז אונדז ביידע שווין באַשערט,
איז וואַרט א ווײַלע, כ׳זאָל דײַן פּאָנעם זען דאָס שיינע,
איך ווייס ניט, צי אין ברוסט געבליבן איז מײַן האַרץ,
צי ס׳איז מײַן האַרץ אוועק אין וועג מיט דיר איניינעם.

כ׳שווער בא דער ליבע! ניט פארגעס די טעג פון גלוסט,
ווי איך געדענק די נעכט פון לײַדנשאַפט פון דײַנער.
אזוי ווי דײַן געשטאַלט אין כאָלעם צו מיר קומט,
אזוי זאָל מײַן געשטאַלט אין כאָלעם דיר דערשײַנען.

א יאַם פון טרערן צווישן דיר און מיר עס ברויזט
מיט כוואַליעס, און איך קאָן צו דיר אים ניט אריבער,
נאָר דו, ווען צוגיין וואָלסט צו אים, פאר דײַנע טריט
געשפּאָלטן וואָלטן זיך די וואַסערן די טריבע.

ווען נאָך מײַן טויט דערגרייכן זאָל צו מיר דער קלאַנג
פון גאָלד׳נע גלעקלעך, וואָס אף דײַנע קליידער קלינגען,
צי פרעגן וואָלסט אף מיר, — פון קייווער כ׳וואָלט ארויס,
דיך און דײַן ליבע צו באַגריסן און באַזינגען.

ס׳איז דו האָסט דאָך דאָס בלוט פארגאָסן פון מײַן האַרץ,
צוויי אײדעס האָב איך — דײַנע באַקן און די ליפּן.
ווי קאָנסטו זאָגן „ניין״, קוק אָן די אײדעס צוויי —
אין זייער פארב איז מײַן פארגאָסן בלוט געבליבן.

פארוואָס ווילסטו מײַן טויט? און מײַן באַגער איז דאָך
וואָס מערער צוגעבן דיר יאָרן צו דײַן לעבן.
דו רויבסט מײַן שלאָף אין נעכט פון גלוסט, און איך בין גרייט
דעם שלאָף פון מײַנע אויגן דיר אוועקצוגעבן.

דײַן ליבע־פײַער טײַכן טרערן טריקנט אויס,
פון טרערן ווערן הערצער שטיינערנע צעריבן,
און — ווײ! — מײַן האַרץ איז איצט אין יאַם פון מײַן געוויין
און אין דעם גליִענדיקן פײַער פון דײַן ליבע.

מײַן האַרץ — אין גיפט פון שיידונג און אין האָניק־זאַפט
פון דײַנע קושן, — ס׳צאַפּלט צווישן זיס און ביטער.
האָסט אויסגעקלאַפּט מיט דײַנע רייד ווי בלעך מײַן האַרץ,
דערנאָך מיט דײַנע הענט אף דראָטן עס צעשניטן.

ווען דײַנע רויטע ליפּן כ׳זע אף דײַנע ציין —
דער אויסזען פון רובינען אף סאַפּפיר מיר דאַכט זיך.
דײַן פּאָנעם איז א זון, און דו פארדעקסט איר שײַן
מיט פינצטערער נאַכט, מיט דײַנע וואָלקנס האָר די שוואַרצע.

אין זײַדנס און אין האַפּט דײַן קערפּער איז פארצויגן,
מיט כיין און רייץ פארצויגן זײַנען דײַנע אויגן,
די מיידלעך צירן זיך מיט איידלשטיין פון יוּוועלירן,
און דו — די שטראַלן פון דײַן שיינקײַט דיך באַצירן.

די זון און די לעוואָנע און די שטערן אין דער הייך
דיר ברידער און שוועסטער זײַנען זיי וואָלטן זיך פאַרגינען,
און זין און טעכטער וואָלטן דאַן זיך פילן פרײַ,
ווען זיי וואָלטן, ווי קנעכט און דינסטן, דיך באַדינען.

איך בעט אײן גאָב נאָר בא דער צײַט: דעם פֿאָדעם־רויט
פון דײַנע ליפן און פון היפטן דײַנע — דעם גאַרטל.
מײַן פרישער האָניק צווישן דײַנע ליפן טריפט,
און צווישן דײַנע בריסטן — מײַנע דופטן צאַרטע.

איך טראָג דיך, ווי א סיגנעט אַף דער האַנט, האָלעווײַ
וואָלט איך א סיגנעט־רינג אַף דײַנע הענט געבליבן.
פאַרגעסן כ'זאָל מײַן רעכטע און מײַן לינקע האַנט,
אויב כ'וועל פאַרגעסן, מײַן גאזעל, דײַן יוגנט־ליבע.

ס'ווערט ביטער אַפן האַרצן פון צעשיידונג, ווען
ס'דערמאָנען מײַנע ליפן דײַנע קושן זיסע.
מײַן דופט כ'וועל אויסמישן מיט דײַן בסאָמים־דופט,
דאַן עפשער אין מײַן אָטעם כ'וועל דײַן קוש געניסן.

פאַר אַלע פרויען לויבגעזאַנגען ברענגען רום,
און דו — דײַן נאָמען איז א רום פאַר די געזאַנגען.
אין ליבע־פעלדער צווישן טעכטער בוקן זיך
די ליבע־זאַנגען זייערע צו דײַנע זאַנגען.

האל'ווײַ וואָלט איך דערלעבט, פון אונטער דײַנע טריט
זאָל איך געווירצן קלײַבן, שמעקנדיקע בלומען,
דײַן שטים איצט הער איך ניט, נאָר אין פאַרבאַרג'נער טיף
פון האַרץ האָב איך דעם קלאַנג פון דײַנע טריט פאַרנומען.

דעם טאָג, ווען דו וועסט אַף קאָרבאָנעס פון דײַן גלוסט
זיך אומקוקן, די טויטע אומקערן צום לעבן,
אויך מײַן נעשאָמע זאָלסטו אומקערן — אין וועג
איז זי מיט דיר אוועק, כ'האָב דיר זי אָפּגעגעבן.

דערמאָן דײַן פרײַנט מיט גרוס, מײַן הירשן, אויב די צײַט
וועט פרעגן, וואָס איז דײַן פאַרלאַנג און דײַן באַגערן,
און קום צוריק. אהיים, צום אָרט פון דײַן באַגער,
זיך אומקערן דער מעכטיקער זאָל דיר באַשערן.

שלוימע איבן גווירואָל

---

# א יוגנט-ליד

איך בין דער זינגער, און די ליד איז מיר א קנעכט,
א פידל פאַר אַלע זינגער און שפּילער איז מײַן יונג לעבן.
מײַן קערפּער גייט ארום דאָ האַרט בא דער ערד,
און איבער די וואָלקנס מײַן גײַסט טוט שוועבן.
און איצט, ווען זעכצן יאָר מיר ווערט,
איז מײַן פאַרשטאַנד, ווי כ'וואָלט אכציק שוין לעבן.

# אין שטורעם און געוויטער

כמארעס האָבן אין דער הייך גערעוועט, ווי די אָקסן,
ווײַל דער ווינטער האָט געוויטערט מיט א בייזן צאָרן,
און געיאָגט פון דעם געוויטער האָבן שווארצע וואָלקנס,
ווי די הארן אף געיעג, געבלאָזן אין די האָרנס.

אין א פינצטערניש די הימלען האָבן זיך פארלאָרן,
זי האָט אלע מאָרגנשטערן מיט דער שײַן פארשלונגען.
ס׳האָט די זון איבער דער וועלט די וואָלקנס אומגעטראָגן,
ביז זיי האָבן אופגעפלאצט, צעפראלט זייערע שלונגען.

בלעכן רעגן האָבן ווינטן אויסגעקלאפט פון וואָלקנס
און צעהאקט אף דראָטן, וואָס ביז אָפגרונטן דערגייען,
האָבן זיי די אקערערד צעווייקט און אופגעשלאָגן,
און די בייטן אף די פעלדער צוגעגרייט צום זייען,

און אנטפלעקט די זעט פון בערג, וואָס איז געווען פארבאָרגן,
ווי די סוידעס, וואָס א מענטש באהאלט, מע זאָל ניט וויסן.
וואָלקנס האָבן ביטערלעך געוויינט א גאנצן ווינטער —
ביז פון טויט האָבן אופגעלעבטביימער און געוויקסן.

מ ו י ש ע  א י ב ן  ע ז ר אָ

---

# א רוף צו טרינקען ווײַן

ס׳איז די צײַט פון קעלט אנטלאָפן, ווי א שאָטן. אירע רעגנס
און די פערד און רײַטער אירע זײַנען לאנג אריבער.
ס׳האָט די זון אין „מאזל שאָף"[1] געטראָפן אין איר קרײַז־וועג
צווישן שטערן, ווי א קיניג צווישן פרײַנט און ליבע.

ס׳האָבן זיך אין בלומען־הוטן אויסגעפוצט די בערגלעך,
און דער טאָל האָט אָנגעטאָן א העמד פון גראָזן גרינע,
אין די נאָזלעכער ער שיקט אונדז זײַנע שארפע רייכעס,
ער האָט ווינטער־טעג באהאלטן טיף, ניט צו געפינען.

גיב דעם בעכער, — זאָל ער אומקערן מײַן פרייד מיר ווידער
און זאָל אָפטאָן פון מײַן הארצן, אויסרײַסן זײַן טרויער;
לעש די פײַער־פלאמען פון מײַן הארץ מיט מײַנע טרערן,
ווײַל א ברענענדיקער צאָרן אין מײַן הארצן לויערט.

און זאָלסט פון דער צײַט זיך היטן, ווײַל אירע געשאנקען
זײַנען מיט א טראָפּן זיס־פארמישטער גיפט פון שלאנגען,
טרעפט, אז מיט איר גוטסקײַט טוט א גלאנץ דיר דער פרימאָרגן,
מעגסט זיך ריכטן, ס׳וועט קאפויר דער אָוונט דיר דערלאנגען.

טרינק א גאנצן טאָג — ביז ער וועט אויסגיין און זײַן זילבער
וועט די זון באדעקן מיט איר שקיִע־גאָלד דעם קאלטן.
טרינק די נאכט — ביז זי וועט א פינצטערע אנטלויפן
און עס וועט שוין דער באגינען פאר די טריט זי האלטן.

---

[1] „מאזל שאָף" — זאָדיאַק־צייכן, וווּ די זון גייט דורך אין פרילינג.

## קוואָרים

ווו געפינען זיך די קוואָרים
פון געשטאָרבענע פאַרצײַטנס?
מ׳האַקט א קייוער אף א קייווער,
מ׳לייגט א טויטן אף א טויטן.
אין דער ערד צוזאמען ליגן
קאַלעכשטיינער און רובינען.

## אָן מאזל

1

צו מײַן געבוירן האָבן ספּערן און פּלאַנעטן
אָפּגעניגט פון וועג אראָפּ אין זייער גאנג.
ווען כ׳וואָלט מיט ליכט געהאנדלט, וואָלט די זון אין הימל
ביז מײַן לעצטן טאָג פארבאַכט שוין ניט פארגאַן.

איך מי זיך, איך זאָל גליק געפינען, און איך קאָן ניט,
ס׳איז שלימאזל פון די שטערן מיר באַשערט.
ווען כ׳וואָלט געהאנדלט מיט טאכריכים, וואָלט קיין מענטש שוין
מײַן גאנץ לעבן ניט געשטאָרבן אף דער ערד.

2

כ׳קום גאנצפרי צום האר און פרעג,
זאָגט מען, ער איז שוין אוועק,
כ׳קום אין אָוונט, איז שוין שפּעט,
מ׳זאָגט, ער ליגט שוין לאנג אין בעט,
אָדער אף זײַן פערד ער רײַט,
אָדער — ליגט שוין אף א זײַט.
ווײ איז צו דעם קאַפּצנס יאָרן,
ער אָן מאזל איז געבאָרן.

אימאַנועל פון רוים

## א ליבע־ליד

איך האָב געזאָגט צו איר: „ווי שיין ביסטו, מײַן אָפרא,
דײַן פּראַכט און גלאַנץ ווער קאָן דען שאצן און דערציילן.
אויב דײַנע אויגן וועלן מיר מײַן הארץ פארוווּנדן,
וועסטו מיט דײַנע הענט די ווונדן מיר פארהיילן.

איז האָב אף מיר ראכמאָנעס און דערלויב מיר, כ׳בעט דיך,
מיט בלומען פון דײַן גלוסט, מײַן טײַבעלע, זיך קוויקן“. —
ס׳האָט אָפרא זיך אזוי דערפרייט מיט מײַנע ווערטער
און האָט אף מיר געוואָרפן אירע ליבע בליקן

און ענטפערט: „מיט צוויי זאכן קאָנסט מײַן ליבע קריגן,
און זאָל דײַן קלוגשאפט אויסווײַלן זיך איינס פון ביידע!
איך וועל מײַן מיידלש לײַב אַף גאָבן צוויי צעטיילן,
און קלײַב זיך אויס פון זיי די ערשטע צי די צווייטע.

מײַן גארטל וועט צווישן ביידע זײַן דער גרענעץ,
פון אונטן איין גאָב, און די צווייטע גאָב פון אויבן!
פארטיף זיך אין די טיפן, צי הייב זיך אין די הייכן,
ווײַל ביידע גאָבן נעמען וועל איך ניט דערלויבן!"

איך האָב זי אויסגעהערט און ניט געוווסט, וואָס טוט מען:
צי נעמען זיך אַף רעכטס, צי לינקס זאָל איך זיך נעמען?
איך האָב געשעפט איר איידל לײַב מיט מײַנע אויגן,
און האָב געזאָגט: „איך בין פארפאַלן, מעגסט זיך שעמען!

כ'האָב ניט געוווסט ביז איצט, אז דו ביסט אזא קארגע,
זאָלסט דײַן געליבטן ניט פארגינען, ניט פארגלויבן!
נאָר פון דײַן קאָוועדס וועגן, דיך ניט צו פארשעמען
פון ביידע גאָבן כ'קלײַב זיך אויס די גאָב פון אויבן".

דערהערט דעם ענטפער מײַנעם, איז מײַן ליבע אַפראַ
געוואָרן אזוי פריילעך און האָט זיך געשוואָרן:
„איך שווער דיר בא דער ליבע, בא דײַן גלוסט איך שווער דיר, —
עס זינגט אין מיר דאָס הארץ! איך שווער בא מײַנע יאָרן,

דערפאר, וואָס דו האָסט אזא איידלקײַט באוויזן,
וועל איך ביז צו די טריט אראָפּלאָזן מײַן גארטל,
און דײַנס וועט זײַן אינגאנצן, דו וועסט זײַן דער הערשער
פון ביידע שיינע קיניגרײַכן די געגארטע".

און דאן בין איך געגאנגען מיט מײַן ליבער אַפראַ,
ביז צו איר קאַלט־בעט זײַנען מיר געקומען,
איר האָניק כ'האָב געגעסן, אויך איר ווײַן געטרונקען,
און כ'האָב געקליבן אירע שמעקנדיקע בלומען.





דעם 3 יול ווערט 75 יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן ליפע רעזניק, איינער פון די ערשטע שעפער פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור.

ליפע רעזניק איז מער באוווסט אלס דיכטער; ער איז אויך געווען א דראמאטורג, א ליטעראטור־פאָרשער, א פעדאגאָג. אין די אלע געביטן האָט ליפע רעזניק איבערגעלאָזט מערקבארע שפורן.

צו די אופטוען פון ליפע רעזניקן דארפן פארעכנט ווערן זײַנע איבערזעצונגען פון דער העברעיִשער מיטלאלטערלעכער דיכטונג. די לידער פון שלוימע איבן גוויראָל (1021—1055), יעהודע האלייווי (1075(?)—1141), מוישע איבן עזראַ (1055—1139), אימאַנועל פון רוים (1268—1330), אווראָם איבן עזרא (1092(1093)—1167) אין דער איבערזעצונג פון ל. רעזניק האָבן אָפּגעקלונגען הײַנטצײַטיק באם סאָוועטישן לייענער.

מיט אָט דער וויכטיקער פאר דער ייִדישער דיכטונג פובליקאציע באצייכענען מיר דעם 75־טן געבורטסטאָג פון ליפע רעזניק.



ריווע באַליאַסנע

# נאָך דער גאָלדענער פּאַווע

דעם זיידן האָט מען גערופן יאַנקל. האָט מען איר א נאָמען געגעבן נאָך אים — יאַנע. די באָבע — זי האָט גע־הייסן סאָרע — א קליין ווײַבעלע מיט כיין־גריבלעך אַף בײדע באַקן — האָט שטאַרק ליב געהאַט יאַנען. אָן איר קיין טראָט ניט געטאָן, קיין ביסן ניט אַראָפּ־געשלונגען.

— יאַנעלע, מירן גיין אין אַפּטייק? דער אַפּטייקער האָט זיך נאָכגעפרעגט אַף דיר... יאַנעלע, מירן גיין צום טײַך? די קאַטשקעס בענקען נאָך דיר...

ניט אַזוי דער אַפּטייקער, ניט אַזוי די קאַטשקעס, ווי די באָבע סאָרע. לײַטן האָבן געטײַנעט, אַז יאַנע איז דער זיידע יאַנקל מיט די ביינער. וועט שוין זײַן מיט מאַזל. מירן שוין א קוק טאָן, וואָס פאַר א מאַזל יאַנע וועט האָבן. דערווײַל זעט מען עס ניט. דער טאַטע איז אַוועקגעפאָרן אין אויסרײַסעניש זוכן אַרבעט, און יאַנע מיט דער מאַמען האָבן אויך געמוזט איבערלאָזן די באָבע סאָרע איינע אַליין אינעם קליינעם שטיבעלע, ווײַל מע האָט באַדאַרפט פאַרדינען אַף ברויט...

דאָ, וווּ יאַנע וווינט איצט, איז שוין א גאַנצע שטאָט, ס'איז פאַראַן אַפילע עלעקטרע און וואַסער־לייטונג. עמעס, ניט בא אַלעמען. אין דער באָד־גאַס, וווּ יאַנע וווינט, צינדט מען קעראָסין־לעמפּלעך אין אָוונט, שלעפּט מען וואַסער פון דער קרעניצע, דערפאַר זײַנען דער טײַך און די באָד סאַמע אונטער דער נאָז.

די שטאָט, וווּ יאַנעס מאַמע, עסטער, האָט געקראָגן אַרבעט, האָט א לאַנגע געשיכטע. נאָר וויאַזוי מע רופט זי, די שטאָט, וועל איך ניט אויסזאָגן. זאָל דאָס זײַן מײַן סאָד. ניט אַלע מענטשן האָבן ליב אויסהערן דעם עמעס וועגן זיך, און איך שרײַב וועגן יאַנען און אַנדערע דעם ריינעם עמעס. אַנדערש קאָן איך ניט.

## קאַפּיטל איינס

דו ביסט פּונקט ווי ווײַנשל־צוויט, ווען עס כאַפּט אים אונטער דער ווינט. א פאַרשײַטע, טראָגסטו זיך אַנטקעגן יעדער געפאַר.

אָט קומט דער אָוונט אין שטוב אַרײַן, און לויט דײַנע בײַלן דערקענט די מאַמע, פון וועלכע ביימער דו ביסט הײַנט געשפּרונגען, מיט וועמען פון די יינגלעך דו האָסט זיך הײַנט געפּאַטשט און וויפל מאָל זיך געבאָדן. ווי די מאַמע זאָל ניט זײַן פאַרנומען, נאָר אין אָוונט, בא דער שײַן פון קעראָסין־לעמפּל, דערזעט זי אַלע דײַנע בײַלן און סיניעקעס, יעדער נאַס הערעלע און יעדער טרער.

— צאָרעס מײַנע ביטערע, ניטאָ צו אײַך קיין רעפוע. וועסט דאָך ווען־ניט־איז ברעכן האַלדז־און־נאַקן, כאָלילע, דערטרונקען ווערן, ס'איז דאָך טעטערעוו, ניט קיין קאַליוזשע...

און עסטער נעמט נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל צוקוועטשן מיט א ברייט מעסער די בײַלן אַף יאַנעס שטערן.

— און אַרעלע מעג? — פרעגט יאַנע און שטעלט אָן אַף איר א פּאָר אויגן, וואָס גיסן זיך איבער בא דער שײַן מיטן קאָליר פון פרישן האָניק.

א גאַנצע וואָך מוז יאַנע שאָלעם מאַכן מיט א סאַך זאַכן: מיט עסן וואָס עס מאַכט זיך, מערסטנטייל הערינג מיט קאַרטאָפליעס, מיט וואַרטן אינעם קעלער ביז שפּעט אין אָוונט אַף דער

מאמען... אָבער דערפאר איין מאָל אין וואָך — שאבעס — בלייַבט עסטער אף א גאנצן טאָג מיט איר אין דער היים.

אף שאבעס שפּאָרט די מאמע אָפּ פאר יאנעס וועגן א שטיקל געפילטע פיש און א געפּלאָכ־טענעם קוילעטש.

— פּיק־פּיק! — פלעגט די מאמע עסטער לאכן. — עפּשער וועסטו פאר שאבעס אונטער־וואקסן. ביסט דאָך בא מיר גרויס, ווי א קאץ זיצנדיק.

אז די מאמע עסטער וויל, ווערט ליכטיק און פרייליך אין יעדן ווינקעלע. וואָס קען דען ניט די מאמע עסטער! זינגען און טאנצן, צוטראכטן מייַסעס און לאכן, ווי פרייליכע קוועלכליך פריי־לינג־צייַט. דער אומגליק איז, וואָס די מאמע לאכט זעלטן. נאָר אין גרויסע יאָמטויווים. ווייינען וויינט זי אָפּטער. אָט די טרערן, שווערע נאכט־טרערן, האָט יאנע ניט איין מאָל געזען. די מאמע האָט זיך אפילע אָנשטויסן ניט געקאָנט, אז א קינד פון זיבן יאָר קאָן ליגן באנאכט און פארטייַע־טערהייט, מיט א פארקלעמט הארץ הערן דער מאמעס שטיל שלוכצן.

האָר זייַנען בא עסטערן שווארצע. די זילבערנע פעדעם פאסן גאָר ניט צו די אויגן, זיי זייַנען לענגלעך אויסגעצויגענע, די יונגע אויגן אירע, און די ציכטיקע בלויקייַט זייערע באהאלט זיך צווישן די געדיכטע וויִעס.

יאנע ווייסט, אז די מאמע איז א שיינע. מענטשן זאָגן עס. יאנע האָט אליין געהערט: „אייַ, ווען דאָס ווייַבל טוט מען נאָך אָן ווי ס׳באדארף צו זייַן!..” נאָר די מאמע וויינט ניט צוליב איר הוילעך, ניט דערפאר, וואָס איר איז שווער. גיכער פון אלץ דערפאר, וואָס דער טאטע קומט ניט און איר יאנע וואקסט ווי, לעהאוודל, א יעסוימע... יאנע פארשטייט עס, כאָטש די מאמע דער־ציילט איר גאָרנישט וועגן טאטן. זי מיינט נאָך אלץ, אז איר יאנע איז א ברעקל. נאָר וויפל קאָן מען זייַן קליין, אויב דו וואקסט צווישן פיר ווענט און ס׳איז פאראן אזויפיל צייַט פאר טראכטע־ניש. די מאמע קומט שפּעט א מידע. בא דער מאדאם האָרנשטיין, בא וועלכער די מאמע עסטער ארבעט, איז פאראן גענוג גרעט און גענוג צימערן. פאר דער ארבעט באקומט די מאמע פופצן רובל א כוידעש.

— דאָס איז ניט ווייניק, — טייַנעט זי צו יאנען. — אנדערע באקומען נאָך ווייניקער. פאר אזא געלט מוז די פלייצע ווויי טאָן...

עפּשער איז דאָס עמעס. נאָר פאר דער דירע דארף מען צאָלן, דער באָבען דארף מען שיקן כאָטש דרייַ רובל א כוידעש. א שוך מוז מען פאריכטן, א קליידל קויפן. ווי זאָגט ראָכל די בעדערן: „ריבוינע־שעל־אוילעם, ווו נעמט מען געלט אף די מעציִעס?” יאנע פארשטייט דער מאמעס דייַגעס. זי קאָן נאָר ניט באנעמען איין זאך: פארוואָס העלפט זיי ניט דער טאטע?

— ביסט נאָך א שנעקל, ער איז א ווילער בא אונדז, — מאכט זיך עסטער הארץ. — טו זיך בעסער אויס. מע דארף דיך אויסבאָדן. זעסט דאָך, אז דער באניאק פלאצט פון לויפעניש.

יאנע טוט זיך אויס און קריכט אריין אין דער באליע. די מאמע רייַבט מיט אלע צען פינגער יאנעס אָנגעזייפטן קאָפּ האָר, דעם האלדז. א סוואָרע, אז בא יאנען הינטער די אויערן איז א היפש ביסל בלאָטע. די מאמע זאָגט, אז מע קאָן דאָרט פארזעצן קארטאָפליעס. עפּשער איז זי גערעכט.

ערשט דעמלט, ווען דער קאָפּ מיט די אויערן זייַנען אויסגעקאשערט און יאנע גלאנצט, ווי אן אָפּגעריבענער סאמאָוואר, דערזעט עסטער, וואָס עס טוט זיך מיט אירע קני, מיט אירע ליטקעס.

— אוי, — שרייַט זי אזש אויס, — ווער האָט דיך אזוי צעמאזיקט? ביסט ווידער געשפרונ־גען פון די טאָפּאָליעס? און דאָס איז שוין ארעלעס ארבעט, זייַנע סיניעקעס. וואָס זשע, מע שלאָגט דיך און דו גיסט קיין אויסגאָב ניט? די ערשטע קריך ניט. נאָר אויב עמעצער שלאָגט, ענטפער. קוק ניט, וואָס דו ביסט א מיידל. ארל מיינט, אז ער איז באלעבאָס איבער דיר, פונקט ווי זייַן מאמע איבער דער קלייט...

עסטערס בלויע אויגן ווערן אזש שווארץ פאר צאָרן. יאנע האָט ליב, ווען די מאמע בייזערט זיך... נאָר ניט אף איר, כאס־וועכאָלילע. איצט פארגעסט די מאמע גיך איר קאס, מע דארף זיך גרייטן צום מאָרגעדיקן וויזיט. דער מאמעס מאדאם, כייַקע האָרנשטיין, האָט זיך מיצקעדרינגען פארגלוסט אָנקוקן יאנען. קיין שענערס ניט געזען. זי וויל הערן יאנעס לידער.

ס׳איז דען פאראן עפּעס שענערס אין דער וועלט, ווי לידער? ווען ניט זיי, וואָס וואָלט יאנע געטאָן? ראמט זי, איז מיט א ליד. שיילט זי קארטאָפליעס, ווידער מיט א ליד. שרעקט זי די פינצטערניש, טרייַבט זי אוועק דעם פאכעד מיט דער ליד.

זומער פארכלינעט זיך יאנע אין א יאם קלאנגען. פון יענער זייַט טייַך, אינעם וואלד, בא די בערעזקעס, ווער קאָן דערקענען, ווו איז יאנע און ווו זייַנען די פויגלען. יאנע האָט ליב אין דער אָוונטיקער טונקלקייַט די בערעזענע ווייַסקייַט. ס׳דוכט זיך איר, אז יעדע בערעזקע איז

געגליכן צו איר מאמען, צו איר שטילן ווײַסן שמייכל. לאכט ניט! א שמייכל האָט אויך זײַן קאָליר. עס קאָן זײַן א רויטער און א שרײַענדיקער שמייכל. און ס׳קאָן זײַן א ווײַסער און א שטילער, פונקט ווי בא איר מאמען.

לייע, ארלס שוועסטער, זאָגט, אז זינגען דארף מען זיך לערנען. יאנע פארשטייט עס ניט. מע קאָן דען אויסלערנען זינגען א מענטשן, אויב עס זינגט זיך אים ניט! זינגען דארף מען, ווען אלץ אינווייניק זינגט אין דיר. ווען ס׳קומען אליין די ווערטער...

...קאיאר. דער הימל איז פּיאָלעט־ראָזעלעך. די זון קריכט ארויס פון הינטער דעם וואלד. דאָס בערגל, פון וועלכן יאנע נעמט לייס אף שמירן דעם פּריפּעטשיק, איז ווי א געלע לאַטע, אָנגענייט אף דעם הימל־בלוי. יאנען וועקן די פויגלען: זיי ווייסן, אז יאנע טאָר ניט פארשלאָפן.

די מאמע טראָגט איר צו דאָס פּייסעכדיקע קלייד, די נײַע געלע שיך, גלעט צו מיט א בערשטל די צעשויבערטע לעקעלעך אירע און דערמאָנט איר ווידעראַמאָל:

— זע נאָר, זאָלסט דאָרטן קיין שאָדן ניט אָנטאָן. צעברעכסטו עפּעס, וועל איך זיך ניט אויסקויפן מיט מײַן גאנצן דאַבערי מאזל. אויב מע וועט דיך בעטן עפּעס עסן, זאָג זיך אָפּ. זאָלן זיי ניט מיינען, אז דו ביסט א הונגעריקע בא מיר. זינגען מעגסטו. אָפּצולאָכעס זיי, באַווײַז, וואָס דו קענסט.

זי איז שטענדיק פארנומען, די מאמע עסטער. נאָר נעכטן האָט זי אלץ אָפּגעטאָן: איבערגע־וואשן דאָס וועש נאָכן באָדן זיך, פארוקט אין אויוון א טשאָלנט און אפילע א פּײַנקוך אָפּגעבאַקן. הײַנט קאָנען זיי שפּאצירן, ווי די פריצים. מיט דער מאמען שפּאצירן איז א פארגעניגן. זי איז הויך און שלאנק. מע קוקט זיך אום אף איר. יאנען טוט עס האנאָע.

אָט זײַנען זיי שוין דורך דעם בולוואר. געקויפט באַם פּעטער פּײַוויש צוויי פּאַרציעס מאָ־ראָזשענע. דאָ טאַקע זיך צוגעזעצט און אויסגעלעקט ביז א טראָפּן.

דוואָריאנסקע איז פון יענער זײַט בולוואר. האַרנשטיינס הויז שטייט אָנהייב גאַס. א פײַן הויז. א גאנצער פּאַלאַץ. זיי גייען ארײַן. יאנע ציט די מאמע אף רעכטס, זי האָט דערזען א גרויסן שפּיגל אין א גאָלדענער ראַם, נאָר די מאמע עסטער פירט זי אף לינקס, אין קיך ארײַן.

— מירן זיך אָפּרוען א ביסל, זיך אָנווארעמען...

צוליב וואָס זיך ווארעמען, אז אין דרויסן סמאליעט די זון! גיי פארשטיי!

די קעכנע איז א געזעצטע ייִדענע מיט רויטלעכע אויגן, א סוואָרע — פון דער שטענדיקער היץ. רופן רופט מען זי פייגעלע. זי איז א גוטע, פייגעלע. אָט טראָגט זי צו יאנען א פּאָר שטי־קלעך שטרודל און טוט א קרעכץ:

— א ווערטעלע, א פרעמדע שטוב מיט אזא גוטס... דאָס קינד קאָן זיך דערשרעקן.

עסטער לאַכט:

— וועט איר שוין, דאָס גראָד ניט. יאנע איז בא מיר ניט פון די שרעקעוודיקע. יאנקעלע מאַזיק...

זיי גייען ארויס פון קיך. עסטער — פאָרויס, און יאנע נאָך איר. פּלוצעם שטעלט זיך יאנע אָפּ. זי דערזעט זיך אין פּארקעט, פונקט ווי אין שפּיגל. פון אויבן זי און אונטן אויך זי. יאנעס שיכלעך הייבן זיך אָן גליטשן אליין פון זיך. זיי זײַנען נאָך נײַע, ניט באוויזן זיך אָפּרײַבן. פאָרן זיי, ווי אף אײַז.

— כאַ־כאַ־כאַ! — דערהערט זיך א געלעכטער מיט א הוסטערײַ. — א קאָמישע מויד... וואָס קוקסטו אין פּאָל ארײַן? קוק בעסער אף אונדז.

יאנע גלײַכט זיך אויס און ווערט דערשטוינט. א ווײַבעלע מיט א שפּיצעכיק נאָזל. אף דער אייבערשטער ליפּ — א בראָדעווקע מיט דרײַ הערעלעך. פונקט ווי א שווארצער טראָפּן וואָלט אף שטענדיק פארגליווערט געוואָרן.

לעבן איר זיצט א יונגערמאן מיט טונקעלע אויגן אונטער די ברילן. יאנע האָט זיך גלײַך באַרויִקט. עס זײַנען פאַראַן אזעלכע אויגן: רײַנע, רויִקע, טיפע, ווי צוויי ברונעמס.

— נו, גיי צו נעענטער, — ווענדט זיך צו יאנען א הויכע פרויען־שטים. — דו האָסט ליב שאָקאָלאַד? — די מאַדאַם אליין בייגט זיך אָן און דערלאַנגט איר א פּליטקע שאָקאָלאַד. — באַ־האַלט און זינג אונדז עפּעס...

— מאַדאַם, — שיסט אויס יאנע, — די מאמע האָט מיר אָנגעזאָגט בא אײַך גאָרנישט ניט עסן. זי קויפט מיר אליין, וואָס איך וויל. און זינגען — וועל איך שפּעטער, ווען עס וועט מיר ווערן א ביסל פריילעכער.

עסטער ווערט רויט, דערנאָך ווײַס און ווידעראַמאָל רויט. דער פּעטער מיט די ברילן שמייכלט:

— נארישקײַטן. זינג בעסער. די מאמע דערלויבט, — ווינקט ער צו עסטערן.

אויב די מאמע הייסט, דאַרף מען פאָלגן. בעסער אָנהייבן פון „אמאָל איז געווען א מײַסע“.

איר קאָל קלינגט צוּורשט ניט דרייסט. ס'איז איר עטוואָס קאַלט פון דער גלאַנציקער פּאַד־לאָגע און פון די שנירעלעך פּערל אָף דער מאַדאַמס האַלדז. נאָר דערנאָך צעוואַרעמט זי זיך. יאַנע הערט נאָר, ווי עס פּאַכעט די ליד, ווי א פויגל מיט בײדע פליגל: „דאָס פּייגעלע פונעם נעסט אַנטלאָפן, ליולינקע, ליולינקע, מײַן פייגעלע, ליולינקע, מײַן קינד...“

ווען זי האָט פאַרענדיקט, זײַנען אַלע געבליבן זיצן שטיל, אַן א וואָרט צו זאָגן.

— אַן אַבסאָליוטער געהער. אויב דאָס קינד וועט פאַרהיטן די שטים, וועט עס זײַן אַן אויצער, — האָט ענדלעך געזאָגט דער יונגערמאַן אין די ברילן.

כײַקע האַרנשטיין האָט געשײַנט פאַר נאַכעס. פונקט ווי זי וואָלט אַליין אַן אויצער געפונען:

— דערפאַר האָב איך טאַקע דאָס קינד פאַרבעטן, פאַניע קעלבערין. איר טאַטע האָט אַזוי געזונגען, אַז אַלע כאַזאָנים פון שטעטל האָבן געמעגט בא אים די הרובע הייצן. מיר וועלן זי שוין לערנען זינגען! בא דער מאַדאַם קון אין פּאַנסיאָן. איך נעם עס אָף זיך. אַנטאָן פאַר איר וועט אויך זײַן. בא מיר אָפן בוידעם איז פאַראַן גענוג זאַכן. פאַר איר וועלן זיי זײַן ווי אָנגע־מאָסטן. בעסער פון נײַע. דאַנקט ניט, עסטער! דאָס זײַנען דאָך אַלטע זאַכן.

יאַנע האַלט ניט אויס. זי דערפּילט, ווי טרערן שטיקן זי.

— קום, מאַמע, קום פונדאַנען! איך דאַרף ניט קיין אַלטע זאַכן. דער טאַטע וועט קומען און וועט מיר אַלץ קויפן. און אין פּאַנסיאָן וועל איך אַליין אָנקומען... דאָרטן לערנען זיך נאָך קינדער פון אונדזער גאַס. איך קען שוין לייענען.

יאַנע איז אַרויסגעפלויגן פון האַרנשטיינס פּאַלאַץ, ווי א קויל.

## קאַפּיטל צוויי

לערנען האָט זיך יאַנע אָנגעהויבן אונטער אַרעלעס פענצטער. ס'איז געווען אָנהייב זומער. טיר־און־טויער אָפן. אַרלס רעפּעטיטאָר, פּײַוויש דעם גלעזערס זון, האָט גערעדט אַזוי, אַז מע האָט געהערט ווײַט אַרום.

אָשער האָט נאַרוואָס געענדיקט די היגע גימנאַזיע. דער טאַטע האָט גענוג געצויגן דעם קליאַק פון די ביינער, ביז ער האָט דערלעבט צו זען זײַן זון „א געקאָנטשעטן“.

איצט דאַרף דער „געקאָנטשעטער“ אָשער צאָלן דעם טאַטן פּראָצענט — העלפן שטעלן אָף די פיס די קלענערע. לויפט ער אַרום איבער פּריוואַטע „אוראָקן“, גרייט ייִנגלעך אין גימנאַזיע.

דורך די ברילן האָט אָשער גוט געזען, אַז יאַנע שטייט אונטערן פענצטער און שלינגט יעדעס וואָרט. די אייגלעך ברענען. דאָס קלײַנדיקע נעזל שוויצט. ווי האָט מען האַרץ דורכ־טרײַבן אַזאַ קינד! און אויב איר מאַמע האָט ניט קיין קלייט, וויל דאָס קינד זיך ניט לערנען? האַלעווײַ וואָלט אַזוי אַרל געוואָלט! אַרעלע איז געווען ניט נאָר א פּוילִיאַק, נאָר א טעמפּער קאָפּ.

— הער נאָר, אַרעלע, — ווענדט זיך צו אים דער לערער, — מיר וועלן נאָך לאַנג כאַזערן די קייפל־טאַבעלע? ווידער א גרײַז. זעקס מאָל זעקס איז זעקס און דרײַסיק.

אַרל ווערט רויט:

— אין זיך ווייס איך, אָבער אַז איר פרעגט מיך, פאַרפּלאָנטער איך זיך.

— וואָס איז, איך האָב הערנער? איך טראָג נאָר ברילן, קיין הערנער טראָג איך ניט, — שמייכלט דער לערער. — נו, טו א טראַכט: וויפל איז פיר מאָל פיר?

— פיר און צוואַנציק! — שיסט אויס אַרל.

יאַנע פּלאַצט אויס א געלעכטער:

— בעהיימע. פיר מאָל פיר איז זעכצן.

— אָט זעסטו: יאַנע, שטייענדיק באַם פענצטער, האָט שוין אויסגעלערנט די קייפל־טאַבעלע, און דו טאָפּטשעסט זיך אָף איין אָרט. וואָס וועלן מיר טאָן אָף די עקזאַמענעס?

אַרל צערעוועט זיך:

— איך וועל פאַרמאַכן די פענצטער, וועסטו א מאַקע זיך אונטערהערן, וואַרט אויס, איך וועל דיך אַרײַנשטופּן אין טײַך אַרײַן, וועסטו דערטרונקען ווערן.

יאַנע הערט אים פאַר א דרײַער. זינט די מאַמע האָט דערלויבט געבן אויסגאַב, באַצאָלט זי אים מיט א שמיציק פאַר יעדן שטופּ, פאַר יעדן דראַפּ.

נאָר די פענצטער פאַרשפּאַרט ער גלײַך. מוז שוין יאַנע בעמיילע אוועקגיין.

שאַבעס, ווען עסטער איז אַרויס אָפן גאַנעקל כאַפּן א ביסל לופט, באַגעגנט זי טיליעטשקע מיט א באָרעך־האַבע, מיט א גוט־שאַבעס.

— וואָס הייסט, — טײַנעט זי, — קאַרג האָב איך געטאָן פאַר אײַך? שיך געגעבן אָף אויס־צאָלן, א פּלאַטקעלע אָף פּייסעך... הײַנט די דירע! איר ווינט דאָך בא מיר האַלב אומזיסט... נעמט אײַער יאַנע און פאַרשוואַרצט אַרלען דאָס פּאָנעם פאַרן לערער. ניט לײַטיש פון איר זײַט.

איר וואָספּיטעוועט זי ניט. נו, און אויב מײַן אַרל האָט ניט קיין קאָפּ פון קיין מיניסטער און אײַערע איז אַ מאַזיק, דאַרף מען זי ניט וואָספּיטעווען?

פאַר קאַס קערעוועט זיך טיליע אויס צו עסטערן מיטן הינטן. עסטער שווײַגט און ווישט אַ טרער: שלעכט איז דעם געמיינעם. און דאָס קינד? עס רײַסט אויס דאָס האַרץ. עס וויל זיך נעבעך לערנען. לאָזט מען עס אַפילע צו די פענצטער ניט צו...

נאָר אַרל מיט יאַנען זײַנען יאַקאָס דורכגעקומען. קינדער בלײַבן קינדער. אין אַ וואָך אַרום איז געוואָרן שאָלעם.

אָנהייב האַרבסט איז יאַנע אַוועק אין פּאַנסיאָן אַף גרויס־זשיטאָמירער, די מאַדאַם קון זאָל זי אויסהערן, און האָט אויסגעשאָטן פאַר איר אַלץ, וואָס זי האָט געוווּסט.

די אַלטע לערערן האָט ניט אויסגעהאַלטן. די ברענענדיקע אויגן און דאָס פּאַריסענע נעזל האָבן באַ איר אויסגענומען. ס'האָט אונטערגעקויפט אויך איר קומען אַליין, אָן עלטערע. מע האָט יאַנען צוגענומען אין ערשטן קלאַס.

פאַר עסטערן איז דאָס געווען אָן אומגעריכטע מאַטאַנע. די גרעסטע פרייד פאַר די לעצטע יאָרן.

יאַנע האָט זיך צוגעכאַפּט צום לערנען — ניט אָפּצורײַסן. טאָג ווי נאַכט באַם ביכל. ווער ביילקע, וואָס אַרל. ניטאָ דער טײַך, די גליטשערס, פאַרוואָרפן די ליאַלקע... יאַנע לייענט. „אַ כאַראַקטער, — טראַכט עסטער, — פונקט ווי דער טאַטע אירער. האָט זי עפּעס ליב, איז מיט לײַב־און־לעבן“.

דאָס געל־בלויע פּײַערל אינעם קעראָסין־לעמפּל ציטערט. אָט איז די פּײַער־צונג צו לאַנג געוואָרן. יאַנע דרייט אײַן דעם קנויט און לייענט ווײַטער. „דער מענטש, וואָס לאַכט“. אַ שרעק, וואָס אַ מענטש קאָן איבערלעבן! אויב מע דאַרף, קאָן ער זײַן שטאַרקער פון אײַזן. יאַנע וויינט אויש פון ראַכמאָנעס.

עסטער טרעפט יאַנען מיט פאַרטריקנטע טרערן אף די באַקן, אַ שלעפעריקע. זי נעמט דאָס קינד אף די הענט, לייגט עס אַוועק אפן בעט, שלעפט פּאַוואָליע אַראָפּ פון דעם דאָס אָנטאָן. טוט אַ שטילן זיפץ, ווישנדיק מיטן נאַסן האַנטעך יאַנעס פאַרוויינט פּענעמל. יענע לאָזט טאָן מיט זיך, וואָס די מאַמע וויל. זי איז אויסגעהונגערט נאָך דער מאַמעס לאַסקע.

קוקט עסטער אף יאַנען. ס'איז ביטער און זיס איינצײַטיק. צי וועט איר סטײַען קויכעס האָרעווען נאָך אַ צענדליק יאָר, שטעלן דאָס קינד אף די פיס. „אײַ, מיכל, מיכל, וואָס האָסטו אָפּגעטאָן מיט אונדז! — טראַכט זי. — ניט געקאָנט, ווי אַנדערע, רויק לעבן אף דער וועלט. געלאָפן פון קייסער זוכן גליקן. צי האָסטו געפונען וואָס, ווייס איך ניט, נאָר פאַרלאָרן אף געוויס...“

## קאַפּיטל דרײַ

געוויינלעך גייט דאָס לעבן אין דער דאָזיקער קליינער שטאָט שטיל און געמאָסטן, ווי אַ נימעסער האַרבסטיקער רעגן פון אינדערפרי ביז אָפּדערנאַכט, פון אינדערפרי ביז אָפּדערנאַכט... נאָר ס'איז דאָך דאָס זעכצעטע יאָר, דאָס דריטע מילכאָמע־יאָר. זײַן אָפּהילך דערקײַקלט זיך אויך אַהער. אָט באַקומט אַ שכיינע די וויסטע בסורע, אַז איר מאַן איז געפאַלן אפן שלאַכטפעלד פאַר דעם קייסער מיקאָלקע. אָט באַוואַיזט זיך אין גאַס אַ נײַער קאַליקע אף צוויי מיליצעס.

וואָס האָט יאַנע געקאָנט וויסן וועגן דער רעוואָליוציע, וואָס רוקט זיך אָן, וועגן פּיטער און לענינען, וועגן באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס? אויב די מאַמע האָט עפּעס יאָ געוווּסט, האָט זי אויך געשוויגן.

און באַ דער שוועל איז שוין געשטאַנען דאָס זיבעצעטע יאָר, דאָס הילכיקע זיבעצעטע יאָר.

אין שטאָט איז פאָרגעקומען אַ געשעעניש, וואָס האָט אַלעמען אופגערודערט. עפּשער די ערשטע שוואַלב, וואָס האָט אָנגעזאָגט, — די קריזיע האָט זיך געריירט.

עס האָט געקאָכט ווי אַ קעסל. כאַווע קראַוועץ, דאָס שענסטע מיידל אין שטאָט, איז אַנטלאָפן פון איר נעגידישער שטוב מיט אַ פּראָסטן רוסישן באָכער.

— איז דאָס אַמאָל געהערט געוואָרן? — טײַנען באַלעבאַטים. — הײַנטיקע יוגנט האָט דען גאָט אין האַרצן? באַ זיי איז ווערט אַ שמעק טאַבעקע טאַטע־מאַמע, דער ריבוינע־שעל־אוילעם. אַ באַלעבאַטישע טאָכטער זאָל אַנטלויפן פון אַזאַ גוטס צו אַ פּראָסטן גוי אין פּאָסטעלעס! דער הימל איז באַ דער ערד...

די שטאָט־ייִדענעס האָבן, דאַנקען גאָט, געהאַט וועגן וואָס צו ריידן.

— איר האָט שוין געהערט, — האָט טיליע געטײַנעט, — וואָס עס טוט זיך באַ רעב אַלטערן? מע זיצט דאָרטן שיווע נאָך דער מעשומעדעסטע. שאַבעס האָט רעב אַלטער פאַר אַלעמען

זי פארשאָלטן. אוי, האָט ער געיאָמערט! און דאָס טעכטערל, — ווישט טיליע אויס א טרער, — האָט מינאַסטאַמע קיין כליפּע ניט געטאָן. פארלאָזט אזא שמאַלץ־גרוב און איז אוועק פאָלען קארטאָפליעס, ווי א פּראָסטע דאָרף־שיקסע. סיציליסטן אָף אונדזער קאָפּ!

דאָס איז טיליע, וועלכע האָט א טעווע איבערקערן אלע ווערטער מיטן קאָפּ אראָפּ, נאָך וועטשערע ארויסגעקראָכן א צעפּארעטע אין הויף ארייַן און האָט פארקניפּט א געשפּרעך.

— אוי, עסטערל, בין איך אייַך זומער־צייַט מעקאַנע! בא אייַך איז קיל, א מעכייַע! בא אונדז קאָן מען צעשמאָלצן ווערן.

עסטער וואָלט זיך דאַפּקע גערן געביטן מיט די דירעס און מיט נאָך עפּעס אויך. נאָר זי שווייַגט. זאָל זיך שוין טיליע אויסריידן.

— אָט דער וואַנקע האָנטשארענקאָ איז א סיציליסט, זאָגט מען. ווען ניט דער סיציליזם, וואָלט ער כאַווען ניט פארשלייערט. ס'וואָלט אים קיין קויכעס ניט געסטייַעט.

סאָציִאַליזם זעט אויס בא טיליען ווי עפּעס א לעבעדיקע באַשעפעניש, וואָס האָט געהאָלפן איוואַנען. יאַנע שטיקט זיך פאר געלעכטער, הערנדיק, ווי די מאַמע עסטער פאריכט מיט אן ערנסטן אויסזען טיליען, זאָגט איר, ווי מע דארף אויסריידן דאָס וואָרט. מיכל האָט ניט איין מאָל דערציילט איר וועגן סאָציִאַליסטן, וועגן סאָציִאַל־דעמאָקראַטן, פּרוווט עסטער איינטאָל־קעווען טיליען אויך.

פאר יאַנען איז די מייַסע מיט כאַווען געווען אן אינטערעסאַנטע רעטעניש. זי וואָלט צופוס אוועק אין דאָרף א קוק טאָן אָף כאַווען. א ווערטעלע אויסצורייַדן: זיך שטעלן קעגן א גאַנצער שטאָט ייִדן, קעגן טאַטע־מאַמע!

יאַנען האָט אָפּגעגליקט. כאַווע האָט איר פארשפּאָרט די טירכע. ס'איז געווען א יאַריד־טאָג, און כאַווע איז געקומען אין שטאָט ארייַן מיט אַנדערע פויערטעס פארקויפן א זאַק קארטאָפליעס.

די יעדיִע וועגן כאַוועס קומען האָט זיך צעטראָגן אין איין קעהערעף־אייַן. די גאַנצע שטאָט איז ארויס אין מארק ארייַן.

ארום א גרויסן זאַק ראָזלעכע קארטאָפליעס איז געזעסן כאַווע. אירע גרויסע קארשן־אויגן האָבן מאַמזעריש געשמייכלט. זי האָט גוט פארשטאַנען, פארוואָס איז אין מארק הייַנט אזוי לע־בעדיק. מיטן גאַנצן אויסזען אירן האָט זי ווי געזאָגט: נו, איז וואָס? דער, וואָס האָט געזאָגט אלעף, האָט קיין מוירע ניט צו זאָגן בייס.

פּלוצעם האָט די מענטשן־כוואַליע זיך אָפּגעקייַקלט פון כאַווען. ארום איר איז געבליבן פוסט אָרט. דורך אלע קוישן און זעק האָט זיך געטראָגן צו איר דער ברודער לייזער. דעם וועג פון לוטיוּוקע ביזן מארק האָט ער דורכגעמאַכט פאר געציילטע מינוטן. ער איז געווען פארשטויבט און פארשוויצט, ס'האָט געזעצט פון אים א פּארע.

— מערדערן! — האָט ער אויסגעשריגן. — ווי דערלויבט זיך עס א מויד אָף צעפּיקעניש טאַטע־מאַמע קומען אין שטאָט ארייַן! דו ווילסט, זיי זאָלן פאר דער צייַט אוועק אָף יענער־וועלט?

כאַווע האָט נאָר באַוויזן א קוק טאָן אָף לייזערן און האָט א פאָל געטאָן מיטן גאַנצן קערפּער אָף ביידע צעפּ אירע. דער מארק האָט זיך צעזשומעט, ווי א בינשטאָק, ארומגערינגלט כאַווען פון אלע זייַטן.

— וואָס טוט איר, זי כאַלעשט דאָך... — האָט געשריגן א געלבלעכער ייִד מיט א שירעם אין דער האַנט. — ברענגט א ביסל וואַסער און לויפט נאָכן אַפּטייקער...

ווען יאַנע האָט זיך אומגעקערט מיט מאַטקאָווסקין דעם אַפּטייקער, איז שוין כאַווע געלעגן א פּיטש־נאַסע מיט אָפענע אויגן. ס'האָט גלייַך אָנגעהויבן שמעקן מיט אַפּטייק, מיט נאַשאַטיר־ספּירט און וואַלעריאַנקע. כאַווען האָבן די פויערטעס אוועקגעלייגט אָף א פור היי און אוועק־געפירט אין קליין־ראַטשע. מער האָט יאַנע כאַווען ניט געזען.

ווערדיק יאַנע האָט פארשטאַנען, האָט זיך די וועלט פונדעסטוועגן ניט איבערגעקערט דער־פון, וואָס כאַווע איז אוועק צו איוואַן האָנטשארענקאָ. די וועלט האָט זיך איבערגעקערט עטוואָס שפּעטער. דאָס אלטע צארישע רוסלאַנד האָט געפּלאַצט. דער קייסער ניקאָליי האָט זיך אָפּגע־זאָגט פון זייַן טראָן. פון די ווענט און פון די פּלויטן האָבן געשריגן פּלאַקאַטן און לאָזונגען: „קטאָ ביל ניטשעם — טאָט סטאַניעט ווסעם!"[1] מע האָט געזונגען נייַע לידער...

יאַנע האָט ביז איצט גאָר ניט געוווּסט, אז אזויפיל מענטשן זייַנען פאראַן אין זייער שטאָט. און אזויפיל גוטע רעדנער. מע האָט מיטינגירט שאָענלאַנג. זי איז ארופגעקראָכן אָף א בוים — זי האָט געוואָלט זען אלע רעדנער און הערן אלע רעדעס.

יאָסל טאָקארסקי, דער אויסגעדאַרטער יאָסל, האָט געהויבן אין דער הייך זייַנע ביידע מי־ליצעס און מיט א קלינגעוודיק קאָל געשריִען:

---

[1] ווער עס איז געווען גאָרניש, וועט ווערן אלץ (ווערטער פון דעם פּראָלעטארישן הימן „אינטערנאַציִאָנאַל").

— וואָס האָט אונדז נאָך געגעבן מיקאָלקע, כוץ הונגער, נויט און דאַכקעס, מילכאָמעס און בלוט? איבער וועמען האָב איך פאַרלאָרן מײַנע בײדע פיס, א קאַליקע געוואָרן אָפן גאַנצן לעבן? איבער מיקאָלקען, א פּעגירע אָף אים! אָף אונדזער בלוט און שוויס האָט ער געהוליעט... דאַלוי!

דער האַמוין האָט אונטערגעהאַלטן. מע האָט נאָר געהערט „דאָלוי" און „דא זדראַוו־סטווויעט"[1]...

צו קנאַפּע אַכט יאָר איז שווער אַלץ צו באַנעמען. נאָר יאַנע האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז די וועלט איז גרעסער געוואָרן. ס'האָבן זיך געעפנט פאַר איר אַלע גאַסן, אַלע טירן, אַלע לידער. זי האָט איצט פאַר קײנעם קײן מוירע ניט. דער גרעסטער באַשיצער אירער איז געוואָרן דאָס וואָרט „כאַווער".

דערפאַר די, וואָס האָבן געוווינט אין די געהויבענע הײַזער אָף דוואָריאַנסקע און אָף פּאָטש־טאָווע, זײַנען געוואָרן ווי אײַנגעהויקערט, קלענער אין וווקס, געסטאַרעט זיך ניט וואַרפן אין די אויגן. טיר־און־טויער פאַרמאַכט. די לאָדן פאַרהאַקט. די צוועלפער לאָמפן אויסגעלאָשן. אויב דער קייסער אַלײן האָט זיך אָפּגעזאָגט פון טראָן, וויאַזוי זשע זאָל כײַקע האָרנשטײן זיך האַלטן פאַר אירע וועלדער, פאַר אירע וואַסער־מילן, פאַר אירע צוקער־זאַוואָדן? מע וועט זיי סײַווי בא איר צונעמען. בעסער באַצײַטנס מאַכן פּלײטע. זי האָט אָפּגעזאָגט אַלע דינער און אַלע דינסטן. זי פאַרט קײן פּוילן.

מיט עסטערן איז זי זיך באַגאַנגען לײַטיש. אַפילע א טרער געלאָזט און איר פאַר גרויס גוטסקײַט געשענקט א שווערן זילבערנעם לעפל מיט א מאָנאָגראַמע.

## קאַפּיטל פיר

שוואַרצע קויכעס האָבן ווידער אופגעהויבן די קעפּ: פּעטליורע, מאַכנאָ, העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי, דײַטשן, דעניקין, פּאָליאַקן און באַנדעס. דוכט זיך, ניט געסטײַעט, אַנטרונען געוואָרן אין די ערשטע טעג פון אָקטיאַבער — און זיך ווידער אַרויסגעיאַוועט פון די באַהעלטענישן: „מיר האָבן געזאָגט, אַז ס'איז ניט אָף לאַנג..."

...צו נאַכט־צו איז דער גאַנצער הימל פאַרצויגן מיט רויט. די געשוואָלענע לעוואָנע האָט זיך ערגעץ באַהאַלטן. אַלע, וואָס האָבן נאָר געקאָנט, זײַנען אַרויסגעקראָכן פון שטוב. אַפילע לײבעש האָט פאַרלאָזט זײַן געמאָרע.

— פּסע! קוקט נאָר אָן דעם הימל... ניט אַנדערש, ווי עס ברענט אָווערבוכס מיל, — זאָגט לײבעש. — אָט וועט איר זען, מאָרגן וועט זײַן א ווינט...

ער ציפּעט דאָס בערדל, פאַרטראַכט זיך א רעגע און כאַזערט איבער:

— אָט וועט איר זען, אַז מאָרגן וועט זײַן א ווינט...

— אויב נאָר א ווינט, וואָלט נאָך געוועגן צו דערלײַדן. מע זאָגט, אַז פון אונטער פּאָטיַעווקע גײט סאָקאָלאָווסקי מיט זײַן באַנדע, — איז אים אַרײַנגעפאַלן אין די רייד טיליע. זי פאַרבײַסט די אונטערשטע ליפּ מיט די ברייטע פּעסטע צײן און טוט א זיפץ: — ס'וועט אויסקומען ווידער זיך בעטן אָף „פּאָסטוי" צום טויבן אַנדריי.

אַנדריי, דאָס איז דער שוסטער פון זייער גאַס, א גוטער מענטש. יאַנע האָט ליב צו אים אַרײַנקומען. אין א פאַרשמאָלצוועטן לײַוונטענעם פאַרטעך, וואָס איז שוין לאַנג ענלעך אָף א לעדערנעם, זיצט זיך דער הויכער טויבלעכער אַנדריי אָף זײַן נידעריק בענקעלע, האַלט אין מויל ווײַסע הילצערנע פלעקלעך און קלאַפּט אונטער מיט זײַן העמערל: טוק־טוק, טוק־טוק!

אָפן וואַרשטאַט קאָנט איר געפינען וואָס איר ווילט: וואַקס, דראַטווע, קרומע גרויסע נאָדלען, ראַשפּילעס און אָן א שיר שטיקלעך לעדער אָף לאַטעס: געלע, רויטע, שוואַרצע און ווײַסע. ס'צעלויפן זיך בא יאַנען די אויגן. איז אַנדריי אין א גוטער שטימונג, שענקט ער איר, וואָס איר האַרץ גלוסט. ווערט זי אים נימעס, שלעפּט ער אַרויס דעם שפּאַנדיר און מאַכט דעם אָנשטעל, אַז באַלד וועט זי בא אים אַרײַנכאַפּן. יאַנע שטעלט פיס. זי פאַרשטײט, אַז אַנדריי האָט הײַנט זיך אופגעכאַפּט אָף דער לינקער זײַט. ווײַזט אויס, אַז צווישן אים מיט מאַרוסיען איז עפּעס פאַרגעקומען. אַזוינס טרעפט בא זיי, ווען עס גלוסט זיך אים מאַכן א קויסע.

אויב יאַנען מיט דער מאַמען וועט אויסקומען זיך אויסצובאַהאַלטן, וועלן זיי גײן צו אַנ־דרייען. נאָר בעסער מע זאָל ניט דאַרפן צו אים אָנקומען. בעסער זאָל זיך אײַנשטעלן אָף שטענ־דיק די סאָוועטנמאַכט, און א סאָף.

---

[1] „נידער" און „זאָל לעבן".

...יענע זומער־נאַכט איז יאַנע געשלאָפן אומרויִק. יעדעס מאָל, ווען זי פּלעגט זיך אופֿכאַפּן, פֿלעגט זי באַמערקן די מאַמע באַם טיש אין אַנטאָן. פֿאַרוואָס ליגט זי ניט אין בעט? יאַנע האָט געוואָלט די מאַמע אויספֿרעגן, אַפֿילע זאָגן, זי זאָל זיך לייגן אין בעט אַריַין, נאָר זי האָט ניט געקענט. די אויגן־לעפֿלעך זיַינען פֿול מיט זאַמד. זי קאָן זיי ניט פֿאַנאַנדערקלעפֿן. נאָר פֿלוצעם האָבן זיך אין שלאָף אַריַינגעריסן ווילדע אויסגעשרייען. אין איין רעגע איז יאַנע אופֿגעשפּרונגען מיט אַ פּאָר אויסגעוואַשענע אויגן, און איידער די מאַמע האָט באַוויזן איר עפּעס זאָגן, איז זי שוין געווען פֿון יענער זיַיט שוועל. איבערן שליאַך טראָגן זיך ווילדע צעבייזערטע בריִעס אין ברייטע בלויע פּלודערן.

— האַ־האַ! — און איבערן שליאַך פֿליִען פֿעדערן, טאַנצן אינדערלופֿטן. פֿעדערן אין בלוט. וויַיס און רויטס.

יאַנע פֿאַרמאַכט די אויגן. זי לויפֿט און ווייסט ניט אַליין וווּהין. דער אינסטינקט פֿאַרטריַיבט זי גליַיך צו אַנדרייען. און ניט פֿרעגנדיק קיין איין וואָרט, פֿאַרקריכט זי אונטערן בעט און באַהאַלט זיך צווישן די שטויביקע קאַפּולן.

ערשט שפּעטער, ווען טיליע מיט איר גאַנצער מישפּאָכע האָט זיך אַריַינגעוואַלגערט צו אַנדרייען אַף „פּאָסטאָי״, איז יאַנע געקומען צו־זיך: אַ וויסטער ביזאַיען, איבערגעלאָזט די מאַמע איינע אַליין. וואָס וועט זי איבערטראַכטן? אין אַ רעגע אַרום איז זי שוין געווען אין שטוב און זיך אַ וואַלגער געטאָן צו דער מאַמעס פֿיס:

— קום פֿונדאַנען! וווּהין דו ווילסט, אַבי ניט זיצן דאָ!

— גוט, יאַנע, מירן גיין, — ענטפֿערט עסטער מיט אַ מאָדנער רויִקיַיט. — צו דער באָבע סאָרע. מיר האָבן זי שוין לאַנג ניט געזען, די באָבע סאָרע אונדזערע... — און זי לייגט צונויף אַ קלומעקל וועש, אַ פּאָר קליידלעך, דעם טאַטנס פֿאָטאָגראַפֿיע... שוין אין דער לעצטער רעגע דערמאָנט זי זיך אין דעם לעפֿל, אין דעם גרויסן זילבערנעם לעפֿל מיט דער מאָנאָגראַמע. „ער וועט צוניץ קומען. מע וועט אים קאָנען פֿאַרקויפֿן״. דעם שווערן לעפֿל בינדט זי גוט צו צו יאַנעס שלייקע. אויב מע וועט אין וועג זיי באַזוכן, וועט מען עפּשער דאָס קינד ניט טשעפּען.

...שטיל אין וואַלד. אַזוי שטיל, אַז די שטילקיַיט שרעקט שוין. עס שפּאַלט זיך אַ צוויַיג פֿון איבערגעטריקנטקיַיט, ציטערט יאַנע אוף. פֿאַלט אַראָפּ אַ שישקע פֿון אַ סאָסנע־בוים, נעמט זי לויפֿן.

אינמיטנדרינען דערמאָנט זיך יאַנע אין דעם לעפֿל. עפּעס פֿילט זי אַ מאָדנע פֿוסטקיַיט אַפֿן אַקסל. זי טוט אַ טאַפּ די שלייקע — פּוסט. די סטענגע הענגט, נאָר דער לעפֿל איז ניט געוואָרן.

— כ׳האָב, דוכט זיך, דעם לעפֿל פֿאַרלאָרן... הערסט, מאַמע?

באַץ! אַלע פֿינף פֿינגער לאָזט עסטער איבער אַף יאַנעס באַק. פֿאַר איבעראַשונג לאָזט זיך יאַנע לויפֿן. זי באַוואַשט זיך מיט טרערן. זי האָט דען אומיסטן פֿאַרלוירן דעם לעפֿל? איצט וויל יאַנע פֿאַרבליַיבן אַליין. זאָלן זי וועלף אופֿעסן, באַנדיטן דערהאַרגענען, זי וויל ניט, אַז די מאַמע זאָל זי שלאָגן!

יאַנע לויפֿט, און די צוויַיגן דראַפּען די הענט, דאָס פּאָנעם. זי פֿילט ניט... זי פֿליט. עסטער נאָך איר. ווער־וואָס? מע קאָן זי דען דעריאָגן? און פֿאַרוואָס קומט זי טאַקע פּאַטשן? דאָס קינד האָט דען אומיסטן פֿאַרלוירן דעם לעפֿל?

אומגעריכט פֿליט עסטער מאַמעש אַרויף אַף אַ גוואַלדיק הויכן פּאַרשוין מיט אַ קויל־שוואַרצער באָרד און נאָך מיט אַ ביקס דערצו, אָט האָסטו דיר!.. וואָס וועט זיַין מיטן קינד? „יאַנע, — וויל עסטער אויסשריַיען, — יאַנע!..״ נאָר זי קאָן ניט. עס כאָרכלט אין גאָרגל, און שוין... נאָר אין דער רעגע דערפֿילט עסטער, ווי איר קעצל שפּרינגט צו איר צו:

— נאַ דיר דעם לעפֿל. אָט איז ער, דאָס גליק! — און שוין צו דער באָרד: — און וואָס דאַרפֿט איר פֿון מיַין מאַמען?..

די באָרד לאַכט:

— אַ טשיקאַווע מויד! איך בין אַ וואַלד־וועכטער, אַ לעסניטשי, פֿאַרשטייסט? אין וואַלד מוז מען האָבן אַ ביקס. וווּהין לויפֿט איר אַזוי? — פֿרעגט ער שוין רויִק.

עסטער ענטפֿערט:

— קיין ברוסילאָוו, צו דער באָבען צו אונדזערער. באַ אונדז אין שטעטל איז אַ באַנדע.

— קיין ברוסילאָוו האָט איר ניט וואָס צו לויפֿן. אומעטום דאָס זעלבע. קומט שוין בעסער צו מיר. איר וועט באַ אונדז איבערזיַין די שלעכטע ציַיט...

באַם וואַלד־וועכטער אין שטוב שמעקט מיט טאַבאַק, מיט מיאַטע און מיט מאַנצבלשן שוויס. יאַנען געפֿעלן די גערוכן, די באָרד באַ דעם באַלעבאָס, די בלאָנדע קליינע פֿרוי זיַינע און די דריַי זין, שוואַרצע און וויַיסע. אייגנטלעך, וויַיס זיַינען בלויז צוויי מענטשן אין דער מישפּאָכע: די באַלעבאָסטע און דער מיזיניק. די איבעריקע זיַינען ווי ציגיַינער.

דער מיזיניק וואָלאָדיע איז עלטער פון יאַנען עפשער מיט א פּאָר יאָר. אף מאָרגן זייַנען זיי שוין געווען גוטע פריַינט. זיי האָבן זיך געגומען פאר די הענט און געשפּאַנט וווּהין די פיס טראָגן.

ס'איז בלוי און גרין ארום. זוניק. ווי דורך א זיפּ זיפּן זיך די זון־פלעקן אף די גראָזן און בלעטער. עס שוויַיגט דער ווינט, און קיין איין צוויַיגעלע רירט זיך ניט פון אָרט. ווער האָט זיך׳ עס גאָר געקאָנט ריכטן אף אזא איבערקערעניש? אומגעריכט האָט זיך דער וואַלד צעזשומעט. דער הימל איז געוואָרן שוואַרץ און וואָגיק.

פּלוצעם האָט א בליץ, ווי א צעבראָכענע ווירע, דורכגעשניטן דעם גאַנצן הימל, א הילכי־קער דונער האָט זיך צעטאַראַראַמט אף הויכע באַסאָווע טענער, און ס'האָט א כליאַפּע געטאָן א מאַבל.

די קינדער זייַנען פאַרלוירענע געבליבן שטיין. עס איז זיי אפילע ניט איַינגעפאַלן ערגעץ לויפן, אַן אלטער דעמב האָט אליין אויסגעשפּרייט צו זיי די אָרעמס: „ביטע! איך האָב פאַרגרייט פאר אייַך אזא מין ווייכע באַהעלטעניש. קומט אריַין!" זיי זייַנען אריַין אין דעם טיף אויסגע־הוילטן לאָך פון שטאַם און זיך אוועקגעזעצט עלנבויגן צו עלנבויגן אפן ווייכן מאָך.

די בלעטער זייַנען שוין אויסגעוואַשן און איבערגעוואַשן. די ערד האָט זיך שוין אָנגע־טרונקען, אפילע אָנגעזשליאַקעט, און עס האַלט אין איין גיסן. פּונקט ווי דער הימל זאָל אופ־עפענען אלע קראַנען און פאַרגעסן זיי פאַרדרייען.

יאַנע שוויַיגט, און וואָלאָדיע שוויַיגט אויך. עס איז איר אליין מאָדנע, וואָס זי קאָן אזוי לאַנג שוויַיגן. נאָר פּלוצעם דערהערט זי, אז די גאַנצע וועלט שוויַיגט אויך. מיטאַמאָל איז געוואָרן שטיל. די ביימער און דער הימל. די אויסגעבאָדענע זון און די בערעזקעס. אין יאַנעס קאָפּ הייבט זיך אָן די שטענדיקע סומאַטאָכע. אלץ רייַסט זיך פון דאָרטן אין דרויסן. וואָלאָדיעס אויגן זייַנען אָבער נאָך אלץ פאַרכאָלעמט. ער האַלט אין איין קייַען א גרעזעלע.

א מאָדנער פאַרשוין אָט דער וואָלאָדיע. גאָרנישט ארעלע־באַרעלע און אפילע ניט ביילקע. ווען ס'איז איר ניט קיין כאַרפּע, וואָלט זי א גלעט געטאָן זייַנע ווייַסע האָר, זייַנע געדיכטע ווייעס.

— קום, שוויַיגער, — ווענדט זי זיך צו וואָלאָדיען. — ס'איז שוין אויס רעגן. מע דאַרף זיך אומקערן. די מאַמעס וואַרטן.

גייען זיי. יאַנע — פאַרויס, און דער שוויַיגער — נאָך איר. ס'איז ליכטיק. דער נאָכרעגנ־דיקער וואַלד איז אָנגעגאָסן מיט פרישקייַט. דער הימל איז אזוי בלוי, אז עס שטעכט אזש אין די אויגן. יאַנע אָטעמט טיף אריַין אין זיך די דאָזיקע פרישקייַט, און אף א רעגע ווייַזט זיך איר אויס, אז זי איז ארויס פון א פאַרקישעפטן פּאַלאַץ נאָך א לאַנגן שלאָף און דער וועג צו דער מאַמען ליגט איבער וועלדער און טייַכן.

און אין דער היים האָבן זיך ביידע מאַמעס צעפּאָלאָכעט, ווי הינער אף דער סידעלע.

— אין אזא געוויטער פאַרקלייַבט מען זיך אין וואַלד? — האָט געבראָכן אַנטאָנינע ניקאָ־לייַעוונע די הענט. — ער איז דאָך בא מיר א שטילער... דאָס האָט יאַנע אים איַינגערעדט, — האָט זי זיך געווענדט צו עסטערן. — איוואַן סטעפּאַנאָוויטש זוכט זיי שוין וויפל שאָ.

...אין שטעטל, האָבן מענטשן דערציילט, איז שוין רויק. די רויטע ארמיי האָט זיך אומגע־קערט. דאַרף מען זיך אומקערן אהיים.

## קאַפּיטל פינף

ס'איז דען זייער שטאָט? וואָס איז געוואָרן מיט די גאַסן, מיטן בולוואַר? אינדערלופטן הענגט א געדיכטער רויך. די קוימענס שטייען, ווי בושלען, אף איין פוס. א צעריסענער איינשיט האָט זיך פאַרטשע־פּעט אין די שטאַכעטן און ווינט מאַמעש: „פאַרוואָס האָט איר מיך אויסגעלייזט?"

אף קליין־טשערנאָבילער, לעבן ציפּעניוקס הויז, שטייט א האַלב־אָפּגעברענטע שאַפע אָן טירלעך. אף א צוועקל בא א זייַט הענגט א ווינטערדיק היטל, און עס דוכט זיך, אז דאָס היטל זוכט זייַן באַלעבאָס, אָשער ציפּעניוקן. א פליושן בענקל האָט זיך צוגעשפּאַרט אף צווי פיסלעך צו א שטיקל וואַנט, ווי עס וואָלט וועלן זאָגן: „זעץ זיך צו, אָשער, רו זיך אָפּ..."

ניין! דער סטאָליער אָשער ציפּעניוק וועט שוין מער ניט קומען. מע האָט אים דערהאַרגעט.

יאַנע גייט מיט דער מאַמען איבער זייער גאַס זוכן טיליעס הויז. זייער געוועזענע וווינונג. נישטאָ. אוועק מיטן פייַער.

ארום האָרנשטיינס הויז — א לאַנגע ריי. דאָרט נעמט אוף דער קאָמיסאַר וואָראָביאָוו. עס קומט עסטערס ריי זיך אופהייבן אף די באַקאַנטע טרעפּ. אין האָרנשטיינס געוועזענעם קאַבינעט

שטייען בא די ווענט פּראָסטע געהובלטע בענק. דער באַקאַנטער לעדערנער דיוואַן איז שוין רעכט אָפּגעריבן. ווײַזט אויס, אַז ער שטייט ניט ליידיק. עס ליגט טאַקע בא דער סאַמע וואַנט אַ געקווייטלט קישעלע און אַ סאָלדאַטישע קאָלדרע. אין צימער הענגט אַ שווערער רייעך פון מאַכאָרקע.

דער שרײַבטיש, וואָס שטייט אינמיטן צימער, איז פאַרוואָלגערט מיט פּאַפּירן און צײַטונגען. בא דער זײַט — אַ טעלעפאָן.

דער קאָמיסאַר איז ניט אַליין. אינמיטן צימער שטייט מישע קאַהאַרליצקי און פירט אַ שאַרפן שמועס מיט וואָראָביאָוון: אַז פאַר אַ בורזשוי...

— וואָס פאַר אַ בורזשוי בין איך? מײַן טאַטע איז אַ בורזשוי, איז ער אַנטלאָפן. איך בין דאָך געבליבן דאָ, מיט די סאָוועטן. שיקט מיך אָף אַרבעט. אַפילע די נוזשניקעס ראַמען...

עסטערן איז שווער זיך פאָרשטעלן דעם מאַנופאַקטוריסטס זינדל מיט אַ בעזעם אין דער האַנט. נאָר אַז גאָט וויל...

וואָראָביאָוו באַטראַכט מישען מיט זײַנע שאַרפע אויגן:

— רעכט, אויב מירן דיך דאַרפן, וועלן מיר דיך געפינען. און וואָס ווילסט איר? — גיט ער אַ סקריפּע צו עסטערן מיט אַלע זײַנע רימענס.

ער איז הויך, וואָראָביאָוו, און שטאַלטנע. די רימענס זינגען אָף אים. זײַן פּאָנעם איז אויפגעלייגט, נאָר די ברעמען, וואָס ציִען זיך יעדער ווײַלע צונויף בא דער נאָז, זאָגן איידעס, אַז וואָראָביאָוו איז מיד.

— זעצט זיך צו. איר ווייסט דאָך, אַז דער עמעס איז ניט אין די פּיס...

— איר זײַט אַזוי מיד, און איך בין געקומען אײַך דרייען אַ קאָפּ, — רײַסט זיך אַרויס בא עסטערן. — נאָר מיר זײַנען געבליבן אָן לייב און אָן לעבן, אָן ברויט און אָן אַ דאַך. ווען ניט דאָס קינד...

וואָראָביאָווס פּאָנעם ווערט אויסגעלאָשן און געעלטערט. די גרויסע הענט בלײַבן ליגן אָפּן טיש. ער הייבט האַסטיק אָן רײַבן די ברילן. זײַנע אויגן ווערן קינדערש־אומבאַהאָלפן, און עסטער דערפילט זיך היימישער, פּונקט ווי אַ שוועסטער מיט אַ ייִנגערן ברודער.

— איר פאַרשטייט... איך האָב דאָ אין הויז געאַרבעט. בא די האַרנשטיינס טאַקע. געהאָלפן דער קעכנע, געוואַשן גרעט, די פּאַרקעטן געבערשטלט. קיין אַרבעט שרעקט מיך ניט. עפּעס דאַרף מען דאָך טאָן פאַר די קינדערס וועגן!

— איך האָב זיי אויך געקענט, די האַרנשטיינס. איך בין געוואַקסן דאָ ניט ווײַט, אין קאָרעשטשאָוו, — זאָגט וואָראָביאָוו. — איר זײַט גערעכט. מע מוז עפּעס טאָן פאַר די קינדער. אַזויפיל יעסוימים. אין דער ערשטער ריי אָרגאַניזירן אַ קינדערהיים. איר וועט אונדז העלפן?

...די נאַכט איז מען בא וואָראָביאָוון געזעסן ביז שפּעט. יאַנע איז אַנשלאָפן געוואָרן אָפּן לעדערנעם דיוואַן, אָפּן געקווייטלטן ציכעלע און ניט געהערט, וואָס עס טוט זיך אַרום איר.

אין קאַבינעט בא וואָראָביאָוון האָט מען שוין אויסגערייכערט די גאַנצע מאַכאָרקע און מע האָט אַלץ זיך געייִשעוועט, ווו קריגט מען אָנטאָן, בעטגעוואַנט, פּראָדוקטן, די קינדער זאָלן זיך גלײַך דערפילן ווי אין דער היים.

וואָראָביאָוו, טאַקאַרסקי, קולאַקאָווסקע (די פאַרוואַלטערן פונעם קינדערהיים, וועלכער האָט נאָך ניט עקזיסטירט) זײַנען געקומען צום אויספיר, אַז אָן דעם אָרטיקן אַקטיוו וועט מען זיך ניט קאָנען באַגיין, דעריקער אָן די כעוורע פון זאַיעזדנעס טיפּאָגראַפיע.

ווען יאַנע שלאָפט ניט, וואָלט זי עמעס האַנאָע געהאַט פון די פריילעכע יונגען, וועלכע האָבן זיך אַרײַנגעריסן אינמיטן דער נאַכט. זיי וועלן אַלץ, האָבן זיי פאַרזיכערט, קריגן פון אונטער דער ערד, אויב מע דאַרף עס נאָר פאַר דעם ערשטן סאָוועטישן קינדערהיים. זיי דאַרפן בלויז האָבן מאַנדאַטן.

סימקע זינדער, מישע וויגיליאַנסקי און רעניק האָבן געשײַנט, אַזוינע גרויסע מאַנדאַטן האָבן זיי באַקומען באַם קאָמיסאַר.

דאָ טאַקע איז באַשטימט געוואָרן אויסניצן קאַהאַרליצקיס הויז פאַרן קינדער־אַנשטאַלט. און אויב קאַהאַרליצקיס זינדל האָט כיישעק רייניקן די אָפּטריטן — ביטע, רייניק!

אַ פּאָר טעג נאָכאַנאַנד האָט די גאַנצע אומגעגנט געראַשט פון רעניקס ברוזנדיקער טעטיקײַט. זײַן בריגאַדע האָט געפונען קעלערס מיט באַגראָבענע זאַכן, גריבער מיט פּראָדוקטן. פון פאַרבאָרגענע ערטער האָט מען אַרויסגעשלעפּט מעבל. אַפילע מישע קאַהאַרליצקי איז געוואָרן אַן ענטוזיאַסט: געבראַכט צו שלעפּן אַ פּאָר בענקלעך און דרײַ צענדליק טעלער פאַר די קינדער.

ס'איז טומלדיק געוואָרן אָף דער געוועזענער דוואָריאַנסקע־גאַס. עס זײַנען אַהער געקומען קינדער, מיט עלטערן און אָן עלטערן. פאַרכווישעכטע און ציכטיקע, דערשראָקענע און פאַר־

שײַטע, אָפּגעריסענע, ווי קלײנע ציגײַנערלעך, און געקלײדטע אין ווײַבערשע רעקלעך. מע האָט זײ אָלעמען געדאַרפט טײקעף אָפּשערן, אױסבאָדן, איבערטאָן און אָנהאָדעװען. דער פּערסאָנאַל האָט ניט געוווּסט פון װאָס אָנצוהײבן. אַפילו אָנהאָדעװען פּופּציק כּעװרעלײַט מיטאַמאָל איז געװען ניט פון די גרינגע זאַכן. נאָר די פּרוּװען האָבן זיך שטאַרק געסטאַרעט. עסטער איז פון דער הױט געקראָכן, עס זאָל זײַן אױך קאָמפּאָט. װאָס איז דאָס פאַר א יאָמטעװדיקער װאַרמעס אָן א קאָמפּאָט?

יאַנע איז אַמאָל מעקאַנע געװען אַרעלען. א גרױסע מישפּאָכע אַרום טיש. איצט איז בא איר געװען אַזױפיל ברידער און שװעסטער, אַרעלען האָט זיך אַזעלכעס אַפילו ניט געכאָלעמט: טשערנע, לײקע, דאָװיד, עלקע און לײזער. מע װעט צװאַמען זיך לערנען, שפּילן. די מאַמע עסטער האָט איר אײַנגערוימט א סאָד: מע װעט זיך לערנען שפּילן אַף אַן עמעסן ראַיאַל, װאָס איז פאַרבליבן בעיערושע פון די קאַהאַרליצקיס.

יאַנען איז מאָדנע און גוט. א סאָד מיט אַגרעסן און װײַמפּערלעך. גרױסע צימערן און א ראַיאַל. אַז מע רירט זיך צו מיט די פינגער צו די װײַס־שװאַרצע צײנער, שרײַט ער און לאַכט. עס טוט איר נאָר באַנק, װאָס די פאַרװאַלטערן האָט דעם ראַיאַל פאַרמאַכט אַף א שליסל. „איך װעל שפּעטער מיט א פּאָר טעג אײַך צוניפקלײַבן און שפּילן א פּאָר זאַכן. א ראַיאַל האָט פּײַנט, אַז מע קלאַפּט אין אים גלאַט אין דער װעלט אַרײַן".

װאַרט זי, יאַנע, אַף דעם אָפּדערנאַכט, װען יעװגעניע לעאָנידאָװנע װעט זײ צוניפזאַמלען אין דעם קײַלעכדיקן צימער, װוּ עס שטײט דער ראַיאַל.

ס'איז געװען שאַבעס. יעװגעניע לעאָנידאָװנע איז געזעסן אַפן קײַלעכדיקן בענקעלע, װאָס לאָזט זיך אַראָפּ און הײבט זיך אױף, און מע האָט זי ניט געקאָנט דערקענען. ס'איז געזעסן גאָר אַן אַנדער מענטש. מיט פאַרמאַכטע אױגן און שטראַלנדיקע האָר. זי האָט קײנעם, דוכט זיך, ניט געזען, נאָר זיך צוגעהערט צו די טענער, װאָס עס קאָן אַרױסברענגען דאָס קלוגע, פּילבאַרע באַשעפעניש, װאָס הײסט — ראַיאַל. האַלץ און סטרונעס. פינגער און האַרץ... װאָס פאַרא כידושים עס װאַרטן אַפן מענטשן אין לעבן! „לעװאָנע־סאָנאַטע". „אַפּאַסיאָנאַטע"... יאַנע האָט נאָך דעמלט ניט געװוּסט, מיט װאָס מע עסט דאָס. נאָר זי האָט זיך געבאָדן אין קלאַנגען. געטרונקען זיך און װידער אַרױסגעשװוּמען. יעװגעניע לעאָנידאָװנע איז געװען אַזױ צאַרט און דערהױבן, אַז עס האָט זיך ניט געגלײבט: שױן זשע זיצט טאַקע די זעלבע פרױ מיט זײ יעדן טאָג באַם טיש, בײַזערט זיך און שרײַט אַף די קינדער, עסט און שלאָפט, װי געװײנלעכע מענטשן?

פון הײַנט אָן גײט יאַנע נאָך פּוסטריט נאָך יעװגעניע לעאָנידאָװנען. אַפן סקלאַד נאָך פּראָדוקטן — איז אַפן סקלאַד. פירט די פאַרװאַלטערן דאָס קלײנװאַרג צום דאָקטער צװײפל, — גײט יאַנע מיט זײ אױך. נישקאָשע, זי װעט צוניץ קומען.

יעװגעניע לעאָנידאָװנע האָט ניט געקאָנט ניט באַמערקן די געטרײַשאַפט יאַנעס. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז שולדיק איז דער ראַיאַל. עס װאָלט קעדײַ געװען אָפּקלײַבן א גרופּע קינדער אַף לערנען זײ שפּילן.

...אין טאָג פון אָקטיאַבער־יאָמטעװ איז אין קינדערהױז געװען דער ערשטער קאָנצערט. יאַנע האָט דאָס מאָל ניט געזונגען. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָט זי געשפּילט, געשפּילט אַף אַן עמעסן קאָנצערט־ראַיאַל. די מאַמע עסטער האָט געלאָזט א טרער: װען מיכל איז דאָ, װאָס װאָלט איר איצט געפעלט?..

## קאַפּיטל זעקס

די שול, װוּ יאַנע לערנט, איז ניט װײַט פונעם קינדערהױז. מע דאַרף נאָר אַריבערגײן דעם בולװאַר און דעם מאַרק־פּלאַץ.

לערער זײַנען אין שול פאַראַן א סאַך.

װלאַדימיר אַלעקסאַנדראָװיטש באַליװסקי, דער מאַטעמאַטיקער, איז געװען איבערצײַגט, אַז דער, װאָס פאַרשטײט ניט קײן טעאָרעמע, איז ניט װערט, װאָס די ערד טראָגט אים. פאַר אים האָט מען געציטערט. צו זײַנע לימודים האָט מען זיך געגרײט.

בא דעם היסטאָריקער, סטעפּאַן קאַרפּאָװיטש, איז מען אינגאַנצן געגאַנגען אַף די קעפּ. סטעפּאַן קאַרפּאָװיטש האָט געלײענט װעגן פאַראַאָנען און סאַרקאָפאַגן. ניט די אוראַלטע געשיכטעס זײַנען געװען שולדיק, נאָר דער ניגן, מיט װעלכן דער לערער האָט דערצײלט די געשיכטעס. עס האָט גענודעט צו כאַלעשן. דערצו נאָך האָט סטעפּאַן קאַרפּאָװיטש נאָך א טעװע פירן דעם לימעד זיצנדיק און אָפּט כאַפּן אײנמיטנדערינען א דרעמל.

די פאַרװאַלטערן, יעלענע מאַקסימאָװנע, איז אױך געװען א טשיקאַװער מענטש, שטאַרק א הײמישער.

די ווענט פון איר צימער, וואָס איז שטענדיק און פאַר אַלעמען געווען אָפן, זײַנען געווען באַהאַנגען מיט קלעטער־געוויקסן און מיט פֿאָטאָגראַפֿיעס פון א באַכער אין א קאַסאַוואַראַטקע. זײַנען געשאַפן געוואָרן אַרום דעם געהיימניספולע געשיכטעס.

אירע עלטערן זײַנען קלוימערשט פאַרברענט געוואָרן בייס א סרייפע אין בערדיטשעווער צירק. פון דער גאַנצער פאַמיליע האָט זיך אײַנגעגעבן ראַטעווען איין לענאַטשקען. דער רעטער איז געווען דער באַכער אין דער קאַסאַוואַראַטקע. מע האָט אים אפילע א פאַמיליע צוגעטראַכט — איוואַנאָוו. לענאַטשקע האָט זיך אין אים פאַרליבט... און ווײַטער האָט שוין יעדערער דערציילט, וואָס ער האָט נאָר געוואָלט. די ייִנגלעך האָבן צוגעטראַכט א העלדישן סאָף מיט פאַרשיקונג, מיט צאַרישער „אָכראַנקע". די מיידלעך — א טרויעריקע ליבע ביזן טויט, א סימען — יעלענע מאַקסימאָוונע איז איינזאַם ביז איצט.

און די צײַט איז פאַראַקשנט געלאָפן פאָרויס. די אַלטע וועלט האָט זיך ווידער געביסן... סאָף אַפּרעל האָבן די ווײַספּאָליאַקן פאַרכאַפּט קיִעוו.

בא יאַנען אין שטעטל ווערט מאָרעשכווירעדיק־שטיל. סקעפּטיקער לייגן אויס אָף פּאָגראָ־מען. די קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן טרעטן אָפּ מיט דער רויטער אַרמיי. גוט, וואָס מישע וויגי־ליאַנסקי האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין קינדערהויז. ער איז שטענדיק פול מיט סוידעס, און די כעוורע האָבן אים ליב. דאָס מאָל טוט ער א ווונק צו דאָווידן, לייזערן און יאַנען:

— פאַראַן אַן איניען. מע דאַרף באַהאַלטן די פּראָטאָקאָלן פון קאָמסאָמאָל. נאָר קיינער טאָר וועגן דעם ניט וויסן.

— האָב ניט קיין צאָרעס. אַלץ וועט זײַן אין אָרדענונג. קומט נאָר גיכער צוריק, — זאָגט דאָוויד.

דאָוויד איז גרעבער ווי לענגער. בעקלעך זײַנען בא אים רויטע, און אַלע אין קינדערהויז רופן אים „דאָס קוביקל". ער איז א גוטער, דאָוויד. פּונקט דער הייפּעך איז לייזער, ער איז הויך, בלאָס און ביין. ער האַלט דאָ אויך ניט אויס:

— פאַר זיך און פאַר דאָווידן בין איך אָרעוו. וואָס שײַעך יאַנען, איז זי דאָך א מיידל, א ציג...

יאַנע ווערט אָנגעצונדן:

— ער מיינט, אַז נאָר ער אַליין איז א גיבער. אויב מע וועט דאַרפן, וועל איך זײַן פעסטער פון שטאָל, שווײַגן, אפילע ווען מע וועט מיך ברענען אָף שײַטערס...

יאַנע האָט פאַרנייט די פּראָטאָקאָלן אין א שטיק לײַווונט און אַרײַנגעלייגט זיי אין א בלעכענער פּושקע. באַנאַכט האָט זי אוועקגעפירט די ייִנגלעך צו דער פאַרוואָרפענער שטאַל.

„דאָס קוביקל" נעמט זיך צום זאַסטעפּ. די רויטע בעקלעך שוויצן. פּלוצעם ווערט ער בלייך ווי די וואַנט. דער זאַסטעפּ האָט זיך אין עפּעס פאַרטשעפּעט.

לייזער קריכט אַרײַן אין גרוב און טוט גלײַך א געשריי פון דאָרט:

— הע, עפּעס איז פאַראַן...

יאַנע האַלט די ליכט הויך איבערן קאָפּ.ביידע ייִנגלעך שלעפּן אַרויס עפּעס א קעסטל, מע ברעכט אויף די דעק — גאָלדענע פינפערלעך און צענערלעך, זילבערנע לעפל מיט מעסערס. צירונג. איצט פאַרשטייט שוין יאַנע, פאַרוואָס האָט מישע קאַהאַרליצקי אַזוי זיך געבעטן רייניקן די נוזשניקעס. טאַטע־מאַמע האָבן ניט אַלץ באַוויזן אַרויספירן.

דאַרף מען זוכן א באַהעלטעניש שוין פאַר צוויי קעסטלעך. ביז די רויטע וועלן זיך אומקערן, וועט מען היטן שוין צוויי סעקרעטן מיטאַמאָל. אַהיים קערט זיך יאַנע אום שפּעט א טויט־מידע. עס ברענט איר די צונג, אַזוי ווילט זיך אַרײַנרוימען דער מאַמען א סאָד. נאָר זי האַלט זיך אײַן. די לעצטע צײַט האָט מען שוין ביכלאַל געמוזט זיך קעסיידער אײַנהאַלטן פון זינגען, פון וואַרפן זיך אין די אויגן, פון אַריבערטרעטן די שוועל פון קינדערהויז...

צו אַלץ ווערט מען געוווינט: ריידן שטילערהייט, אײַנגאַנצן שווײַגן, אויב מע דאַרף, עסן געפרוירענע קאַרטאָפליעס און קלײַענע קאָרזשעס. אויב עס איז ניטאָ קיין סענץ, פאַרפאַרען טרוקענע ווײַנשל־בלעטער. שווערער פאַר אַלץ איז די קינדער אײַנזיצן אָף איין אָרט און נאָך אין קעלער דערצו.

ווי נאָר מע דערהערט פרעמדע טריט, איז די נעשאָמע אין די פּיאַטעס און דער גוף אין באַהעלטעניש.

גוט, וואָס די פּאָליאַקן האָבן זיך איינגיכן אָפּגעטראָגן. דאָס זײַנען געווען די לעצטע אָקופּאַנטן.

ברויט און זייף. ווער האָט בעסער פון די קינדער אין קינדערהויז געוווּסט די עמעסע פּרײַז פון א שטיקל קאָרן־ברויט!

# קאַפּיטל זיבן

זיי האָבן אַלץ פּארזוכט: הונגער, קרעץ, טיפוס. איבער אַלע צימערן האָט אָפּט געשמעקט מיט דעכטיאַרקע. מע האָט געפירט די קינדער צו דאָקטוירים, געזוכט א רעפוּע צו די סטרופעס אף די קעפּ.

און דאָ האָט זיך אַרײַנגעריסן דער בויך־טיפוס... עס האָט געלאָזט גריסן דער הונגער, די גרינע עפּל מיט די בארן, וואָס האָבן קיינמאָל ניט באוויזן צײַטיק צו ווערן. דעם ערשטן האָט עס אומגעוואָלגערט מוישעלע סיראָטע. ער האָט געשריגן: „אוי, דער בויך!" מע האָט אים פאַרשפּארט אין איזאָליאַטאָר. ווען דער דאָקטער צווייפל האָט אים באַטראַכט, האָט ער זיך געכאַפּט פארן קאָפּ:

— ברושניאַק! דער ערשטער פאַל פון ברושניאַק אין שטאָט. מע דארף א דיִעטע פארן קינד, א ייַיכעלע, מאַנע־קאַשע...

א געלעכטער. זאָל כאָטש זײַן געגוג סאַכארין צו דער הירזשענער קאַשע! מוישעלע האָט געבערענט, ווי א דין ליכטל... אין איין אפּדערגאַכט, ווען אַלע קינדער האָבן זיך פאַרזאַמלט אין קיך, — דאָרט איז געווען ווארעמער, — איז ארויסגעגאַנגען עסטער מיט פאַרוויינטע אויגן:

— גייט, קינדער, שלאָפן, מוישעלע איז געשטאָרבן.

שלאָפן. גרינג צו זאָגן „שלאָפן". מע דארף נאָך קאָנען אײַנשלאָפן מיט אָט דעם שוידערלעכן וואָרט „געשטאָרבן" אין קאָפּ. פריִער מיט א וואָך איז ארומגעגאַנגען א שווארץ מוישעלע מיט א פּאַריסן נעזל, געקלעטערט אף ביימער, עפּשער וועט ער נאָך געפינען אן עפּעלע — און איצט ניטאָ. געשטאָרבן.

— מע דארף טרינקען נאָר געזאָטענע וואַסער, — טײַנעט לייקע. זי איז א קלוגע און האָט ליב געבן אייצעס. יענעם געבן אייצעס איז אמאָל גרינגער, ווי זיך אַליין. נאָר לייקע קאָן זיך אַליין אויך אן אייצע געבן. זי שפּילט א ליבע מיטן „קוביקל". וויאַזוי? מיט דער הילף פון א ווונק, מיט א שטורכע אין זײַט. נישקאָשע, ער האַלט אויס, דאָוויד.

נאָר וויאַזוי קאָן מען איצט טראַכטן וועגן לייקען מיט דאָווידן, אז מאָרגן דארף מען באהאַלטן אין דער ערד מוישעלע סיראָטען?

יאַנע האָט ניט געקאָנט אריבערטרעטן די שוועל פון איזאָליאַטאָר. מע האָט מיט גוואַלד ארײַנגעפירט אהין הערשעלען, מוישעלעס ברודערל. יענער האָט אָנגעהויבן שטאַרק שרײַען, ווען ער האָט דערזען א לאַנג, אויסגעצויגן ייִנגעלע מיט אן אומבאַקאַנט געל פּענעמל... מע האָט אים געוואָלט אײַנריידן, אז דאָס איז מוישעלע.

הערשעלע האָט אזוי געקוויטשעט, אז די דרייסטע יאַנע איז אנטלאָפן, זיך באהאַלטן אין א קעמערל. זי האָט דאָרט אזוי לאַנג געוויינט, ביז זי איז אנשלאָפן געוואָרן. אז מע האָט זיך אומגעקערט פונעם פעלד, האָט זיך יאַנע אופגעכאַפּט פון שווערן שלאָף.

גוט, וואָס זי האָט דערהערט א טופּערײַ! זי האָט באַגעגנט אפן שוועל עלקען, לייזערן, דאָווידן, לייקען און די מאַמע, אַלע מיט געשוואָלענע רויטע אויגן.

איר איז א ביזאָיען. ניט געקלעקט קיין מוט גיין אפן פעלד.

ס'איז מיטיק־צײַט. קיינער זאָגט איר קיין וואָרט ניט. פון דעם איז נאָך שווערער. זי קאָן ניט צוזען, ווי הערשעלע האַלט אין איין וויינען און שנײַצן דאָס נעזעלע אין דעם גרויסן קעסטלדיקן טיכל. עמעצער האָט עס אים געגעבן.

גאָט מײַנער, לאָזט זיך אויס, אז ס'איז נאָך ניט קיין סאָף צו די צאָרעס.

ס'איז געקומען יאַנקל דאָרפמאַן און פאַדערט אין איין קאָל: רופט אים ארויס עסטערן.

בא עסטערן ציטערן די הענט און פיס: „וואָס דארף מיך עפּעס יאַנקל דאָרפמאַן, מיכלס כאַווער? וואָס איז געשען?"

ווי נאָר זי האָט א קוק געטאָן אף יאַנקלס פּאָנעם, האָט זי גלײַך פארשטאַנען: פּאַראַן א יעדיִע פון מיכלען. יאַנקל האָט געהאַלטן א גרויסאַרטיקן קאָנווערט מיט א סאַך אָנגעקלעפּטע מאַרקעס.

„נעם זיך אן מיט מוט, עסטער! פריִער אָדער שפּעטער, דעם עמעס דארף מען וויסן!" — זאָגט זי צו זיך אַליין. זי דערקענט מיכלס קסאַוו. וויפל יאָר האָט זי ניט געלייענט זײַנע בריוו? זי שפּרינגט איבער מיט די אויגן אַלע מײַסעס וועגן מיכלס מאַטערנישן אין דער ערשטער צײַט... איצט, דאַנקען גאָט, לעבט ער ווי א מענטש. נאָך דעם, ווי ער איז אראָפּגעפאַלן פון די רישטאָוואַניעס, איז ער מער קיין בויער ניט. ער האָט א קליינעם געשעפט, א פּאַרבערײַ...

עסטער כאַפּט איבער דעם אָטעם: דאָס איינגאַנצן? צוליב דעם האָט מען באַדאַרפט לויפן אזש קיין אַמעריקע? ווײַזט זיך ארויס, אז סע קוועטשט אים ניט די בענקעניש נאָך דער פאַר־

מיליע, ער דארף א געט. ער בעט יאנקלען, זײַן אַלטן כאווער, פאַרשטײן אים, ווי אײן מאַנצבל א צווייטן. ער איז דאָך א לעבעדיקער מענטש. אזויפיל יאָרן אָן א פרוי. ער האָט ליב געהאַט עסטערן, מע קאָן זאָגן — אפילע שטאַרק ליב געהאַט, ביזוואַנען ער האָט דאָרט, אין אמעריקע, ניט באַגעגנט זײַן ציפּוירע, זײַן גורל. א שיינהײַט. נאָר אײן זאַך: ניטאָ קײן קינדער. אויב עסטער וועט אים געבן א געט און דערצו נאָך יאַנען, וועט ער זײַן איבערגליקלעך. ער ווייסט, אז בא עסטערן איז א קלוג הארץ, זי וועט אים פאַרשטײן און פאַרצײַען...

יאַנקלען איז שווער געווען צו קוקן, ווי די בלייכקײַט האָט זיך צעגאָסן איבער עסטערס פּאָנעם. ער האָט אַרויסגעכאַפּט דעם בריוו. נאָר עסטער, ווי זי האָט עס שטענדיק געטאָן, האָט זיך גלײַך גענומען אין די הענט און אפילע געפּרוּווט א שמייכל טאָן:

— איר ווייסט, יאַנקל, יעדער פרוי איז א ביסל א בעהיימע. זי מיינט, אז ליבע איז אָן אייביקע זאַך. באַבעמײַסעס. א געט דאַרף ער, אָן אַפּיציעלן געט... איך וועל אים געבן א געט. נאָר וואָס איז שײַעך יאַנען, איז זי שוין א גרויסע. מע דאַרף בא איר אַליין פרעגן, צי וויל זי פאָרן צום טאַטן קײן אמעריקע.

די מאַמע האָט אזוי זעלטן גערופן יאַנען צו זיך, אז ווי נאָר יאַנקל דאַרפמאַן האָט א ווונק געטאָן, איז יאַנע גלײַך אויסגעוואַקסן לעבן עסטערן.

— יאַנע, דו האָסט כיישעק אוועקפאָרן צום טאַטן קײן אמעריקע און ווערן א נעגידעסטע? — האָט איר עסטער געשטעלט א קאַשע, — מיך דאַרף דײַן טאַטע ניט. ער האָט א שענערע. א ציפּוירע.

יאַנע איז געבליבן אַפּהענטיק בלויז אַף א רעגע, דערנאָך האָט זי אויסגעשאָסן:

— מײנסט אַלץ, אז איך בין נאָך א ברעקל. כ'פאַרשטײ גאָרנישט. יאַנקל, דאָס האָט איר געבראַכט דעם בריוו? מעגט איר אים טאַקע ענטפערן, אז איך בין א פּיאָנערקע. מיר איז דאָ אויך ניט שלעכט.

אײדער יאַנקל האָט באַוויזן איר עפּעס זאָגן, איז יאַנע שוין אַרויסגעלאָפן פונעם צימער.

אוי, איז איר הײַנט שווער אַפן האַרצן! אין אײן טאָג באַגראָבן א כאַווער און די ליבע צום פאָטער, די פּוסטע טרוימען וועגן אים...

## קאַפּיטל אכט

ס'איז פאַראַן א באַזונדערער כײן אינעם האַרבסט אַף אוקראַיִנע. די זון איז נאָך א זון, פון דער ערד שלאָגט נאָך א וואַרעמקײַט, און דער האַרבסט פּוצט שוין די ביימער אין גאָלד און אין צונטער־רויטס. אין דעם רײנעם הימל טראָגן זיך וואָלקנס, אזוינע פּוכקע, אז עס גלוסט זיך דיר זיי אָנכאַפּן מיט די פינגער, זיי אוועקלייגן אַפן גראָז, ווי געפאַנגענע פיש.

יאַנע האָט אַלעמאָל ליב געהאַט אַרומשפּאַנען איבער די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער. האַיאַר — מער, ווי אַלעמאָל. ערגעץ ענדיקט זיך דאָ דײַן קינדהײַט, און דײַן יוגנט שטייט שוין אַף דער שוועל. מע דאַרף אַליין אויסקלײַבן דעם ריכטיקן וועג אין לעבן. זאָרגן וועגן עסן, וועגן אָנטאָן.

ראַיִסע אַסיפּאָוונע און יעלענע מאַקסימאָוונע האַלטן זי אין אײן טרײַבן קײן קיִעוו:

— מיט אזא שטים ניט פאָרן זיך לערנען איז א פאַרברעכן.

יאַנע פּילט אַליין, אז מע דאַרף... נאָר ווי דערקלערט מען עס דער מאַמען? וועמען האָט די מאַמע דען אין דער גאַנצער וועלט, כוץ יאַנען? די באָבע סאָרע איז שוין לאַנג געשטאָרבן.

יאַנע שפּאַנט איבער די געל־ברוינע בלעטער... בײס אָט דעם לאַנגזאַמען גאַנג איז א סאַך גרינגער צו טראַכטן.

דאָס ערשטע מאָל פאַר די לעצטע יאָרן בעט זי זיך צו דער מאַמען אין בעט אַרײַן. ס'איז שוין נאָכן אַרויסלאָז־אָוונט אין שול.

זי האָט זיך אײַנגעקלאַמערט מיט ביידע הענט אין דער מאַמעס האַלדז, ווי זי פלעגט עס טאָן קליינווײַז, און זי אָנגעהויבן קושן.

— ביסט שוין געקומען זיך אונטערלעקן. איך קען דיך אַף אויסווייניק. וויפל יאָר האָסטו מיך שוין ניט געקושט? זאָג שוין גלײַך, וואָס ווילסטו פון מיר?

— פון דיר קאָן מען דען עפּעס אויסבאַהאַלטן? — לאַכט די קלײנע. — שוין בעסער מיט־אַמאָל אַלץ דערציילן. איך וויל אוועקפאָרן קײן קיִעוו. וואָס וועל איך דאָ טאָן? נישטאָ זיך וווּ צו לערנען, און מע זאָגט, אז איך דאַרף...

עסטער טוט א זיפץ. וואָס בלײַבט איר נאָך טאָן? נאָר ווי לאָזט מען אָפּ יאַנען אין א גרויסער פרעמדער שטאָט אײנע אַליין? פערצן יאָר איז דאָך ניט קײן פערציק. וואָלט כאָטשבי דאָרט געווען א פרײַנטל, א גוטער באַקאַנטער...

שלאָפט ניט עסטער. קלײַבט איבער, ווי א בײַטשעלע קרעלן, דאָס גאַנצע לעבן אירס. ווו ניט דערזען, ווו פאַרלוירן, ווו ניט באַוויזן איבערסילעווען צו דער צײַט... שוין פערצן יאָר יאַנען.

א דינסטמויד פון איר מאכן, א קעכנע? ניט די צײַט. און א קאָפּ האָט זי א גאָלדענעם. הײַנט איר זינגען! וויאַזוי לאָזט מען זי ניט אָפּ קיין קיִעוו? די מאמע וועט דערנאָך זיך ניט מוחל זײַן דאָס גאַנצע לעבן.

אין פינף טעג אַרום איז יאַנע געזעסן אַף א פור מיט לעדער. דער סעקרעטאַר פונעם קאָמיוגישן קעמערל פון לעדער־זאַוואָד טעסנאָווסקי האָט צוגעזאָגט אַף דער ערשטער צײַט אײַנאָרדענען יאַנען בא זײַנע באַקאַנטע אין קיִעוו. דערנאָך וועט שוין יאַנע אַליין ניט פאַרפאַלן ווערן. עסטער איז אײַנגעגאַנגען.

ס'איז געווען פאַרטאָג. קילבלעך. יאַנע האָט געכאַפּט א גוטן ציטער, נאָר געהאַלטן פאַסאָן. טעסנאָווסקי האָט אַליין געכאַפּט א קוק אַף אירע בלאָוו געוואָרענע פיסלעך און איבערגעדעקט זי מיט א וואַטאָווע לײַבל, וואָס ער האָט מיטגענומען פון דער היים.

— ניט געדײַגעט, קליינע, — האָט ער איר אונטערגעוווּנקען. אין דער יונגשטורמאָווקע מיטן רויטן טיכל אפן קאָפּ האָט יענע לעבן דעם גרויסן טעסנאָווסקי געהאַט דעם אויסזען פון א קליין רויט קנעפּעלע. ס'איז פאַרגעשטאַנען פאַרן א טאָג מיט א נאַכט. ערשט אַף מאָרגן וועלן זיי זײַן אפן אָרט.

יאַנען איז אַלץ ציקאַווע. זי קאָן בעשום־אויפן ניט אַנשלאָפן ווערן, כאָטש טעסנאָווסקי האַלט זי אין איין באַליגן. ער פילט זיך פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן קינד, וואָס ער האָט מיטגענומען.

יעדעס מאָל, ווען זיי שטעלן זיך אָפּ אָנפּויען די פערד, קריכט יאַנע אַראָפּ און גייט א ביסל צופוס. די זון הייבט אָן באַקן, יאַנע צערויטלט זיך. ווען זי זעצט זיך ווידער אַוועק אַף דער פור, כאַפּט זי א דרעמל. דאָס לעדער סקריפּעט. יאַנעס קאָפּ שאָקלט זיך צום טאַקט, זי כאַפּט זיך אויף און סטאַרעט זיך מאכן דעם אָנשטעל, אַז זי האָט אַפילו ניט אָנגעהויבן שלאָפן.

דעם עמעס גערעדט, איז איר א ביסל שרעקלעך. זי האָט אַף איר לעבן קיין צוג ניט געזען, קיין טראַמווײַ, קיין פילשטאָקיק הויז. עס איז גאָרניט אַזוי גרינג צו לעבן אין אַן אומבאַקאַנטער שטאָט.

אָפּדערנאָכט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אין דאָרף מילע. טעסנאָווסקיס א באַקאַנטע פּויערטע האָט זיי דערלאַנגט דעם עמעסן אוקראַיִנישן באָרשטש מיט קנאָבל און זויערמילך. די פערדלעך אין שטאַל האָט מען אויך אָנגעהאָדעוועט.

גאַנצפרי האָט מען זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. איצט איז שוין געווען ניט ווײַט. נאָך הונדערט ווערסט, און אָט איז שוין די שטאָט. אומגעריכט האָט זיך דורכן פאַרטאָגיקן נעפּל דורכגעריסן קיִעוו, צעקלונגען זיך מיט אַלע טראַמווײַען אײַנציײַטיק, א בלישטשע געטאָן מיט אַלע פאַרבן. יאַנע איז געזעסן מיט ברייט צעעפענטע פאַרוווּנדערטע אויגן. אָפּגעשטעלט האָט מען זיך אַף סטעפּאַנאָווסקע. טעסנאָווסקי האָט נאָך באַדאַרפט איבערגעבן דאָס לעדער אין „לעדער־טרעסט“. האָט ער געהייסן יאַנען וואַרטן אַף אים בא א באַקאַנטן קלייטניק אַף סטעפּאַנאָווסקע.

וואַרט זי. אַן אַנדער ברייערע האָט זי? אין קלייט קומען יעדער רעגע אַרײַן קוינים און פאַרשטעלן די גאַנצע וועלט מיט די פּלייצעס. יאַנע וואַרט און וואַרט אַף טעסנאָווסקין. די צײַט ציט זיך ווי פון פּעך. צו אַלע גליקן, ווײַל זי עסן. עס בורטשעט אין בויך. מער קאָן זי שוין ניט אויסהאַלטן. די פינף רובל, וואָס די מאַמע האָט איר מיטגעגעבן אַף דער ערשטער צײַט, ווילן ניט אײַנליגן אין קעשענע.

זי רוקט זיך אַרויס פון קלייט. טוט אײַן שפּאַן. א צווייטן. זי דערזעט גלײַך א וועגעלע מיט מאָראָזשענע. איז דאָך אַוודאי גוט. זי שלינגט אײַן איין פּאָרציע, די צווייטע און די דריטע. אין מויל ווערט קיל. עס פאַרגייט אין די ציין. ס'ווילט זיך טרינקען. איצט איז דאָ א נײַע אַרבעט — זוכן וואַסער. יאַנע פּויעלט בא זיך אָפּגיין עטוואָס ווײַטער. זי דערזעט א בודקע מיט וואַסער און א מיידעלע מיט א רויטן האַלדזטוך, ווי בא איר. אין דער זעלבער רעגע ווערט געבוירן א געדאַנק.

— זײַ גרייט! — שרײַט זי אויס אַף א קאָל. דאָס מיידעלע ענטפערט „שטענדיק גרייט!“ און שטעלט זיך אָפּ. יאַנע ווערט דרייסטער. אַזוי און אַזוי, זי האָט דאָ קיינעם ניט. פּיִאָנערן דאַרפן העלפן איינער דעם צווייטן. איז עפּשער קאָן דאָס מיידעלע זי אַוועקפירן אין פּיִאָנערן־קלוב. דאָס מיידעלע עפנט אַזש דאָס מויל פאַר גרויס וווּנדער.

ווען טעסנאָווסקי האָט זיך אומגעקערט אַף סטעפּאַנאָווסקע, האָט ער יאַנען ניט געטראָפן. דער באַקאַנטער קלייטניק האָט נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ: זיך ניט באַוויזן אַרומקוקן, איז זי ניט געסטײַעט. גיי געפין זי איצט אין אַזא קראַך...

און יאַנע איז גראָד אין די מינוטן געזעסן אין א קליין צימערל אַף א זעקסטן שטאָק און געטרונקען הייסע טיי פון שעלכל. בא דער זײַט זײַנען געלעגן צוויי לוסטעס ברויט מיט פּוטער.

ראָסיעס, דער פּיִאָנערקעס, מאַמע האָט געלעקט פון יאַנען די פינגער: אַזא דרייסטקײַט. זיך לאָזן אַליין אין אַן אומבאַקאַנטער שטאָט! אַלע שכיינים האָבן שוין געוווּסט יאַנעס געשיכטע.

„זי וועט טאקע היינט, — האָט געזאָגט ראָסיעס מאמע, — איבעריידן מיט א באקאנטן כאוועך פון דער יוגנט־בירזשע. ער האָט פריִער מיט א פּאָר יאָר געארבעט אף זייער פאבריק...“

פארנאכט־צו איז יאנע מיט ראָסיען אוועק אין פּיאָנערן־קלוב. זיי שטעלן זיך אָפּ אלע ווײַלע. יאנע האלט זיך אין איין כידעשן: הויכע, שיינע הײַזער, ברייטע גאסן. און מענטשן, אָן א שיר מענטשן. אָנהייב הארבסט. די לופט איז געדיכט, ווי האָניק, און ריין. עס גלוסט זיך אונטער־שטעלן ביידע זשמעניעס. יאנע שווײַגט. ניטאָ קיין צײַט צו ריידן. מע דארף אלץ באטראכטן. ראָסיע שטעלט זיך אָפּ מיט איר אף קרעטששאטיק לעבן א הויכער געבײַדע און פרעגט:

— עס געפעלט דיר? אָט דאָ איז אונדזער קלוב. אף אינסטיטוטסקע וועל איך דיר באווײַזן א הויז, אזא הייכקײַט האָסטו ניט געזען...

ראָסיען געפעלט, וואָס יאנע כידעשט זיך. זי דערפילט איצט מער ווי אלעמאָל, ווי שיין עס איז איר שטאָט. אין א געוויסער מאָס קוקט זי איצט אף קיִעוו, ווי פון א זײַט, מיט יאנעס אויגן.

אפן צווייטן שטאָק איז טומלדיק. מע דערקענט גלײַך, אז דאָ האָבן זיך פארזאמלט קינדער.

— ווי קומסטו אהער? — דערהערט יאנע א באקאנטע שטים. די וועלט איז אזוי שמאָל! גיי וויס, אז דאָווידקע סטאָלבון איז ראָסיעס פּיאָנער־לייטער, דאָווידקע פון זייער שטעטל.

אף מאָרגן פירט זי שוין דאָוויד אף דער יוגנט־בירזשע.

די בלאָנדע צוואנציקיאָריקע לעווינע האָט געמוזט אויסהערן אלץ, וואָס דאָווידקע וויסט וועגן יאנען. יאנע איז געזעסן, ווי אף הייסע קוילן, אזא כארפּע איז איר געווען צו הערן לויב־געזאנגען וועגן זיך. נאָר ווי די זאך זאָל ניט זײַן, האָט סטאָלבונטשיקל איבערצײַגט די כאוועךטע לעווינע, אז יאנען דארף מען וואָס גיכער אײַנאָרדענען, עס טאָר ניט פארפאלן גיין אזא קינד. ס'איז באשטימט געוואָרן זי שיקן אין פאבזאוושול זיך לערנען שוסטערײַ. אירע שעפן וועלן פאר־בלײַבן די פּיאָנערן פון זײַן באזע.

ווען יאנע וואָלט צײַט געהאט זיך באטראכטן, וואָלט זי עפּשער אזא פאך פאר זיך ניט אויס־געוויילט. ס'איז ניט גאָר ראָמאנטיש. די, וואָס האָבן זי אזוי געטריבן אין שטאָט ארײַן, האָבן גאָר ניט געמיינט, אז זייער יאנע וועט נייען שיך.

דערווײַל איז שוין פאראן א שטיקל געהאלט אויך, בלײַבט איין פראגע — די וווינונג. ס'איז דען א געשעפט יעדע צוויי־דרײַ טעג נעכטיקן בא אן אנדער פּיאָנער. איינער וווינט אין צענטער, דער צווייטער אף דעמיִעווקע, און די פאבזאוושול איז אף פעטשערסק.

קאָמישע געשיכטעס טרעפן זיך מיט פּראָווינציאַלן! נאָכן ערשטן געהאלט איז יאנע אוועק־געלאָפן אין דער גאָרקיך פון „נארפּיט“. זי איז צוגעגאנגען צו דער קאסע, מיט דער גאנצער ערנסטקײַט דורכגעקוקט די מעניו און זיך אָפּגעשטעלט אף א געריכט, וואָס קאָסט צען קאָפּע־קעס — נארזאן. יאנען איז געפעלן געוואָרן דער קלינגעוודיקער נאָמען פונעם געריכט.

— גיט מיר, מומינקע, — האָט זי געזאָגט צו דער קאסירשע, — א פּאָרציע נארזאן!

די קאסירשע האָט א קוק געטאָן אף יאנען, דערנאָך אף די צען קאָפּעקעס:

— נעם בעסער, מיידעלע, א פּאָרציע ווינעגרעט. ס'קאָסט דאָס זעלבע געלט, און דו ווילסט דאָך עסן, ניט טרינקען?

יאנע האָט זיך פארויטלט און מיט דאנקבארקײַט דערלאנגט דער קאסירשע דאָס געלט.

— אויב אזוי, איז גיט מיר נאָך א פּאָרציע באָרשטש, דאָ וועל איך שוין קיין טאָעס ניט האָבן...

מיט ביידע טאלאָנעס האָט זיך יאנע אוועקגעזעצט באם טישל. זי זופּט דעם באָרשטש, נאָר טראכטן טראכט זי וועגן דעם, וווּ טוט מען זיך אהין. שוין דורך א כוידעש, — וואָס וועט זײַן ווײַטער?

אין פאבזאוושול זײַנען פאראן נאָך א פּאָר מיידלעך פון קינדערהײַזער. זיי האָבן פּונקט, ווי זי, ניט ווו צו וווינען. וואָס, אויב זיי וועלן שטעלן אָפיציעל די פראגע וועגן א צימער פאר א גרופּע מיידלעך?

די פארוואלטערן, ניוסיע באָריסאָוונע, איז געווען איבערגעגעבן צו די קינדער ווי אן אייגענע מאמע. זי האָט אויסגעהערט די מיידלשע דעלעגאציע און האָט זיך גלײַך אָנגעצונדן.

— מיידלעך, ס'איז א געדאנק, מיר וועלן שאפן א קאָמונע... דער זשענאָרג[1] אין ראיקאָם וועט אײַך אונטערהאלטן. זי איז א גוטער מענטש.

אף אינסטיטוטסקע, אין ראיקאָם, האָט מען געהערט דעם זשענאָרג מארקינעס קאָל פאר א מײַל. זי איז געווען קליין, בלאָנד, מיט א ברייטלעך נעזל. א קעלכל האָט זי געהאט ווי א גלעקל.

---

[1] פרויען־אָרגאניזאטאָר.

יאַנע מיט מירע לעווינען האָבן זיך פאַרלויזן. אויב מאַרקינע וועט זיך צעשרײַען אַף זיי, וואָס וועלן זיי איר ענטפערן? נאָר יענע האָט זיך גלײַך באַרויִקט, ווי נאָר זי האָט אוועקגעלייגט דאָס טעלעפאָן־טרײַבל. זי האָט אפילע א שמייכל געטאָן צו זיך אליין. „אויב א מענטש קאָן אזוי שמייכלען, איז ניט געפערלעך“, — האָט יאַנע א טראַכט געטאָן.

— יעוודאָקיִע סאוועליעווגע, — האָט אָנגעהויבן מירע, — מיר זײַנען פון דער לעדער־שול. ביזן פאבזאַוואָדסטיש האָבן מיר זיך דערצויגן אין קינדערהויז, איצט האָבן מיר אַרבעט, נאָר ס׳איז נישטאָ ווו צו וווינען...

ערשט איצט האָט מאַרקינע געמאַכט א טומל. נאָר ניט גלאַט אין דער וועלט אַרײַן. זי האָט גלײַך גענומען קלינגען אין שטאָט־סאָוועט און נאָך ערגעץ.

אין א פּאָר טעג אַרום איז געבוירן געוואָרן אן אָרדער אַף א צימער און געלט אַף באַלע־באַטישקײַט.

וויפל גוטע מענטשן עס זײַנען פאַראַן אַף דער וועלט!

יאַנע האָט גלײַך געגעבן צו וויסן דער מאַמען, אז לעבן אין קיִעוו איז א פאַרגעניגן. זי האָט אָנגעשריבן א בריוו דעם „קוביקל“ און לייקען, יעלענע מאַקסימאָוונען און וואָלאָדיען. „ניש־קאָשע, זי וועט נאָך זינגען אויך. דערווײַל לערנט זי זיך נייען קינדערשע שיכלעך“.

אין דער קאָמונע זײַנען געווען פיר מיידלעך, פיר בעטלעך, איין פענדל, איין טשײַניק, איין שיסל און איין באַליע. לעפל, טעלער און טשאַשקעס האָט זיי געגעבן א מאַטאָנע מאַרקינע מיט ניוסיע באַריסאָוונע. דעם ערשטן זונטיק אפדערנאַכט איז געווען בא די מיידלעך אן עמעסע ליאַמע: געבאַקטע קאַרטאָפליעס מיט הערינג, פוטער און ווײַסע בולקע, סיטראָ און נאַרזאַן. עס זײַנען געווען געסט אויך. בייס מע האָט זיך שוין רעכט צעהוליעט, האָט יאַנע דערציילט די געשיכטע מיט דער פאַרציע נאַרזאַן. איצט איז זי שוין געווען א שטאָטישע, זי ווייסט שוין, וואָס הייסט מעניו.

מירע האָט זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער. זי האָט ביכלאַל ליב געהאַט לאַכן און באַווײַזן דעם אוילעם אירע שיינע ציין. מירע האָט געוווּסט, אז זי איז שיין. ס׳איז א מעכײַע געווען מיט איר צו גיין איבער די קיִעווער גאַסן. מע האָט איר געהאַלטן אין איין נאָכקוקן.

די צווייטע אין קאָמונע איז געווען טאַניע רימאַלאָווסקע. דער הייפעך פון מירע לעווינע. איר שטעלט זיך פאָר א גרויסע, גוטע בעריכע, וואָס קאָן א ווינטער אָפּזויגן די אייגענע לאַפע? דאָס איז געווען טאַניע. זי האָט געהאַלטן אין איין איבערפלעכטן איר גראָבן צאָפּ און שמייכלען. זי האָט שרעקלעך מוירע געהאַט פאַר קיצלען, — האָט מען זי געהאַלטן אין איין שרעקן. ס׳איז גע־ווען גענוג באַווײַזן איר א פינגער, זי זאָל אָנהייבן לאַכן. קיין שטאַרק איבערגעשפּיצטע איז טאַניע ניט געווען.

די דריטע איז יאַנע. אונדזער אַלטע באַקאַנטע.

אן אנטיקל איז געווען די פערטע — ליזע מעדאָוויניק. ווי קלײַבט מען עס אויס אזא זיסע פאַמיליע פאַר אזא ביטערן נעפעש! ליפעלעך האָט ליזע געהאַט דינע און בלאָווע. אויגן שאַרפע און שוואַרצע ווי קויל. זיי האָבן געברענט בא איר, געסמאַליעט די הויט. זי איז אויך געווען שיין. מיט א שאַרפער, בייזער שיינקײַט. און פויל, ווי אכצן רוכעס. ווײַזט אויס, עפּעס האָט זי קינד־ווײַז צעבייזערט, און אפן גאַנצן לעבן.

אין א צײַט אַרום איז זי אוועק פון דער קאָמונע. צום גליק פון די איבעריקע דרײַ, האָט זיך בא ליזען געפונען א מומע. די מיידלעך האָבן ניט אויסגעהאַלטן און זיך געלאָזט צו ניוסיע באַרי־סאָוונע אין קאַבינעט:

— ווו האָט איר אויסגעגראָבן א מומע פאַר אונדזער ליזען? איר האָט געטאָן, ווי א כאַכאָמע.

ווײַזט זיך אַרויס, — ניוסיע באַריסאָוונע האָט כיטרע זיך צעשמייכלט און גנייוויש א פינטל געטאָן מיט די אויגן, — אז זי האָט זיך שוין לאַנג איבערצײַגט: ליזע איז ניט קיין פאַרשוין פאַר דער קאָמונע.

דער איבערגעבליבענער דרײַלינג האָט שטרענג אָרגאַניזירט דעם מאָגערן ביודזשעט. אז מע איז יונג, איז אזא רעזשים ניט שרעקלעך: אַף דרײַען צוויי וואַרמעסן און אפצולאָכעס שפּילט די פאַרב אין די באַקן.

סאָף יאָר האָט יאַנע באַמערקט, אז מירע קוקט ווייניקער אין שפּיגל און מער אין ביכל אַרײַן, אז טאַניע האָט אָנגעהויבן פעסטער שטעלן די פיס אַף דער ערד. די בעריכע האָט זיך אויסגע־גלײַכט, זי האָט דערפילט פרײַנטלעכע הענט פון כאַווײרים. יאַנע האָט זיך, ווײַזט אויס, אויך געענדערט. נאָר אַף זיך זעט מען דאָך ניט.

ס׳איז דורך א גאַנץ יאָר. פאַר אָט דעם יאָר האָט יאַנע זיך אויסגעלערנט לעבן זעלבשטענדיק, א דערוואַקסענע געוואָרן, שוין דאָס זעכצעטע אוועק. און דאָך האָבן ניט זעלטן געטראָפן מינוטן, ווען עס האָט זיך איר געוואָלט נאָכאַמאָל זיך דערפילן, ווי דער מאַמעס א ציטעריק קינד. עס

האָט זי געצויגן צו דער מאַמעס עסטער. אין שטעטל, אין וואַלד אַרײַן, צום כּוואַר פֿון איר קינד־הייט, צו וואַלאַדיען.

ס'איז ווידער זומער. זונטיק לאָזט מען זיך אַראָפּ פֿון פּעטשערסק צום דניעפּער. דער ברייטער קיִעווער פּליאַזש ציט זיך ווײַט. ער גיסט זיך איבער מיט אַלע פֿאַרבן. אַלץ אַרום זינגט, פֿרייט זיך, לאַכט.

יאַנע וואַרפֿט זיך אין וואַסער אַרײַן. עס פֿאַרטראָגט זי ווײַט. זי האָט אונטערגעלייגט ביידע הענט אונטערן קאָפּ און רוט זיך אָפּ. אָט באַלד וועט זי זיך אומקערן צום ברעג, זיך אײַנגראָבן אין זאַמד, דערנאָך — ווידעראַמאָל אין וואַסער אַרײַן.

אין סאַמע מיט פֿון טײַך באַווײַזט זיך אַ דאַמפּשיף. דער גאַנצער טײַך נעמט זיך הוידען הין און צוריק. די כוואַליעס כאַפּן זי אונטער, שלײַדערן זי אין דער טיף. זי פֿילט, ווי עס גייען איר אויס די קויכעס. זי הייבט אָן שרײַען. דאָס וואַסער פֿאַרקריכט אין די אויגן, אין האַלדז, פֿאַרלייגט די אויערן. שוין זשע איז איר באַשערט אומקומען? זי האָט דאָך נאָך גאָרנישט ניט באַוויזן אויפֿצוטאָן. אַפֿילו קיין פּאָר קינדערשע שיך ניט אויפֿגענייט... „איך וויל ניט! איך וויל ניט!" — שרײַט זי און הערט ניט איר קאָל.

פּלוצעם דערפֿילט זי, ווי עמעצער כאַפּט זי אונטער. אַ שטאַרקע האַנט קלאַמערט זיך אײַן אין אירע האָר און לאָזט זי ניט אָפּ. ווײַזט אויס, אַז עס איז באַשערט נאָך לעבן.

אַהיים איז יאַנע געגאַנגען ניט אַליין. טאַליע סטאַמאַכין, דער באָכער, וועלכער האָט זי געראַטעוועט, האָט, ווי ער האָט זיך געכאָכמעט, געוואָלט אויסקלאָרן פֿאַר זיך אַליין, צי ס'איז קעדײַ געווען צו ראַטעווען יאַנען.

טאַליע האָט אָנגעהויבן אַרײַנצוגיין צו אָפֿט. „סײַדן ער האָט זיך אין מירען פֿאַרליבט", — האָט געטראַכט יאַנע. אַז אין מירען דאַרפֿן זיך אַלע פֿאַרליבן, האָט יאַנע ניט געצווייפֿלט. וועגן זיך האָט זי אַפֿילו גיט געטראַכט.

אַזוי איז דורך דער זומער, דער ווינטער. אין טיר האָט ווידער אָנגעקלאַפּט דער פֿרילינג. אײַנמאָל אין אָוונט, ווען טאַניע מיט מירען זײַנען ניט געווען אין דער היים, איז געקומען טאַליע. ער האָט זיך שטאַרק דערפֿרייט, וואָס קיינער כּוץ איר איז נישטאָ.

— ווי גוט, וואָס דו ביסט אַליין! ווען וועט דיר זיבעצן? כ'האָב פֿאַרגרייט פֿאַר דיר אַזאַ מאַטאָנע, אַז דו וועסט טאַנצן.

— וואָס דאַרפֿסטו מיר עפּעס שענקען מאַטאָנעס? — האָט יאַנע ברייט צעעפֿנט די אויגן.

— גאָט מײַנער, אַ יאָר צײַט גיי איך צו איר, און זי פֿאַרשטייט ניט, אַז איך האָב זי ליב! מײַן טאַטע איז אַ גלייביקער. ער זאָגט, אויב דו האָסט געראַטעוועט אַ מיידל און זי איז דיר געפֿעלן, איז דאָס אַ באַשערטע זאַך, ס'איז דײַן זיווג.

— און טאָמער ביסטו מיר ניט געפֿעלן? מיך האָסטו געפֿרעגט?

טאַליע איז אויפֿגעשפּרונגען:

— איך בין דיר ניט געפֿעלן? דו ווייסט, אַז אַלע מיידלעך פֿון פּאָדאָל גייען אויס נאָך מײַנע טריט?

— זאָלן זיי אויסגיין. איך בין דיר זייער דאַנקבאַר, וואָס דו האָסט מיך געראַטעוועט, נאָר איך האָב געטראַכט, אַז דו ביסט פֿאַרליבט אין מירען. אַניט וואָלט איך דיר פֿון לאַנג געזאָגט.

יאַנע האָט געמיינט, אַז נאָך דעם אָוונט וועט ער מער ניט קומען. ס'הייבט זיך אַפֿילו ניט אָן. ער האָט אַראָפּגעשלונגען און איז געקומען ווידעראַמאָל.

אַפֿילו די שטילע טאַניע האָט שוין ניט געקאָנט אויסהאַלטן און דערציילט די מיידלעך פֿון קלאַס וועגן יאַנעס אומגליק:

— וואָס טוט מען? ער וועט פֿאַרמוטשען זי און אונדז אויך...

עס האָט גאָרנישט ניט געהאָלפֿן. אײַנמאָל איז טאַליע געקומען און האָט געזאָגט, ער בעט זייער, יאַנע זאָל גיין זיך באַקאַנען מיט זײַנע עלטערן. זיי מוזן אָנקוקן „דאָס קינד, וואָס ער האָט געראַטעוועט".

— טו אים צוליב. גיי מיט אים צו, — האָבן זי געשטורכעט די מיידלעך. — זאָלן טאַטע־מאַמע אָנקוקן, באַ וועמען עס ווערט פֿאַרפֿאַלן זייער בעניאַכיד...

יאַנע האָט זיך אָנגענומען מיט האַרץ און איז מיטגעגאַנגען.

די סטאַמאַכינס האָבן געוווינט אין אַ קליין שטיבל אויף קאָנסטאַנטינאָווסקע. דרײַ צימערלעך אויפֿן ערשטן שטאָק מיט גערוען און נעגעלעך אויף אַלע פֿענצטער. ס'האָט אַ שמעק געטאָן מיטן קליינעם שטעטל, מיט באַקאַנטע רייכעס פֿון געבראָטנס און געבאַקטס.

ביידע ערשטע צימערן זײַנען געווען געפּאַקט מיט מעבל, ווי אין אַ קאָמיסיאָנקע. טישן און טישלעך. סאָפֿקעס און בעטן. און אַלץ האָט געבלישטשעט מיט ניקל, מיט קרישטאָל, מיט גאָל־

דענע רעמלעך. אינמיטן טיש אפן פליושענעם סערוועט — א פאָרצעלײַענע וואזע מיט פאפירענע בלומען. פון דער ענגשאפט איז ניט געווען מיט וואָס צו עטעמען.

ניין, טאָליע איז ניט ענלעך צו דער מוטער. די מאמע איז בא אים א שטילע, א ווייכע, א צעשוווּמענע. א מענטש אָן א גאל. מיידלווײַז איז זי מיסטאמע געווען אפילע שיין אויך. איצט איז דאָס א באיאָרטע יידענע, א קנעכט פונעם מאן און פון די זאכן. טאָליע און דער טאטע — דאָס איז א קאָפּיע מיט אָן אָריגינאל. דער זעלבער שטערן. דער שארפער קין מיטן גריבעלע אין דער מיט. די קארע אויגן, אין וועלכע דו קאָנסט בעשום־אויפן ניט דערגיין דעם עמעס. איין אונטערשייד: בא דעם טאטן זײַנען די אויגן שוין א ביסל אויסגעצוויטעט.

— קום, יאנע, אין מײַן צימער, — האָט זי טאָליע אָנגענומען פאר דער האנט.

בא טאָליען אין צימער גלאנצט אלץ, ווי אמאָל בא די האָרנשטיינס. יאנען ווערט קאלט.

— איאָ, גוט? — קוקט טאָליע איר אין די אויגן. — ס'וועט זײַן דײַן צימער. אונדזער צימער. זאָג נאָר „יאָ". גיב א קוק, וואָס פאר א מעדאליאָן איך האָב צוגעגרייט. הײַנט די אוירינגלעך? אלץ צו דײַנע זיבעצן יאָר. גיב זשע מיר כאָטש איין קוש. זע נאָר, וויפל מיידלעך שרײַבן מיר ליבע־בריוו. וויפל פאָטאָגראפיעס עס ליגן אין שופלאָד.

יאנען גלוסט זיך אים דערלאנגען א פאטש — פאר די אלע, וואָס האָבן אים געשריבן בריוו און געשענקט פאָטאָגראפיעס...

זי איז ארויס אין גרויסן צימער צו טאָליעס מאמע. זאָל זי שוין בעסער יענע האָדעווען מיט וואָס זי וויל: מיט פיש און עסיק־פלייש, מיט ווײַנשל־ווארעניע און האָניקלעקעך. „איך בין א נאשערן. איך האָב ליב זיס!"

טאָליע איז געשטאנען הינטער יאנעס בענקל, ווי א פארזינדיקט קינד אין ווינקל. „אויב הײַנט האָט ער גאָרנישט ניט פארשטאנען, וועט ער שוין קליגער ניט ווערן", — יאנע האָט רויִק געטרונקען טיי מיט אײַנגעמאכטס.

## קאפיטל נײַן

א יאָר און נאָך א יאָר. זיי פליִען, ווי טאָפּאָל־בלעטער אונטערן ווינט. יאנע וואקסט. זאָל זײַן ניט אזוי געשווינד, ווי דער טאָפּאָל, נאָר אף א סאנטימעטער האָט זי זיך פאָרט אויסגעצויגן. דאָס אכצעטע יאָר.

אין שטעטל, וווּ יאנע איז געקומען אורלויב־צײַט צו דער מאמען, האָט מען זיך געהאלטן אין איין ווונדערן: זע נאָר, ווי דאָס דאר, גרין מיידעלע איז עס פאד דרײַ־פיר יאָר פארוואנדלט געוואָרן אין א קוסט זשאסמין: ווײַס, באשיידן, דופטיק. דער צויבער פון יוגנט, פון פרילינג און בליונג רוט אף איר. די אויגן האָבן באקומען אן אנדער גלאנץ, די ליפן — אן אנדער רייץ, די הויט — אן אנדער קאָליר.

דאָס גאנצע קינדערהויז רינגלט זי ארום. די קלענערע זײַנען אונטערגעוואקסן. די עלטערע זײַנען זיך צעפלויגן. נישטאָ לייקע, דאָוויד, לייזער, סאָניע טיאָמקינע. וואניע יערמאָלינסקי אויך נישטאָ. געשטאָרבן...

די קינדער טרייסלען אויס פון איר אָן א שיר מײַסעס וועגן קיִעוו. וויִאזוי זי האָט זיך געטרונקען, דארפן זיי אויך וויסן.

— זי וועט לאנג לעבן בא מיר, — מישט זיך ארײַן די מאמע עסטער. — און סאָוועסט האָט איר? דאָס קינד האָט דאָך הײַנט ניט געהאט אין מויל...

ס'איז גאָרניט שלעכט אין אזויפיל יאָרן ארום ווידער ווערן א קינד און די מאמע זאָל זיך ארומדרייען ארום דיר...

גייט יאנע איר נאָך. זי איז געקומען אין אורלויב אף „ווייפאס". עסט זי ווי א גענדזל, ווען מע האָדעוועט עס אף פייסעך־שמאלץ. ס'איז ניט יענע הונגער־יאָרן. א ײַיכל איז אויך פאראן.

יאנע בארימט זיך פאר דער מאמען. זי איז שוין אויך עפּעס ווערט. פארענדיקט די פאבזאוושול לויטן העכסטן ראזריאד. דער הויפּט־אינסטרוקטאָר מערני זאָגט, אז זי האָט א גוט אויג און א פעסטע האנט. נאָך אורלויב וועט זי שוין אריבער ארבעטן אף דער שוך־פאבריק. מע האָט זי איבערגעלאָזט אין קיִעוו, זיפצט יאנע.

— איז דאָך גוט, — פארשטייט ניט יאנעס דײַגעס עסטער. — ביסט דאָך פארליבט אין קיִעוו...

גיי דערצייל איר, אז ס'איז דאָ א טאָליע אף דער וועלט.

באטאָג איז יאנע ארויס אין שטאָט. יעלענע מאקסימאָוונע האָט זיך, ווי איר טעווע איז, צעוויינט:

— זעט נאָר, ווי זי איז אויסגעוואקסן. ביסט דאָך שוין העכער פאר מיר! און וואָס הערט זיך מיט זינגען? נייסט נאָך אלץ דײַנע שיך? צוליב דעם האָב איך דיך געטריבן קיין קיִעוו?!

יאנע האָט אויסגעווישט יעלענע מאקסימאָווגעס בלויע אויגן, אוועקגעזעצט זי, ווי א קינד, אף איר פּליושענעם דיוואנטשיק און פארזיכערט, אז נישקאָשע, זי, יאנע, וועט נאָך זינגען.

יעלענע מאקסימאָוונע האָט זי אויך געהאָדעוועט. יאנע האָט געלאכט:

— א מעכייַע זייַן א גאסט. מע קאָן עסן זעקס מאָל א טאָג ווארמעס, צען מאָל וועטשערע און אָנבייַסן...

ס'איז שוין געווען שפּעטלעך, ווען יאנע איז ארויס פון יעלענע מאקסימאָווגען. נאָר זומער בלייַבט זומער! נייַן אין אָוונט, און עס איז נאָך ליכטיק. ווי נאָר זי איז ארויס אף גרויס־זשי־טאָמירער, כאפּט זי אָן פאר א האנט איוואן סטעפּאנאָוויטש:

— נעפּעש וואָס דו ביסט! אין שטאָט — און באווייַזט זיך ניט. איין בריוו פאר דער גאנ־צער צייַט. אנו, קום צו אונדז. מיר וועלן דיך צוזאמען מיט וואָלאָדיען שמייַסן!

— גוט. נאָר די מאמע עסטער דארף וויסן, וווהין איך בין פארפאלן געוואָרן. צו אייַך קאָן מען דאָך ניט צוגיין אף א שאָ.

די מאמע עסטער איז שטענדיק צופרידן, ווען זי דערזעט איוואן סטעפּאנאָוויטשן.

— נו, ווויל! זאָל זי שוין א קוק טאָן אף וואָלאָדיען.

יאנען ווילט זיך טאקע זייער זען, וואָס איז געוואָרן מיט וואָלאָדיען פאר דער צייַט.

וואָלאָדיע איז געווען אי דער דעמלטיקער, אי עפּעס גאָר א נייַער. דאָס איידל־געפּאצקעט יינגעלע איז פארוואנדלט געוואָרן אין א דעמבל, וואָס וואקסט אף דער פרייַ. און ווען די זון האָט זיך אוועקגעשטעלט אנטקעגן אים, האָט זי דערזען אף זייַן פּאָנעם א גאָלדענעם פוך.

ער באטראכט יאנען פון קאָפּ ביז די פיס, און א ווארעם פייַערל צינדט זיך אָן אין זייַנע גרינלעכע אויגן.

— דו ווייסט, — זאָגט ער, — איך פיר א טאָגבוך. דאָרטן ביסטו בא מיר אף א סאך זייַט־לעך. מייַנסט, כ'האָב פארגעסן דעם דעמב, וואָס האָט אונדז אויסגעבאהאלטן פון געוויטער?

ער טוט א שויבער אירע אזוי אויך צעפּאטלטע קוטשעראווע האָר, און יאנע פארבייַסט די ליפּן, אזוי צעצוויטשערט זיך בא איר דאָס הארץ, צעזינגט זיך, צום ערשטן מאָל אין לעבן. זי שטייט מיט די פיס אף דער ערד, און איינצייַטיק דוכט זיך איר, אז זי פליט.

ער האָט דען עפּעס געזאָגט? ניין! זיי האלטן זיך בלויז פאר די הענט און גייען... יאנע לאכט. עפּעס דארף מען דאָך טאָן, אויב ס'איז אזוי גוט! זי לויפט. זאָל ער איר נאָכלויפן. נאָר זי הערט ניט קיין טריט הינטער זיך. ער האָט ארומגעכאפּט מיטביידע הענט א בערעזקע און שאָקלט זי.

דאָס הייסט ליבע? זי ווייסט ניט. זי וויל נאָר, די צייַט זאָל זיך ציִען. זי קערט זיך אום און זעצט זיך אוועק בא זייַנע פיס. ער שווייַגט.

— וואָס וועט זייַן ווייַטער? — פרעגט ער. — איך וועל שוין ניט קאָנען זייַן אָן דיר.

— און איך? — ענטפערט יאנע.

זי האָט זיך אומגעקערט קיין קיִעוו מיט היימישער זון א דורכגעווארעמטע, מיט היימישע רעגנס א דורכגעוואשענע.

דער ערשטער טאָג אין פאבריק איז אויך א שטיקל נייַס אין לעבן פון א נעכטיקער פאב־זאווש־ילערן.

דער מייַסטער זארובינסקי האָט זי צוגעפירט צום פרעז און אייַנגערוימט א סאָד:

— מאָרגן וועט זייַן א קליין בענקעלע. איך האָב ניט געוווסט, אז דו ביסט אזא פּיצל...

יאנע האָט באקומען אן אויספירלעכן אינסטרוקטאזש, ווי באגיין זיך מיט דער מאשין. און כאָטש זי האָט שוין פון לאנג געוווסט, אז די מאשין דארף גלאנצן און אז מע דארף זי צו דער צייַט באשמירן מיט מאשין־אייל, די מעסערלעך דארפן זייַן שארף ווי א גאָל־מעסער, דאָך איז איר געווען שטארק אָנגענעם אויסצוהערן עס פון אן עמעסן מייַסטער אף אן עמעסער פאבריק, דערפילן, אז זי איז אן ארבעטערקע און ניט קיין שילערן.

— גוט, די מאשין וועט בא מיר גלאנצן, ווי א גאָלדענע, קלינגען, ווי א גלעקל, איך וועל אין איר זייַן פארליבט, ווי אין א שיין ייִנגל. דער מייַסטער איז צופרידן?

זארובינסקי האָט א קוק געטאָן אף יאנען, ווי איינער רעדט: די צונג דארף מען איר ניט פּיקן. און האָט זי אוועקגעשטעלט צום קאָנווייער.

דער קאָנווייער שטייט ניט אייַן קיין איין רעגע. ער לויפט רעגלמעסיק און אָן אופהער. עס האלטן איין פאָרן ברייטע יוכטעווע שיך פאר שאכטיאָרן. שאכטיאָרן ווארטן אף זיי, דער קאָנ־ווייער טאָר זיך ניט אָפּשטעלן.

יאַנע סטאַרטעט זיך. פון פּרעז הענגט אַף זייער אַ סאַך. די פאָרם פון דער פּאַדעשווע, די שײַנקייט פונעם ראַנט. נאָר די שיך זײַנען גרויס און די האַנט איז שמאָל און קליין. די דלאָניעס ברענען באַ איר און שרײַען פאַר ווייטעק. זי שווײַגט. עס מוז ווי טאָן דעם ערשטן טאָג.

יאַנע הערט זיך אײַן, ווי עס דזינקעט איר פּרעז. גאָר אַנדערש, ווי די „צוועקאָוועטשנע" מיט איר טיק־טאַק, ווי די שליפער־מאַשין, וואָס האַלט זיך אין איין פאַרכלינען מיטן לעדער־שטויב און הוסטן.

ליובע שווידקאַ פונעם צווייטן פּרעז שטייט אַ בראָנזענע פון לעדער־שטויב און רעדט עפּעס צו יאַנען. יאַנע הערט קיין וואָרט ניט.

דער מײַסטער זאַרובינסקי וואַקסט אויס ווי פון אונטער דער ערד:

— זע נאָר, ליובע רעדט גאָר? פאַר אַ נאָווענע כאַפּט זי אַ שמועס מיט דער נײַינקער. און דער קאָנווייער וועט שטיין?

נאָר ליובעס פאַמיליע איז ניט אומזיסט שווידקאַ[1]. זי רעדט אַ סאַך, נאָר אַרבעטן אַרבעט זי אויך שווידקאַ־שווידקאַ.

זאַרובינסקי כאַפּט אַ קוק אַף יאַנעס אַרבעט. ער איז, דאַכט זיך, צופרידן. די שיך שווימען גלײַכמעסיק, איינער נאָכן צווייטן.

סאָף טאָג פילט יאַנע, אַז די פיס וועגן באַ איר אַ פּוד צען. נאָר עס איז איר פרײלעך. זי באַטראַכט מיט פאַרגעניגן די פרישע קאַרבן, וואָס דער פּרעז האָט איבערגעלאָזט. ווען זי קאָן, טראָגט זי זיי אַרויס אין דרויסן: נאַט, זעט, מײַן ערשטער טאָג אין פאַבריק.

יאַנען איז גוט אַפן האַרצן. די גאַנצע וועלט דרייט זיך אַרום איר אין אַ פרײלעכן קאַראַהאָד. ווען עס דרייט זיך נאָך אויס אַ צימער, און ווען די מאַמע קומט נאָך, און ווען וואַלאַדיע...

ווען, ווען, ווען... דערווײַל דאַרף מען זיך אָנעמען מיט געדולד און וואַרטן. נאָך דער אַגראָ־שול וועט וואַלאַדיע בלײַבן אין לעניגנאַ אַרבעטן. דערנאָך וועט ער קומען קיין קיִעוו זיך לערנען אין אינסטיטוט און זי וועט אָנקומען אין קאָנסערוואַטאָריע. דערווײַל האָט זי זיך פאַרשריבן אין כאָר. אין זייער קלוב איז זייער אַ גוטער אָנפירער — קוטשערענקאָ.

זי סאָלירט אַפט. שוין אַפילע אַ פּרעמיע באַקומען. זינגען האָט זי נאָך אָנגעהויבן אין פּאָב־זאַווּשול. דער אָנפירער דערמאָנט איר זייער אָפט, אַז מע דאַרף מער אַרבעטן איבער זיך. ער איז אַוואַדע גערעכט. נאָר מע דאַרף אַ באַזונדערן צימער. דערווײַל וווינט זי נאָך אין דער געוועזענער קאָמונע. נאָר די קאָמונע איז שוין קיין קאָמונע ניט. מירע איז אַוועקגעפאָרן אַרבעטן אַף דער כאַרקאָווער פאַבריק, טאָניע — קיין וויניצע. ניוסיע באָריסאָוונע האָט שוין געגעבן יאַנען אָנצוהערן, אַז אין דעם צימער וועט זײַן אַ ייִנגלשע קאָמונע פאַרן נײַעם אויפנעם.

עמעצער פון די אַרבעטער האָט געזאָגט יאַנען, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, ווי זי מוטשעט זיך מיט דער דירע:

— גיי אַרײַן צו „באַטיען", אַלע גייען צו אים.

באַטיע[2] — אַזוי האָט מען גערופן אַף דער פאַבריק דעם סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַ־ניזאַציע געאָרגי סאַמוילאָוו.

אין פּאַרטיי־קאָמיטעט איז געווען אָנגערייכערט. סאַמוילאָוו איז געשטאַנען באַם אָפענעם פענצטער, און זײַנע העלע האָר האָט געשויבערט אַ זומער־ווינטל. זײַנע בלויע אויגן זײַנען גע־ווען פאַרכאָלעמט. אַף די פאַרזאַמלונגען האָבן זיי אָפט געהאַט גאָר אַן אַנדער אויסדרוק.

יאַנע איז אַרײַנגעגאַנגען שטיל. נאָר ער האָט גלײַך דערפילט, אַז עמעצער שטייט הינטער זײַן פּלייצע, און זיך אויסגעקערעוועט צו איר. אין דער מינוט איז באַ אים געווען אַזאַ געזיכט, ווי באַ אַ גרויס קינד.

— זייער גוט, וואָס דו ביסט אַרײַנגעקומען. מיר דאַרפן זיך נעענטער באַקאַנען. זינגען זינגסטו גוט. אַרבעטן אַרבעטסטו געשמאַק. איך ווייס אַפילע, דו לייענסט אַ סאַך און אַז עס האַלט שמאָל באַ דיר מיט דער וווינונג... וואָס קוקסטו אַזוי אַף מיר? איך בין ניט קיין קאָרטן־טרעפערן. ניוסיע באָריסאָוונע האָט מיר געקלונגען.

יאַנע האָט זיך גלײַך אַוועקגעזעצט:

— כאַווער סאַמוילאָוו, איר ווייסט שוין וועגן מיר זייער אַ סאַך, וויל איך, איר זאָלט נאָך ווייסן, אַז דער אָנפירער פון קלוב־כאָר, כאַווער קוטשערענקאָ, לערנט מיט מיר באַזונדער. דרײַ מאָל אין וואָך האָב איך אַ ספּעציעלן לימעד פון מוזיק. ער וויל מיך צוגרייטן אין קאָנסערוואַ־טאָריע. און איך האָב קיין אייגן ווינקל ניט. זינט די קאָמונע איז זיך צעפאָלן, פיל איך אַליין, אַז מע דאַרף באַפרײַען דעם צימער.

---

1 אַף אוקראַיִניש — גיך, שנעל.

2 טאַטע, פאָטער.

סאמוילאָוו האָט קינדעריש אַנגעבלאָזן די ליפּן.

— איך האָב שוין אַליין געפּרוּווט עפּעס טאָן. קום אַרײַן אין א פּאָר טעג אַרום.

אין א פּאָר טעג אַרום האָט סאמוילאָוו דערלאַנגט איר אַן אָרדער אַף א צימער:

— דאַנק ניט. וועסט מיך אײַנלאַדן צו זיך, ווען דײַן מאַמע וועט קומען. איך וויל זיך מיט איר באַקאַנען.

דער צימער איז געווען אַנטקעגן דעם אוניווערסיטעט. אַף טשודנאָווער גאַס, א פּרײַלעכער האַלבקרײַז מיט א סאַך פּענצטערלעך. יאַנע האָט געקריגן דעם צימער מיט א שטיקעלע נאַדן — א געשניצטן וואַנטזייגער מיט צווי בראָנזענע מאַלאָכימלעך. דער פּרעז גיט גוט פּאַרנאָסע. יאַנע קאָן זיך פּאַרגינען צום וואַנטזייגער אײַנקויפן מעבל, טיולענע פּאַרהענגלעך, לײַלעכער, געפּעס.

ווי נאָר זי האָט זיך א ביסל אײַנגעאָרדנט אַפן נײַעם אָרט, איז צו איר אין מיטיק־איבעררײַס צוגעגאַנגען ליאָניע טשודינסקי, דער קאָמיוגישער סעקרעטאַר. ער האָט צווי ערנסטע בלויע אויגן און איז לאַנג, ווי אויג־מעלעך־האַבאַשן. אַז יאַנע שטייט אַנטקעגן אים, דערלאַנגט זי ביזן מיטלסטן קנעפּל פון זײַן רעקל.

— דו גייסט באַ אונדז אַרום אַן א געזעלשאַפטלעכער אָנלאָדונג! — זאָגט טשודינסקי. — מיר דאַרפן האָבן פּראָפּאַגאַנדיסטן. מיט פּאַרשפּרייטן „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ“ האַלט באַ אונדז שוואַך. סאמוילאָוו זאָגט אויך, אַז דו וועסט זיך ספּראַווען.

יאַנע, אויב זי טוט שוין עפּעס, איז מיט לײַב־און־לעבן. די „קאָמסאָמאָלקע“ האָט זי ליב געהאַט. און ווײַל דער אויסוואַל פון די מאַטעריאַלן איז א פּראַגע פון איר געשמאַק, האָט זי אָרגאַניזירט דיספּוטן אַף מאָראַלישע און ליטעראַרישע טעמעס, געלייענט אין דער הייך לידער, דערציילונגען.

באַזונדערס לײַדנשאַפטלעכע דיסקוסיעס פּלעגן זיך צעפּלאַקערן אַרום מאַיאַקאָווסקיס לידער.

יאַנע האָט אופגענומען מאַיאַקאָווסקין ווי ער שטייט און גייט, אָן א פּאַרוואָס. און סאַשע זאַפּעסאָטשני האָט געשאָטן אַף מאַיאַקאָווסקין פּעך און שוועבל.

— איך האָב פּײַנט קונצן, כ׳האָב פּײַנט, אַז מע גייט מיטן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פּיס אַרוף, — האָט ער געשריגן. — דאָס לייטערל פון שורעס — דאָס איז בלויז לעשעם האַנאַראַר, און ניט מער. ווו איז דיכטונג באַ מאַיאַקאָווסקין? ווו איז בילדערישקײַט? שיינקײַט — אָט דאָס איז ברויט פּאַר דער נעשאָמע!

וויטקע הײַדוקאָוו, וואָס איז געווען מאַמעש פּאַרליבט אין מאַיאַקאָווסקין, האָט קיין סאַך ווערטער ניט געפּאַטערט. ער פּלעגט פּשוט אַרויסגיין און פּאַרלייענען מאַיאַקאָווסקיס לידער, און דאָס איז געווען גענוג מיטצורײַסן די גאַנצע יונגע אַאודיטאָריע.

איינמאָל האָט זיך סאמוילאָוו פּאַרקליבן אין לענין־ווינקל בעשאַס אַזאַ הייסער באַטאַליע.

— הוראַ, „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ“! — האָט ער ניט אויסגעהאַלטן. — גערעכט. מאַיאַ־קאָווסקי איז א גרויסער פּאָעט און אונדזערער א פּאָעט. וואָס עלטער איר וועט ווערן, אַלץ נעענ־טער וועט אײַך ווערן זײַן דיכטונג...

פון דעם טאָג אָן האָט זיך דער צונאָמען „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ“ ווי צוגעקלעפּט צו יאַנען.

נעמט זי א וואָרט, שרײַט מען שוין פּאָרויס:

— באַלד וועט די „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ“ אים אַרײַנזאָגן.

וואָס עמעס, איז עמעס, יאַנע האָט טאַקע א טעווע געהאַט זאָגן דאָס, וואָס זי מיינט. קיין דיפּלאָמאַט איז זי ניט געווען, און דרייען זיך אַפן קאָרעק האָט זי ניט געקאָנט.

ס׳איז דורך נאָך א פּאָר כאַדאָשים, און די מאַמע עסטער איז אַריבערגעפּאָרן צו יאַנען. יאַנע איז געוואָרן א גאַנצע נעגידעסטע, אַזויפיל מאַטאָנעס האָט מען איר אָנגעשענקט אַף כאַנוקאַס־האַבאָיִס. מע האָט אַף דער ליאַמע א סאַך געזונגען און געטאַנצט. סאמוילאָוו — איינער מיט דער יוגנט.

...דאָס לעבן איז פּול ווי אַן אויג: אַרבעט, ביכער, מוזיק, אָנלאָדונגען און... וואָלאָדיע. זײַנע בריוו. די לאַנגע אויסיִעס, עטוואָס אָנגעבויגענע אין א זײַט, ווי זיי וואָלטן זיך ציִען צו איר. „מײַן טײַערע, מײַן קליינינטשקע, איך וויל דיך אַזוי זען! הײַנט, מאָרגן, שטענדיק... פּאַרוואָס דאַרפן מיר אָפּלייגן?..“

## קאַפּיטל צען

דאָס אײַנגעשפּאַנטע ביקל טאָליע סטאָמאַכין איז געשטאַנען פּונקט אַנטקעגן איר פּרעז און געפּאָרקעט זיך אַרום דער שליפּער־מאַשין.

יאַנע האָט זיך געסטאַרעט ניט קוקן אַהין. נאָר טאָליע סטאָמאַכין האָט באַוויזן אײַנצײַטיק טאָן דרײַ אַרבעטן: פּאַריכטן די מאַשין, דערציילן באַבעמײַסעס און עסן מיט די אויגן יאַנען.

— אַט זעסטו שוין, כ׳האָב ניט גערעדט גלאַט אין דער וועלט אַרײַן. דו וועסט פון מיר זיך ניט אויסדרייען!

וואָס־וואָס, אײַנאָרדענען קאָן ער זיך. אַזעלכע, ווי ער, קאָנען אַלץ: זײַן אין גוטע באַציִונגען מיט נייטיקע מענטשן, ווו מע דאַרף מאַכן אַ מאַטאָנע, אונטערלעקן זיך, דערציילן צום אָרט אַ פּאַסיקן אַנעקדאָט. יאַנע ווייסט גוט אַלע זײַנע גענג. ס׳איז ניט ווי אין אַ שלעכטן ראָמאַן, ווו רעטער זײַנען געוויינלעך פּאָזיטיווע העלדן.

אַט האָסטו דיר נאָך אַ מאַטאָנע! אין איבערײַס האָט זי זיך דערוווּסט, אַז ליזע איז געקומען אַרבעטן צו זיי אין צעך. אין דער שטעפּער־בריגאַדע. אַ מומע — אַהער, אַ מומע אַהין, — עסן דאַרף מען.

די מאַמע האָט זיך באַקאַנט מיט טאַליען אָן יאַנעס הילף, ער איז אַליין געקומען זיך באַקאַנען, ווען יאַנע איז געווען אַף דער באַנאַכטיקער וואַכטע. דער מאַמען איז ער געפעלן געוואָרן: געראַ־טעוועט איר קינד. אַ סאָלידער באָכער. ער איז אָפּגעזעסן מיט איר אַן אָוונט אין פּאַרק, וואָס אַנטקעגן זייער הויז. דורכן גרינס רויטלט זיך די גרויסע אוניווערסיטעט־געבײַדע. אין פּאַרק זײַנען טאָמיד אַלע בענק פאַרנומען. סטודענטן מיט אָנגעשטאָפּטע פּאָרטפעלן גרייטן זיך צו די עקזאַמענס. מע האָט קיין צײַט ניט, נאָר יאַקאָס רײַסט מען אָפּ אַ פּאָר מינוט אַף זיך איבערצו־שמייכלען, איבערצוווינקען זיך, אַרײַנכאַפּן אַ קוש. שפּעט אין דער נאַכט זינגט מען דאָרט אָן אַ דיריזשאָר. אַף דער אוקראַיִנע טראָגן זיך לידער, אַליין אָן די זינגער, אינדערלופטן.

דאָס ווינקל דערמאָנט יאַנען צו אָפט, אַז ס׳איז שוין צײַט זיך ערנסט נעמען צום לערנען.

סאַמוילאָוו זאָגט צו זי אונטערהאַלטן. די דירעקציע האָט אַ ספּעציעלן פאָנד אַף גרייטן אַרבעטער אין הויכשול. מע דאַרף שאַפן אָן אייגענע אַרבעטער־אינטעליגענץ. ס׳איז דער ערשטער פינפיאָר אַף דער וועלט.

וואָלאָדיע אַרבעט נאָך אַלץ אין לעֶנינאַ. מע זאָגט אים אויך צו מיט דער צײַט שיקן זיך לערנען ווײַטער.

אַז סע פאַלט אָן אַף יאַנען אַ בענקשאַפט נאָך וואָלאָדיען, וואַרפט זי זיך אַף שטוביקער אַר־בעט. זי בערשטלט און רייניקט, וואַשט און קראַכמאַליעט. אַבי מיט עפּעס זײַן פאַרנומען. די מאַמע שטויסט זיך אָן, אַז עפּעס קומט פאָר אין אָט דער צעבושעוועטער מיידלשער נעשאָמע, נאָר זי שווײַגט.

די מאַמע עסטער וואָלט שוין לאַנג אוועק אַרבעטן, ווען ניט יאַנע. עסטער האָט זיך פאַר־בענקט נאָך די קינדער. יאַנע איז אַזוי זעלטן אין שטוב מיט איר. אויב ניט אַף דער פאַבריק — זינגט זי, אויב ניט אין קלוב — איז אַף אַ קאָנפערענץ, אַף אַ פאַרזאַמלונג. אין שטוב איז זי פאַרנומען מיט ביכער, מיט שרײַבן בריוו. אין די זונטיקדיקע טעג פירט זי אַרום עסטערן איבער קיִעוו, דאָס איז עמעס, נאָר פאַר דער מאַמען איז עס קאַרג.

קינדער זײַנען עגאָיִסטיש. יאַנען דוכט זיך, אַז באַ פופציק יאָר דאַרף מען שוין גאָרנישט און מע פאַרשטייט גאָרנישט. ס׳איז שוין די עלטער. שוין זשע מיינט די קליינע, אַז איר מאַמע איז טאַקע אַזוי אַלט? עסטער האַלט ניט אויס:

— ער איז דאָ געווען, טאַליע, ער מאַכט אַ ווױלן אײַנדרוק. דער איקער, ער האָט דיך אַף אַן עמעס ליב. אַ מענטש, וואָס האָט דיך געראַטעוועט פון טויט, פאַרדינט מער אויפמערק־זאַמקײַט...

יאַנע איז איצט געגליכן צו אַ קעסטעלע שוועבעלעך. זי צינדט זיך אָן, פונקט ווי מע זאָל צו איר צוטראָגן פײַער.

— וואָס זשע, אויב ער האָט מיך געראַטעוועט, דאַרף איך אים באַצאָלן דערפאַר?

עסטער שפּרינגט אויף:

— באַ דיר איז אָדער גאָר אָדער גאָרנישט... וואָלאָדיע געפעלט דיר. און פונוואַנען ווייסטו, אַז וואָלאָדיע וועט דיך אַזוי ליב האָבן, ווי טאַליע...

יאַנע קאָן זיך שוין ניט צוימען.

— וואָס ווייסטו וועגן טאַליען? געלט, אַט וואָס באַ אים איז דער איקער. איך האָב גאָר ניט געוווּסט ביז הײַנט, אַז מײַן מאַמע איז אַ געוויינלעכע יִידענע, וואָס טראַכט נאָר וועגן טאַכלעס. ווער־ווער, נאָר דו דאַרפסט דאָך ווייסן, וואָס הייסט ליבע. האָסט דאָך געוואָרט אַפּן טאַטן אַ גאַנץ לעבן. וועל איך אויך וואַרטן אַף וואָלאָדיען... טאַליע וועט ניט קויפן מײַן ליבע, אַפילע אויב ער איז דיר געפעלן.

יאַנע איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב. איצט איז זי געזעסן אַנטקעגן זייער הויף אין פּאַרק. ס׳האָט זיך איר שטאַרק געוואָלט וויינען. פון וואָלאָדיען שוין אַ וואָך צײַט קיין בריוו נישטאָ. וואָס איז געשען? אין דעם לעצטן בריוו האָט ער צו וויסן געגעבן, אַז מע שיקט אים קיין סטאַווישטשע. אַן אָפּגעשטאַנען דאָרף. עס קלעפּט זיך דאָרט ניט מיט דער קאָלעקטיוויזאַציע.

# קאַפּיטל עלף

ער קאָן שוין זײַן טעקליען. זי דאַרף זיך אויס שרײַען, איבערברענען, דערנאָך ווערט זי ווייך, ווי טייג, און גוט, כאָטש לייג זי צו צו א מאַקע... קאַרפּאָ קען שוין זײַן טעקליען.

עמעס, איר איז שווערער, ווי אים. אכט קינדער געבוירן. פינף באַגראָבן. סאָוועטסקע וואָלאסט האָט זיי געגעבן א שטיקל ערד, א קעלבל. איצט איז דאָס קעלבל שוין א גאַנצע בעהיימע געוואָרן. וויל זיך טעקליע ניט צעשיידן מיט איר האָב־און־גוטס, אָפּגעבן עס אין קאָלווירט. איי, זיי זײַנען קיין נעגידים סײַווי ניט געוואָרן, מאַכט ניט אויס... טעקליע וויל האָבן נאָר אייגנס: אַן אייגענעם מאַן, אייגענע קינדער, אַן אייגן שטיקל ערד און א בעהיימע. עמעצער האָט אײַנגערעדט די פרויען, אַז די קאָלכאָזן וועלן אַלץ פאַראַלגעמיינערן: די מענער, די קינדער, די ערד און דאָס פּי.

קאַרפּאָ פאַרייכערט די ליולקע און שמייכלט צו זיך אַליין: דוכט זיך, זי איז גאָרנישט פאַרליבט אין אים, זײַן טעקליע, זידלט אים באַטאָג און באַנאַכט, און האָט פונדעסטוועגן מוירע, טאָמער וועט אים אויסכאַפּן אַן אַנדערע. הײַנט גיי פאַרשטיי פרויען? אָט האָט טעקליע געשרי̇ען אַף א קאָל: די כאַטע טויג אַף קאַפּאָרעס. מיט אַזאַ מאַן איז נאָר גוט ליגן אין דער ערד. איצט, אַז מע לייגט זיי פאָר אַריבערגיין אין סווירידס פּאַלאַץ, וויל זי ניט.

קאַרפּאָ הייבט זיך פּאַוואָליע אויף, טרייסלט אויס דעם אַש פון דער ליולקע (זי איז געבליבן בא אים פון די בירגערקריג־יאָרן) און וואַרפט אַרײַן א פּאָר ווערטער:

— טעקליע, איך גיי צום באַפּולמעכטיקטן אָנגעבן א מעלדונג אין קאָלכאָז. דו פּאַק צונויף אונדזער ביסל גוטס. איך וועל מיט פאַרגעניגן וווינען אונטער א בלעכענעם דאַך, אויב סאָוועטסקע וואָלאסט הייסט.

בא טעקליען קלעפּן זיך טייקעף צו די האָר צום שטערן און ס׳נעמען רינען איבערן פּאָנעם טײַכן שווייס:

— סוויריד איז טאַקע א בלוטזויגער, און זײַן זון אַנדריי איז אַן עמעסער באַנדיט, נאָר איך וויל ניט גיין צו סווירידן אין פּאַלאַץ, כאָטש שנײַד מיך אַף שטיקלעך...

קאַרפּאָ טוט א זעץ מיטן קולאַק איבערן טיש, אַז אַלע טעלער שפּרינגען אונטער.

— נאַכעס מײַנער, אַקטיוויסט, האָסט א סאַך געלט הײַנטיקס יאָר פאַרדינט, וואָס דו מאָרדעוועסט זיך אַזוי?

טעקליע קאָן אַרײַנזאָגן.

— כ׳האָב גענוג געהאָרעוועט אַף סווירידן, וועל איך אַפּצולאָכעס אַלעמען וווינען נאָר אין סווירידס הויז. ס׳וועט דיר גאָרנישט העלפן.

קאַרפּאָ וואַרט שוין ניט אַף טעקליעס ענטפער. ער לאָזט זיך גיין אין דער נאַכט אַרײַן. טעקליע בלײַבט שטיין מיט אַן אָפן מויל. זי קען שוין איר קאַרפּאָ. אויב זי האָט אים ניט געקאָנט אײַנהאַלטן, איז א פאַרפאַלענע זאַך. אַזוי איז מיט אַלע שווײַגנדיקע מענער. גוט־גוט, און צום סאָף א ביסל ביטערלעך... אין כאַטע איז שטיל. עס סאָפּען די קינדער מיט די נעזלעך. צו נאַכט־צו פאַלן זיי, ווי קעלבלעך אַף דער שטרוי. זיי זײַנען בא איר לעבן געבליבן נאָר אַדאַנק דער בעהיימע. וויאַזוי זשע גיט מען אָפּ די האָדוואַלניצע? און עפּשער איז די סאָוועטנמאַכט פאָרט גערעכט? מע וויל אַלעמען מאַכן גרינגער? נאָר ווערליק מע רעדט אין קלויסטער און אין מאַרק, וועט ווערן מײַנס־דײַנס, און דײַנס־מײַנס...

עמעס, דער באַפּולמעכטיקטער זאָגט, אַז דאָס אַלץ איז באַלעגופישע פּלוידערײַ. נאָר ער איז דאָך א פאַרטייִשער, קאָן ער דען אַנדערש ריידן? אַנדריי זאָגט, אַז מע צאָלט אים דערפאַר געלט, דעם באַפּולמעכטיקטן. מע גיט זיי דערפאַר אָרדענס, וואָס זיי טרײַבן די פּויערים אין קאָלכאָז. דער גאַלעך אין קלויסטער האָט אויך געוואָרנט: ניט לאָזן די מענער אין די קאָלכאָזן. מיט ווילעס אַרויסגיין קעגן די אַגיטאַטאָרס... גאָט אַליין וועט מיטהעלפן...

וויל קאַרפּאָ זײַן קליגער פון דער גאַנצער וועלט. ער איז א בודיאָנאָוועץ געווען. נאָר מאַלע־וואָס ער איז אַמאָל געווען? א גליק האָט אים געטראָפן!

דער צוועלפיאָריקער וואַניושע האָט איר איבערגעשלאָגן די געדאַנקען — אָנגעהויבן שרײַען פון שלאָף. טעקליע דעקט אים אײַן. דאָס פּאָנעם ווערט בא איר מילד און טרויעריק. דער עלטסטער פון די איבערגעבליבענע. אויך אַזאַ שרײַער, ווי זי. נאָר א גוטער. א האַרציקער. עפּשער איז דער באַפּולמעכטיקטער גערעכט: מע דאַרף טראַכטן וועגן די קינדער. ס׳איז אַן אַנדער וועלט. מע זאָגט צו מאַשינעס. טראַקטאָרס. ווער ווייסט? עפּשער וועט איר וואַניושע נאָך זײַן א טראַקטאָריסט?

טעקליע איז איצט אַזוי שיין, אַז ווען קאַרפּאָ זעט זי אַצינד, פאַרליבט ער זיך ווידעראַמאָל. זײַן טעקליע האָט מען אין די יונגע יאָרן געהערט ווײַט. געווען די ערשטע זינגערן און די ערשטע שרײַערן אין דאָרף. די באַלעגופים אַליין האָבן מוירע געהאַט אָנהייבן זיך מיט איר:

— סקאזשענא דיווקאַ![1] — פּלעגט זאָגן סעמען גאווריליוק, בא וועמען טעקליע האָט געדינט.

טעקליע שפּאַרט זיך אָן אין טיש און כאַפּט א דרעמל.

ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט און אָפּגעטרייסלט פון זיך די רעשטלעך פון שלאָף, איז געווען שפּעטע נאַכט. אין שטוב איז געשטאַנען א טשאַד. דער קאַנעץ איז שוין פון לאַנג אויסגעגאַנגען. טעקליע האָט גענומען ווישן די קינדערשע פענעמלעך, אָפּבלאָזן פון זיי די סאַזשע... נאָר גלייך האָט זי זיך דערמאָנט אין קאַרפּאָן.

„גאָט מײַנער, וואָס איז מיט אים געשען? מע האָט דאָך הײַנט געדאַרפט אַרויסשיקן די באַלעגופים פון דאָרף. מע שפּילט זיך מיט אַנדרייען? ער קאָן אומברענגען קאַרפּאָן נאָר דערפאַר, וואָס יענער גרייט זיך איבערפּאָרן צו זיי אין כאַטע".

טעקליע האָט אַפּגיך אַרופגעוואָרפן אָף זיך די שאַל, צוגעשפּאַרט די טיר און זיך געלאָזט לויפן אין דאָרפסאָוועט... דער באַפּאָלמעכטיקטער וולאַדימיר איוואַנאָוויטש האָט דאָרטן גע־נעכטיקט, באַם פאָרזיצער אָפן דיוואַן. די לעמעשקע, קאַרפּאָ, האָט זיך אַפילע ניט אָנגעשטויסן פאַרלייגן אים אַריבערגיין צו זיי אין שטוב נעכטיקן.

אין דאָרפסאָוועט איז געווען טומלדיק. צו טומלדיק פאַר אַזאַ שפּעטער שאָ. די טאַפּליעס זײַנען געווען אויסגעזעצט. דער ווינט האָט פרײַ אַרומגעשפּאַצירט איבער די אויסגעצוויטעטע צײַטונגען און פּאַפּירן. אַן אומבאַקאַנטער גראָוער מענטש האָט געטײַנעט צו קאַרפּאָן:

— איך כאַזער איבער נאָכאַמאָל. איך בין געזעסן מיט וולאַדימיר איוואַנאָוויטשן זייער שפּעט. זיך צעקריגט מיטן ווײַב איבערן קאָלכאָז. ס'איז געווען אַזייגער איינס, ווען איך האָב זיך אופּגע־הויבן צו גיין אהיים. כ'בין שוין קימאַט געווען בא דער לעוואַדע, כ'הער, מע שיסט. מיר האָט זיך גלײַך אָפּגעריסן אין האַרצן. סווירידס אַנדריי קאָן אַלץ. ער איז מאָלע־רעציכע אָף וולאַדימיר איוואַנאָוויטשן. לאָז איך זיך לויפן אָף צוריק, צום דאָרפסאָוועט — פינצטער. אויסגעשלאָגן די טאַפּליעס. אין וואַנט שטעקט אָט די קויל, און וולאַדימיר איוואַנאָוויטש איז ניטאָ. כ'האָב זיך שטאַרק דערשראָקן און בין גלײַך אַוועק צו אונדזער האָלאָווע. דאָס איבעריקע ווייסט איר שוין אַליין.

בא טעקליען האָט גענומען זשומען אין די אויערן, פונקט ווי א קאָמאַר וואָלט זיך אַהין פאַר־קליבן. זי האָט ניט אויסגעהאַלטן און אָף א ווײַבערשן אויפן זיך צעיאָמערט.

— ס'איז נאָר אַנדרייס אַרבעט. ער האָט זונטיק אין קלויסטער־הויף זיך באַרימט, אַז ער וועט אומברענגען דעם באַפּאָלמעכטיקטן, נאָך איידער מע וועט זיי אַרויסשיקן...

וואָלאָדיע איז געלעגן אין א טיפן ריוו, א ווערסט פינף פון דאָרף, און האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט קומען צו־זיך. אין אויג האָט געברענט, און די פיס זײַנען, דאַכט זיך, ביידע געווען אי־בערגעבראָכן. אין די קורצע מינוטן, ווען ער קומט צו־זיך, דערמאָנט ער זיך, ווי אַלץ איז פאָר־געקומען: יעגאָר איז שוין אַוועקגעגאַנגען. ער האָט זיך שוין געקליבן לייגן שלאָפן. פּלוצעם — א שאָס. ער האָט באַוויזן זיך נאָר א וואָרף טאָן אין א זײַט. די קויל האָט זיך אײַנגעהריזעט אין וואַנט, און ער איז אַרויסגעשפּרונגען אין דרויסן. און דאָ האָט מען אַרופגעוואָרפן אָף אים א זאַק און גענומען קאַדויטשען. מער געדענקט ער קיין זאַך ניט.

וואָלאָדיע שטרענגט אָן אַלע זײַנע קויכעס, וויל זיך אַרומקוקן. ווו איז ער? און דערזעט לעבן זיך א זשאַבע. זי האָט אָנגעשטעלט אָף אים א פּאָר קוקערס, אופגעעפנט ברייט איר גרויס מויל, ווי איינער רעדט: „וואָסי, איך געפעל דיר ניט? כ'בין ניט געווען שיין? דערפאַר בין איך א לע־בעדיקע... וועט דיר זײַן א ביסל היימלעכער..."

„איך גיי אַראָפּ פון זינען, — טראַכט וואָלאָדיע, — עס ווײַזט זיך מיר אַלץ אויס. נאָר אַרויס־קריכן פון דעם קיווער וועט זײַן שווער. די פיס..."

אין דער רעגע דערהערט ער א האווקערײַ פון הינט. ער שטרענגט זיך אָן און הייבט אָן שרײַען, ווי ער האָט עס געטאָן אין וואַלד קליינווײַז:

— אהו! אהו!

...מע האָט אים אוועקגעלייגט אָף א פור, אויסגעבעט מיט היי, עס זאָל אים זײַן ווייך. אַלץ אַרום איז געווען ווי אין א נעפּל, און די אויערן זײַנען געווען פאַרלייגט, ווי מיט וואַטע. עס האָט זיך געוואָלט טרינקען. אוי, האָט זיך אים געוואָלט טרינקען! „לעבן געבליבן", — דאָס איז געווען דער לעצטער געדאַנק זײַנער. וואָלאָדיע האָט ווידער פאַרלאָרן דעם באַוווסטזײַן.

---

[1] א מעשוגענע מויד (אוקראַיניש).

## קאַפּיטל צוועלף

— וואָס לויפסטו אַזוי פון מיר? כ׳האָב געקוילעט דײַנע געגנדז? — האָט מיט אַ בײַסיק געלעכטערל טאַליע זי אָנגעכאַפּט פאַרן אָרבל באַם אַרײַנגאַנג אין גאָרקיך בייסן מיטיק־איבעררײַס.

זי ענטפערט ניט. קיין פריילעכע געשפּרעכן באַקומען זיך בײַ זיי סײַוויסײַ ניט. דערפאַר אָבער קוקט אים אין מויל אַרײַן ליזע מעדאָוניק. איצט אויך, ווי נאָר זי האָט אים דערזען, האָט זי אַרויסגעכאַפּט דאָס שפּיגעלע...

טאַליע זאָגט ווייך:

— הײַנט זעסטו, ווי מיידלעך גייען אויס נאָך מײַנע טריט. נאָר צום באַדויערן, דאַרף איך האָבן נאָר דיך. צו וואָס האָב איך דיך געראַטעוועט?

— בעסער וואָלט איך דערטרונקען געוואָרן אין דניעפּער, איידער אין דײַנע כאַכמעס!

טאַליע נעמט דאָס אויף ווי אַ וויץ.

— קום בעסער הײַנט אין אָוונט צום דניעפּער. אַזאַ רעסטאָראַן באַם טײַך, אַ פאַרגעניגן! וואָס זעסטו נאָך, כוץ פאַרזאַמלונגען און זיצונגען? לעב, קאָלזמאַן עס לעבט זיך!

דאָס איז זײַן גענעראַלע ליניע. פאַר די כעוורע אין צעך האָט ער זיך באַרימט, אַז פון זײַנע הענט האָט זיך נאָך קיין איינע ניט אויסגעדרייט... נישקאָשע, מיט דער „קאָמסאָמאָלסקער פּראַווּדע“ וועט ער זיך אויך אַן אייצע געבן.

וויטקע הײַדוקאָוו האָט ניט אויסגעהאַלטן. ער האָט געפרעגט בײַ יאַנען:

— וואָס קומט עס פאַר צווישן דיר מיטן נײַעם מעכאַניקער?

— דו ווייסט ניט, אַז איך האָב געוואָלט דערטרונקען ווערן?.. טאַליע האָט מיך געראַטעוועט, פון דעם טאָג אָן האַלט ער, אַז איך בין אים ווייניק דאַנקבאַר...

— היט זיך פאַר אים. ער באַרימט זיך פאַר אַלעמען, אַז ס׳איז דאָ אַן אייצע אויך צו אַזעלכע, ווי דו. אַ ביטערער פאַרשוין אָט דער טאַליע.

נאָר ס׳איז פאַראַן אַ סאַך זאַכן וויכטיקערע, ווי טאַליע. אָט דאַרף מען, אַשטייגער, צוגרייטן אַן אָוונט פאַר די שלאָג־בריגאַדעס פון פאַבריק. עס בלײַבט ווייניק צײַט אָף צו גריבלען זיך אין טאַליעס איבערלעבעכצן.

פון וואָלאָדיען איז שוין לאַנג ניטאָ קיין בריוו. דאָס איז אַ סאַך וויכטיקער. געקומען איין בריוו פון סטאַווישטשע, און שוין...

אין דער היים ווארט אָף איר, ווי שטענדיק, די מאַמע מיטן עסן. יאַנע כאַפּט אָפּגיך אַ קײַ און לייגט אַוועק דעם לעפל. עסטער לייענט איר פּנעם, ווי אַן אָפענעם בוך.

— יאַנע, לייג זיך פאַר אַ נאָוועגע צו. עפּעס ביסטו בײַ מיר טונקל־גרין־פּאָפּעליאַטע... ניין, קיין היץ איז בײַ דיר כאָלילע ניטאָ... — עסטער לייגט צו די ליפּן צו יאַנעס שטערן, ווי אַמאָל, ווען זי איז געווען אַ קליינינטשקע.

ס׳איז אַ געלעכטער, נאָר יאַנע לייגט זיך אינמיטן העלן טאָג שלאָפן. די טעג זײַנען גרויסע. פינף אַזייגער איז נאָך זייער ווײַט צו נאַכט. זי וואַרעמט זיך גיך אײַן, און עס נעמט זיך איר עפּעס פּלאָנטערן אין קאָפּ. און כאָטש עס קלעפּט זיך, ווי אַרבעס צו דער וואַנט, נאָר עס ווערט איר שרעקלעך.

זי שרײַט, דוכט זיך, פון שלאָף. עסטער וועקט זי אויף. שליסט אײַן דעם טיש־לאָמפּ. און ווען יאַנע דערציילט איר דעם כאָלעם, לייגט זי אים אויס צו שלעכטן און הייסט טייקעף שיקן וואָלאָדיען אַ טעלעגראַמע. אַפילע צוויי. איינע — אַהיים, און די צווייטע — קיין סטאַווישטשע.

יאַנע ווערט אַ גוט, פאָלגעוודיק קינד. זי שרײַבט אָן צוויי טעלעגראַמעס: וואָלאָדיען און איוואַן סטעפּאַנאָוויטשן. דער זייגער האַלט בײַ צען. יאַנע גייט אָף פּאָטשט מיט צוויי בייגע־לעך פּאַפּיר.

אינדערפרי איז שוין פאַראַן אַן ענטפער פון איוואַן סטעפּאַנאָוויטשן: „קום צו פאָרן. וואָלאָ־דיע איז קראַנק“, נאָר יאַנע דערוויסט זיך וועגן דעם ערשט שפּעט אין אָוונט, נאָך דער אַרבעט.

## קאַפּיטל דרײַצן

אַ גאַנצע נאַכט איז יאַנע געלעגן מיט אָפענע אויגן. זי האָט זיך געדרייט פון איין זײַט אָף דער אַנדערער, נאָר אײַנשלאָפן ווערן איז געווען אוממעגלעך. זי האָט געהאַלטן אין איין שמועסן מיט מיראָנאָוון, דעם דירעקטאָר, דערווײַזן אים, אַז זי מוז גיין אין אורלויב אויסערן גראַפיק.

נאָר אומזיסט האָט יאַנע זיך אַזוי געשראָקן. ווי נאָר מיראָנאָוו האָט אַ קוק געטאָן אָף איר אויסגעבלייכטן פּנעם, איז אים קלאָר געוואָרן, אַז דאָס מיידל מוז גיין אין אורלויב. עס גייט איר אין לעבן. מיט זײַן ברייטלעכער האַנט האָט ער אַ גלעט געטאָן איר טשופּרינע, באַרויִקט זי און אַרויסגעריסן פון בלאָקנאָט אַ בייגעלע, געגעבן איר, זי זאָל אָנשרײַבן אַ מאָטיווירטע מעלדונג.

אין א מינוט צען ארום איז יאנע אָן א זײַ־געזונט אנטלאָפן זיך גרייטן אין וועג אַרײַן.

אַף אַלץ האָט זי זיך געקאָנט ריכטן, כוץ אַף איינס: אַז די מאמע עסטער וועט איר זאָגן „פּאָר ניט!". ווי נאָר יאנע האָט אַרויסגעשלעפּט דעם טשעמאָדאַן און גענומען צונויפלייגן די זאַכן, האָט עסטער אַנגעשטעלט אַף איר א פּאָר אויגן:

— וואוהין? וווהין פּליסטו אַזוי? וואָלאָדיע האָט, דאַנקען גאָט, טאַטע־מאַמע, ברידער... ווער איז ער דיר?

בא יאנען איז דאָס גאַנצע בלוט אַנטרונען פונעם פּאַנעם. זי איז בלייך געוואָרן, ווי פּאַפּיר.

— דו ווייסט, מאַמע, אונדזער מיראַנאָוו האָלט, אַז מײַן פּאָרן איז א נאַטירלעכע זאַך. און דו פרעגסט מיך, ווער איז פאַר מיר וואָלאָדיע. איך האָב אים ליב. איך וועל פּאָרן. עס ווען דיר ניט העלפן קיין שום רייד.

עסטער ווייסט שוין פון לאַנג: אויב יאנע באַשליסט עפּעס, איז פאַרפאַלן. מעגסט שטעלן אַיין פוס אַפן הימל, דעם צווייטן אַף דער ערד, וועט דיר סײַוױ ניט העלפן. שוין בעסער עפּעס אָפּ־באַקן אַפן וועג. ניט לאָזן זי מיט ליידיקע הענט צו איוואַן סטעפּאַנאָוויטשן.

זי נעמט זיך צו דער אַרבעט, אָבער זי טוט אַלץ מעכאַניש, ווײַל דאָס האַרץ טוט וויי.

„ווי זאָל איך זי לאָזן קריכן מיט א געזונטן קאָפּ אין א קראַנקן בעט? קאַרג, וואָס איך האָב געפּאַטערט מײַן לעבן. בא אַנטאָנינע ניקאָלײַעווגען וועט זי קיין האָניק ניט לעקן..."

עסטער זשאַלעוועט ניט קיין בוימל, שמירט מיט א פלעדערוויש יעדעס בעקעלע. די פּליטע איז אַנגעגליט. עסטער איז פאַרפּאַליעט. ס'איז איר הייס. עס דוכט זיך איר, דאָס גאַנצע לײַב ברענט, די גאַנצע נעשאָמע...

„זי, עסטער, איז דען וואָלאָדיען א סוינע? א ווײַלער באָכער. א שיינער. נאָר ער איז בא זײַן מאַמען דער דריטער, און יאנע איז בא איר אַן איין־און־איינציקע. זאָל טאַקע וולאַדימיר וואָס גיכער געזונט ווערן... נאָר מיט וואָס קאָן יאנע אים העלפן?"

...אין שטעטל איז אַלץ געווען אין צוויט. אַלץ אײַנגעוויקלט אין פרילינג. די שטיבער אונ־טער די שטרויענע און בלעכענע דעכער זײַנען ווי קלענער געוואָרן, שטילער. יאנען האָט זיך געוואָלט זיי א גלעט טאָן, ווי קליינע קינדער, אַזוי דערוואַקסן האָט זי זיך דערפילט.

דער אַלטער באַקאַנטער איציק סוכער איז נאָך אַלץ א באַלעגאָלע. ווי נאָר ער האָט דער־קענט יאנען, האָט ער פאַרלאַנגט, זי זאָל אים מאַכן פרײַלעך.

— אײַ א טאָג, א גאָלדענער טאָג. ווי קאָן מען עס שווײַגן?..

נאָר יאנען זינגט זיך ניט.

זי דאַרף זיך נאָך דערקלײַבן קיין רודניע, דערנאָך אַפן כוטאָר. זי האָט גענוג צײַט אַף טראַכטן. ווי וועט זי זיך באַגעגענען מיט וואָלאָדיען? ווי דערמונטערט מען אַנטאָנינע ניקאָלײַעוו־נען? זי איז דאָך, אין טאָך גענומען, זייער אומבאַהאָלפן. און דאָ אַזאַ קלאַפּ. וואָלאָדיע איז דאָך איר גאַנצע צירונג. וועגן זיך האָט יאנע ניט געטראַכט.

באַם באַקאַנטן גאַנעקל בלײַבט זי שטיין. דערנאָך האָט זי געמאַכט א פּאָר טריט צו דער שוועל פון פּירהויז, אָפּילע אוועקגעלייגט די פינגער אַף דער קליאַמקע און זיך ווידער אָפּגע־שטעלט — איבערכאַפּן דעם אָטעם. מע דאַרף באַרויִקן דאָס האַרץ. באַלד וועט זי דערזען וואָלאָדיען.

— זע נאָר, יאנע! — גיט א פּליעסקע מיט די הענט אַנטאָנינע ניקאָלײַעוונע. — וואָס זשע האָסטו ניט געגעבן צו וויסן, אַז דו פאָרסט? מיר וואָלטן דיך באַגעגנט...

„ניין, זי איז א מאָלאָדיעץ, וואָלאָדיעס מאַמע, האַלט זיך גוט", — טראַכט יאנע. נאָר באַלד קומט פאָר אַן איבערקערעניש. זיי גייען אַרײַן צו וואָלאָדיען אין צימער. אַנטאָנינע ניקאָלײַעוונע פאַרבײַסט די ליפּן און כאַפּט זיך צום טיכעלע.

וואָלאָדיע ליגט מיט פאַריסענע גיפּסענע פיס און מיט פאַרבאַנדאַזשירטע אויגן. מע זעט נאָר די שפּיץ נאָז און וואָלאָדיעס דינע ליפּן. ניט ווײַט פון בעט שטייען אַנגעגרייט צוויי מיליצעס. וואָלאָדיע דרייט אויס דעם קאָפּ אין יאנעס זײַט און בלײַבט ליגן אומבאַוועגלעך. בא יאנען שטעלט זיך אָף איין רעגע אָפּ דאָס האַרץ. זי האַלט ניט אויס און לאָזט זיך לויפן צו זײַן בעט:

— וואָלאָדיע, טײַערער, שווײַג ניט! איך בין געקומען צו דיר...

עפּעס שטיקט זי. זי שלינגט די טרערן, לייגט אַוועק אַף זײַנע ליפּן די האַנט און פילט, ווי די ליפּן ציטערן. אַנטאָנינע ניקאָלײַעוונע בלײַבט פאַרלאָרן פון אָט דער באַגעגעניש און זוכט אַן אויסוועג.

— יאנע איז נאָרוואָס פון וועג. נאָך ניט קיין געוואַשענע און ניט קיין געגעסענע...

יאנע פאַרשטייט דעם סיגנאַל. זי פאַרשווינדט גלײַך הינטער דער שירמע. דאָ איז אַנגעגרייט

א שיסל וואַרעמע וואַסער און זייף. אַנטאָנינע ניקאָלײַעװנע ליגט אַפילע פאַר, אַז זי וועט א רײַב טאָן איר די פּלייצע...

יאַנע ווערט רויט:

— מע דאַרף ניט.

אַנטאָנינע ניקאָלײַעװנע לאָזט זי צורו.

יאַנע האָט געגעסן סמעטענע מיט קעז, געטרונקען זויערמילך, אַלץ אַזוי לאַנגזאַם, אַז אַנטאָ־נינע ניקאָלײַעװנע האָט זיך אָנגעשטויסן, מע דאַרף אַוועקגיין. זי האָט געפונען א סיבה: מע דאַרף גיין אָנזאָגן איוואַן סטעפּאַנאָוויטשן, אַז יאַנע איז געקומען צו פאָרן...

וואָלאָדיע איז געווען ווי אַן אָנגעצויגענע סטרונע. ער האָט אופגעציטערט, ווען ער האָט דערהערט, ווי עס מאַכט זיך צו די טיר נאָך דער מוטער.

— מע דאַרף ניט, טײַערער, מע דאַרף וועגן גאָרנישט ניט טראַכטן, כוץ וועגן דײַן געזונט. זײַנע ליפּן האָבן זיך צעשמייכלט:

— איך זע דיך. איך זע דיך דורך דער מאַרליע. איין אויג איז אין פולער אָרדענונג...

וואָלאָדיע פּרוווט ריידן רויק, נאָר עס באַקומט זיך ניט... די אויסגעדאַרטע פינגער ציטערן פאַרט.

דוכט זיך, זיי האָבן ביידע געוואַרט אויף אַנטאָנינע ניקאָלײַעװנעס אַוועקגיין, נאָר זיי זײַנען אַזוי אופגערודערט, אַז זיי שווײַגן.

ווען זיי האָבן זיך ביידע עטוואָס באַרויִקט, האָט יאַנע שטיל אים אײַנגערוימט א סאָד:

— וואָלאָדיע, דאָ וועל איך דיך ניט איבערלאָזן.

ווען איוואַן סטעפּאַנאָוויטש מיט דער פרוי זײַנען געקומען אַהיים, האָט יאַנע מיט עפּעס געהאָדעוועט פון א לעפל וואָלאָדיען, געווישט די ליפּן מיט איר טיכעלע. וואָלאָדיע האָט גע־שמייכלט.

אַנטאָנינע ניקאָלײַעװנע האָט ניט אויסגעהאַלטן. פון איבעראַשונג האָט זי זיך פאַרכלינעט מיטן ערשטן וואָרט און אָנגעהויבן הוסטן.

„גוט, וואָס ס'איז פאַראַן איוואַן סטעפּאַנאָוויטש אויף דער וועלט", — טראַכט יאַנע. יענער האָט זיך גלײַך געפונען און אָנגעהויבן יאַנען אויספרעגן וועגן קיִעוו און וועגן עסטערן, באַ־טראַכטן זי פון קאָפּ ביז די פיס, האָט זי געקושט, פונקט ווי זי וואָלט געווען זײַן טאָכטער.

— קינד מײַנס, א דאַנק דיר פאַר אַלץ...

אַנטאָנינע ניקאָלײַעװנע האָט ווידער גענומען הוסטן, ווי עס וואָלט זי געשטיקט.

יאַנען גלוסט זיך וויינען צום ערשטן מאָל פאַר דער גאַנצער צײַט. און ניט צוליב אַנטאָנינע ניקאָלײַעװנעס הוסט, נאָר צוליב די פאָר ווערטער פון וואָלאָדיעס פאָטער.

— איצט דערלויבט מיר צוגיין צום דאָקטער צוויפל. מע דאַרף זיך מיט אים אויסרעדן. כוץ דעם, וויל איך זײַן אין ראַיקאָם און אין קינדערהויז.

דער אַלטיטשקער דאָקטער צוויפל האָט זי באַגעגנט, ווי ער וואָלט שוין לאַנג אויף איר געוואַרט.

— זייער גוט, וואָס דו ביסט געקומען. אין אַזעלכע פאַלן איז גוט האָבן בא דער זײַט כאָטש איין ניכטערן מענטשן. אַנטאָנינע ניקאָלײַעװנע איז געוואָרן א היסטעריטשקע. אויף איוואַן סטע־פּאַנאָוויטשן רײַסט דאָס האַרץ קוקנדיק. דאָס האָב איך פאַרגעלייגט איוואַן סטעפּאַנאָוויטשן שיקן דיר א טעלעגראַמע. איך האָב געוווּסט, אַז דו וועסט ניט אויסהאַלטן און קומען. רויטל זיך ניט. איוואַן סטעפּאַנאָוויטש ווייסט שוין לאַנג, אַז וואָלאָדיע האָט דיך ליב. און איך? איך בין דאָך א דאָקטער. א דאָקטער און א גאַלעך דערציילט מען אויס אַלע סוידעס... בעסער פאַר אַלץ איז אַוועקפירן וואָלאָדיען קיין קיִעוו. דאָרטן זײַנען פאַראַן גלענצנדיקע אָקוליסטן. איך בין א דילע־טאַנט... און וואָלאָדיען דאַרף מען פירן צו גרויסע ספּעציאַליסטן. ער האָט פאַרדינט. אין צוויי־דרײַ וואָכן אַרום וועסטו אים קאָנען פירן קיין קיִעוו. איצט זעץ זיך צו, וועל איך דיר דערציילן, וויאַזוי דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען. דאָרטן איז ניט קעדײַ וועגן דעם צו פרעגן.

ווי איר ווילט, נאָר עס איז גלײַכער, אַז א מענטש ווייסט דעם עמעס. יאַנע איז אַרויס פון דעם דאָקטערס קאַבינעט אָן אופגעמונטערטע.

דער סעקרעטאַר פון ראַיקאָם האָט איר אויך צוגעזאָגט מיטהעלפן.

אין קינדערהויז איז זי אַרײַנגעלאָפן ניט אויף לאַנג. זי האָט געמוזט ביז נאַכט זיך דערקלײַבן צום כוטאָר.

...מע האָט שוין אויף איר געוואַרט. יעדערער אויף זײַן אופן. אַנטאָנינע ניקאָלײַעװנע איז געווען אופגערעגט און פאַרוויינט. איוואַן סטעפּאַנאָוויטש האָט שפּאַצירט איבערן צימער מיט ברייטע טריט. איין וואָלאָדיע איז געלעגן אומבאַוועגלעך און געביסן די דינע ליפּן זײַנע.

„זיך דורכגעשמועסט אין מײַן אָפּוועזנהײַט, — האָט זי א טראכט געטאָן מיט ביטערקײַט, — שוין זשע איז די מאמע עסטער געווען גערעכט?"

— יאַנע, קום צו מיר, זעץ זיך צו, דערצייל, וואָס האָט דיר דער דאָקטער אָנגערעדט וועגן מיר? — האָט וולאַדימיר מיט א פאַרבאָרגענעם ווײ זיך צו איר געווענדט.

יאַנע האָט אָפּגיך אויסגעדערציילט אַלע נײַסן:

— צוויפל אייצעט דיר פאַרן קיין קיִעוו.

— יאַנעלע, טײַערע, די מאמע האלט, אז קיין קיִעוו דאַרף איך איצט ניט פאָרן. ס'איז עגאָיִסטיש ארופּוואַלגערן אף דײַנע שמאָלע אקסלען אזא לאַסט, ווי איך. די מאמע וועט מיך אוועקפירן קיין זשיטאָמיר, אָדעס, נאָר אליין... זי זאָגט, אז דערויף איז זי א מאמע. די מאמע... די מאמע...

בא יאַנען האָט זיך אָפּגעריסן אין הארצן, אזוי אומבאהאָלפן האָט עס געקלונגען: „די מא־מאמע... די מאמע..."

„ניין, ער האָט מיך ניט ליב, ער האָט מיך ניט ליב!.. וויאַזוי קאָן ער מיט מיר אזוי ריידן? און איך, דער נאַר... איך פיר אים קיין קיִעוו, איך מוז אים פירן אהין... מע קאָן פאַרברענט ווערן פאַר כאַרפּע".

זי איז ארויסגעלאָפן פון שטוב. יאַנע איז געווען אזוי בלאַס, אז אפילע אנטאָנינע ניקאָלײַעווּ־נע האָט זיך דערשראָקן. „דאָס מיידל קאָן אָנהייבן כאַלעשן... אזא מײַסע". נאָר באַרויִקן האָט זי יאַנען ניט געקאָנט און ניט געוואָלט. זי האָט אליין אָנגעהויבן וויינען מיט ביטערע טרערן — דאָס איינציקע, אין וואָס אנטאָנינע ניקאָלײַעווּנע האָט פאַר קיין קאָנקורענץ ניט מוירע געהאַט.

— איך וויל ניט, אז דו זאָלסט אים צונעמען בא מיר. דו ווילסט זיך באַניצן מיטן אומגליק און ארויסגאַנווענען אים בא מיר? ליבע? קינדער־מײַסעס... און אײַנרעדעניש... זײַן עמעסע ליבע וועט ער נאָך באַגעגענען. און ביכלאַל, וועגן וואָס קאָן מען איצט ריידן, ווען א באַכער ליגט מיט איבערגעבראָכענע פיס און מיט א בלינד אויג? א געלעכטער... דו ביסט יונג... וועסט נאָך כאַסענע האָבן מיט דײַן גלײַכן. וואָלאָדיע איז אן אגראָנאָם. א קינסטלער... דו נייסט דערווײַל נאָר שיך... פאָלג מיך, מע דאַרף ניט...

— אויב איר רעכנט, אז איך בין נאָך ניט דערוואַקסן צו ווערן וואָלאָדיעס פרוי, וועל איך אײַך טאָן צוליב. אײַך שאַקירט א שוסטער־מיידל... ווען ער וואָלט געווען געזונט, וואָלט אײַך גאָרנישט ניט געהאָלפן. ער וואָלט צו מיר אליין געקומען. נאָר, צום באַדויערן, איז ער קראַנק. ער דאַרף ווערן געזונט. און ווײַל איך האָב אים שטאַרק ליב, גיי איך אוועק. איך וועל אוועקפאָרן אזוי, אז וולאַדימיר זאָל אפילע ניט וויסן. האלט אויס נאָך איין נאכט... איצט גייט אוועק פון מיר. איך וויל בלײַבן אליין...

קיינער טאָר ניט זען אירע טרערן. אין וואלד וועט איר זײַן גרינגער.
איר גאָלדענע פאווע רײַסט זיך בא איר פון די הענט.

ווען ס'איז שוין געוואָרן רעכט פינצטער, האָט זי זיך אומגעקערט. וואָלאָדיע האָט גלײַך דערהערט אירע טריט.

— ווו ביסטו אזוי לאַנג פאַרפאַלן געוואָרן? בא מיר ווערט שוין דאָס הארץ צעפּלאַצט פון וואַרטעניש...

— איך האָב צוגעזאָגט זינגען פאַר דעם קליינוואַרג אין קינדערהויז א וויגליד...
אנטאָנינע ניקאָלײַעווּנע האָט זי אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנדערונג. יאַנעס פּאָנעם איז אזוי ווײַט געווען פון זינגען, ווי וואָלאָדיעס פיס פון טאַנצן.

— עפּשער וועסטו עפּעס עסן? א גאַנצן טאָג לויפסטו ארום... — איוואַן סטעפּאַנאָוויטש האָט צוגערוקט א טעלער באָרשטש. — עפּעס ביסטו בא מיר הײַנט צו בלייך. מע טאָר ניט אזויפיל זינגען.

יאַנען האָבן געשטיקט טרערן. זי האָט געקלאַפּט מיט לעפל־גאָפּל, קעדיי צו פאַרטויבן אָן אומגעריכטן שלוכץ.

— האָסט זיך רעכט אויסגעהונגערט, — האָט וואָלאָדיע פריילעך געזאָגט, — זעץ זיך אוועק לעבן מיר. כ'האָב דיך שוין אזא צײַט ניט געזען.

יאַנע האָט זיך צוגעזעצט צו זײַן בעטל און געגלעט, געגלעט זײַנע הענט, ווי זי וואָלט וועלן איר גאַנצע ליבע און צאַרטקײַט איבערגיסן אין זײַנע פינגער. עפּשער וועט ער דערפילן, אז דאָס איז איר לעצטער „זײַ־געזונט" און זי איז ניט אָפּלאַון, ניט אָפּלאַון...

נאָר קיין נעס איז ניט געשען. אף מאָרגן איז שוין יאַנע געווען ווײַט פון וואָלאָדיען.

די מאמע עסטער האָט זי באַגעגנט מיט א פראַגע:

— וואָס אזוי גיך?

— אַנטאָנינע ניקאָלײַעוונע האָט באַשטימט פירן וולאַדימירן קיין זשיטאָמיר. נעענטער צו דער היים.

יאַנעס אויגן האָבן געזאָגט עסטערן מער, ווי די קאַרגע ווערטער אירע. דעם עמעס גערעדט, איז עסטער געווען אפילו א ביסל צופרידן...

אינטערעסאַנטער פון אַלץ, וואָס מיט דער זעלבער פראַגע האָט זי באַגעגנט אויך מיראָנאָוו אַף דער פאַבריק.

— וואָס אזוי גיך אַף צוריק?

— מע דאַרף מיך דאָרטן מער ניט. ניט ער, פאַרשטייט זיך, נאָר זײַן מאַמע.

— אזוי גאָר? דערפאַר דאַרפן מיר דיך. דו ווייסט, מע וויל בא אונדז צונעמען סאַמוילאָוון. אין דער שטאָטישער קאָנטראָל־קאָמיסיע...

יאַנע איז געבליבן שטיין א פאַרלאָרענע. אָן סאַמוילאָוון וועט איר זײַן א סאַך שווערער. ער איז א טאַטע פאַר איר געוואָרן. און עפּשער נאָך מערער. ער איז פאַר איר די מאָס פון אָפּריכטיקײַט און עמעס.

איצט שטייט איר נאָך פאַר באַגעגענען זיך מיט טאַליאַס טריִומפירנדיקע אויגן: „ס׳קומט דיר אזוי. אז מע האָט דיך עמעס ליב, ווארפסטו זיך...״

מע קאָן זיך פאַרגעסן נאָר אין ארבעט. אין לידער. זאָל קיינער איר ניט קאָנען אויסווארפן, אז זי קאָן נאָר גייען שיך. און אכוץ האַמײַסע, ווי וועט זי לעבן אי אָן וואָלאָדיען, אי אָן לידער?

וואָס גיכער פאַרטרײַבן דעם ווי, פאַרפילן די פּוסטקײַט. מע דאַרף שאַלעם מאַכן מיטן געדאַנק, אז מער וועלן צו איר ניט קומען די בלויע קאָנווערטן מיט וואָלאָדיעס צעצויגענע אויסיעס. ער איז קראַנק. שרײַבן קאָן ער ניט. און מיט דער צײַט וועט ער אין איר פאַרגעסן, ווי דער טאַטע מיכל האָט פאַרגעסן אין דער מאַמען...

אין סענטיאַבער איז זי אָנגעקומען אפן ערשטן קורס פון דער קיִעווער אָוונט־קאָנסערוואַטאָריע. אַלע זײַנען געווען צופרידן. נאָר טאַליע איז ארומגעגאַנגען ווי א פאַרלוירענער. ער איז געווען באַליידיקט אין זײַנע בעסטע געפילן און האָפענונגען... איצט האָט זי זיך ארויסגעריסן ענדגילטיק פון זײַנע הענט.

מאַריִע גענריכאָוונע, איר לערערן, האָט זיך עמעס דערפרייט מיט אזא שילערן:

— א וווּנדערבאַרע שטים, וווּנדערבאַרע הענט בא אָט דער ארבעטערן! דאָס מיידל וועט נאָך מיט דער צײַט זינגען טשײַקאָווסקיס ליזע, מע דאַרף זיך נאָר היטן פון שטויב. זי ארבעט דאָך...

ארבעטן אַף דער פאַבריק און זיך היטן פון שטויב איז אוממעגלעך. צוהילף איז געקומען סאַמוילאָוו. נאָר דאָס איז פאַרגעקומען שפּעטער, ווען זי איז אריבער אפן דריטן קורס.

די ליבע צו וואָלאָדיען האָט יאַנע ארײַנגעטריבן אין זיך. זי וואָלט געוואָלט אינגאַנצן אין אים פאַרגעסן. נאָר ניין, ס׳איז אוממעגלעך. די מאַמע מיט די ביינער. מיכל איז געווען א מערדער, אָן אויסוווּרף, נאָר פאַר איר — דער בעסטער און דער שענסטער.

ווײַזט אויס, יאַנע מוז אַליין איבערפּאַקן און איבערמאָזלען, ביזוואַנען זי וועט געזונט ווערן.

וואָלאָדיע האָט געשריבן. וויאזוי האָט ער עס געקאָנט טאָן, — ווייסט ער איינער. עסטער האָט די בריוו באַקומען און פאַרברענט. פון אָנהייב האָט זי ז׳י אפילו ניט געלייענט. נאָר עס זײַנען געגאַנגען אזויפיל בלויע קאָנווערטן, אז דער נײַגער איז געוואָרן שטאַרקער, ווי דער באַליידיקטער געפיל פון מוטער־ליבע.

זי האָט גענומען לייענען און האָט זיך געפרייט: ניין, איר טאָכטער האָט מען ליב. מיט יאַנען ווארפט מען זיך ניט.

עסטער האָט געזען, ווי שווער יאַנע לעבט איבער די געשיכטע מיט וואָלאָדיען, אָבער זײַן מאַמע וועט דאָך אײַנליגן בערג און וועט ניט דערלאָזן, זיי זאָלן זיך נעמען. צוליב וואָס זשע באַוווּזן יאַנען די בריוו, שיטן זאַלץ אַף די פרישע וווּנדן? זאָל זי בעסער טראַכטן, אז ער איז פאַרנומען מיט זיך: מיט די אויגן, מיט די פיס. ער וואַרט דאָך אַף אַן אָפּעראַציע. א ווערטעלע צו זאָגן, אויגן!

אזוי פירט זיך שוין אַף דער וועלט. די ערשטע ליבע פאַרבלײַבט אָפּטער פון אַלץ ניט מער ווי א שיינער כאַלעם.

## קאפיטל פערצן

פעווראל אף אוקראַיניש הייסט „ליוטי" — בייזער, אכזאַריעסדיקער. ער האָט זיך טאַקע געבייזערט דאָס מאָל. די זון איז פאַרגאַנגען אין פֿײַער, ווי אין א בייזער סרייפע. אין דרויסן האָט זיך אָנגעהויבן אן איבערקערעניש. דער ווינט האָט געפּײַפט און געשלײַדערט אין פּאָנעם שניי, ווי קאַלטע בריִענדיקע בלויע פונקען. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אזא זאווערוכע, אז א גוטער באַלעבאָס וואָלט קיין מעשוגענעם הונט ניט ארויסגעלאָזט אין גאַס. נאָר ארבעט בלײַבט ארבעט. און עס האָבן זיך, ווי אַלעמאָל, געצויגן אף דער באַנאַכטיקער וואַכטע ארבעטער.

ווי קאָן מען דערלאָזן, אז דער קאָנווייער זאָל זיך ניט באַוועגן? גייט מען. אפּצולאָכעס דעם פראָסט, אפּצולאָכעס דעם ווינט.

ווען יאַנע האָט זיך אראָפּגעלאָזט פון די טרעפּ, האָט איינער א שאָכן זי געוואָרנט:

— דער ווינט וואַלגערט ביימער. קיין טראַמוויַען גייען ניט. ס'איז א מעשוגאַס זיך לאָזן אין אזא וועטער אף פּעטשערסק.

נאָר יאַנע האָט געוווּסט אירס. אין אזא נאַכט מוז זי זײַן מיט אַלעמען צוזאַמען. זי האָט ניט קיין רעכט בלײַבן אין וואַרעמען צימער.

יאַנע איז אוועק. וויפל שאָ איז זי געגאַנגען ביז די פאַבריק־טויערן? ווער ווייסט? זי איז ארויס זייער פרי.

אין הויף האָט זי וויטיע היידוקאָוו אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט:

— גיי די מינוט אין מעדפּונקט. האָסט אָפּגעפרוירן דאָס גאַנצע פּאָנעם.

דער מעדפּונקט איז שוין געווען געפּאַקט. דער פעלדשער האָט זיך געוואָרפן פון איינעם צום צווייטן. די דאָקטערן, אן עלטערע פרוי, איז ניט געקומען. אף דעם שטול איז גראָד געזעסן א יונג באָכערל און געקרעכצט, ווי א קינד:

— אוי, פּעטערל, עס טוט שטאַרק וויי!

ס'איז געווען אזויפל אופריכטיקײַט אין זײַן קרעכצן, אז עס האָט געריסן באַם האַרצן. „געקומען פון סלאָבאָדקע. ווער עס וואַרעמט זיך נאָך אף דער לעזשאַנקע, און ער, דער ארבע־טער־קלאַס, איז דאָ", — האָט געטראַכט יאַנע. אף זיך זעט מען ניט. דאָס גאַנצע פּאָנעם איז בא איר ווײַס, און די פיס זײַנען ווי טויטע.

דער פעלדשער וואַרפט זיך צו איר מיט זײַן שמירעכץ.

— האָב געדולד, יאַנע, און מוט אויך. ס'וועט ווי טאָן. נאָר דאָס איז די איינציקע רעפּוע. אין א שאָ ארום וועט זײַן שפּעט, — האָט ער געזאָגט, — וועסט בלײַבן מיט אן אָפּגעפרוירן פּאָנעם, זינגערן...

צום פרעז האָט יאַנע זיך געשטעלט מיט א היפּשער פאַרשפּעטיקונג. אין זאַך האָט זי גע־פרייט: די קאָמיוגיסטן זײַנען אף די ערטער, און זי אויך מיט זיי.

אין איבערײַס איז שוין געהאַנגען א בליץ־צײַטונג מיט קאַריקאַטורעס. יוגנטלעכע קײַען מיט אפּעטיט זייערע בוטערבראָדן, די פּענעמער גלאַנצן. זיי זײַנען אַלע אויסגעשמירט מיט א געשמאַקער שמירעכץ. דער גרויסער צעך־קאָטער וואַסקא לעקט מיטן צונג יאַנען.

שפּעטער, בייסן מיטיק, האָט טאָליע צוניפּגענומען ארום זיך א בינטל ליבהאָבער פון זײַנע אַנעקדאָטן און דערציילט מײַסעס וועגן דעם, וואָס א פראָסט קאָן אָפּטאָן.

אָן א שיר מײַסעס ווייסט ער, טאָליע. ער ברענגט זיי פון פּאָדאָל, פונקט ווי פון אן אנדער וועלט. פאַר יאַנען זײַנען די דאָזיקע באַבעמײַסעס ווי א ביטערע רעפּוע. קרימט זי כויזעקדיק די ליפּן. טאָליע זעט עס גוט און פאַרגעדענקט. ער וועט איר אין א צײַט ארום אלץ דערמאָנען. יאָרנלאַנג וועט יאַנען פאַרפאָלגן זײַן פײַנטלעכער בליק. אפילע ווען זי וועט שוין ניט ארבעטן אף דער שוך־פאַבריק...

פון פאַבריק האָט יאַנען צוגענומען סאַמוילאָוו. ער האָט דעמלט געארבעט אין דער קאָמי־סיע פון פאַרטיי־קאָנטראָל.

יאַנע האָט פאַרענדיקט דעם צווייטן קורס פון קאָנסערוואַטאָריע, ווען סאַמוילאָוו האָט זי ארויסגערופן צו זיך:

— אָט וואָס, קליינע, מיר דאַרפן האָבן א „קאָמסאָמאָלסקאַיא פּראַווּדאַ" צו אונדז אין אָנקלאָג־ביוראָ. כוץ דעם, איז פאַר א זינגערן לײַכטער ארבעטן דאָ, איידער באַם פרעז. דײַן מאַריִע גענריכאָוונע האָלט אויך אזוי... מיראָנאָוו ווייסט וועגן מײַן פאָרשלאָג, מע וועט דיך אָפּלאָזן.

יאַנעלע האָט זיך געבריקעוועט. זי וועט זיך ניט ספּראַווען... זי האָט מוירע... זי איז צוגע־ווינט צו דער פאַבריק...

סאַמוילאָוו האָט איר ארײַנגעשאָטן א פאַרציע שמיץ, און זי איז אנשוויגן געוואָרן.

אין אַנקלאַג־ביוראָ איז טאַקע ביז גאָר אינטערעסאַנטע אַרבעט. יאַנע קומט אָפּט אָף די זאַוואָדן און פֿאַבריקן. די מעלדונגען און אַנקלאָגעס, וואָס ווערן צוגעשיקט, פֿאָדערן אָפּעראַטיווקייט.

דאָס לעבן יאַנעס איז איצט געווען פֿול ביז די ברעגעס: אַרבעט, קאָנסערוואַטאָריע, מוזיק. וועגן וואָלאָדיען האָט זי נאָר געוווּסט, אַז די אָפּעראַציע איז דורך בעשאָלעם, ער טראָגט ברילן. ער וווינט אין לענינגראַד. לערנט זיך אין דער קונסט־אַקאַדעמיע. אַנטאָנינע ניקאָלײַעוונע האָט געפֿונען דאָרט אירס אַ פֿרײַנטל. אַלץ אַבי ניט אין קיִעוו...

יאַנע ווייסט שוין אַפֿילע, אַז וואָלאָדיע שרײַבט איר. איינמאָל האָט זי אין מיסט־עמער באַמערקט אַ בלויען קאָנווערט מיט איר אַדרעס. קיין טאָעס האָט זי ניט געקאָנט האָבן — זײַן האַנט. ווײַזט אויס, די מאַמע עסטער האָט אין אײַלעניש פֿאַרגעסן פֿאַרברענען דעם קאָנווערט.

אַך, אָט די מאַמעס! אָפּט אויסהיטנדיק די קינדער פֿון בייז, פֿאַרשאַפֿן זיי אַזויפֿיל ווייטעק...

## קאַפּיטל פֿופֿצן

טאָליע האָט ניט געקאָנט שאָלעם מאַכן מיטן געדאַנק, אַז בײַ יאַנען איז אַלץ אין אָרדענונג. זי אַרבעט מיט סאַמוילאָוון, לערנט זיך אָפֿן דריטן קורס אין דער קיִעווער קאָנסערוואַטאָריע... אַ מיטגליד פֿון שטאָט־סאָוועט. קומט אָף דער פֿאַבריק אויספֿאָרשן און העלפֿן, דעם אָרדנט זי אײַן אַ קינד אין קינדערגאָרטן, אַ צווייטן קריגט זי אַ פּוטיאָווקע אין סאַנאַטאָריע.

ער האָט שוין געפּרוווט אַלץ: רייצן זי מיט דער הילף פֿון ליזען, עפֿענען איר די אויגן אָף וואָלאָדיען, אײַנברעכן זי מיט דער הילף פֿון דער מאַמען, — העלפֿט ניט.

ליזע האָט שוין פֿאַרלאָרן בײַ אים אין די אויגן דעם גאַנצן כיין. אַ מיידל זאָל זיך אַליין וואַרפֿן אָפֿן האַלדז!

און די יאָרן גייען. די בעסטע יאָרן. יאַנע האָט כאָטש קאָוועד, און ער וואָס?.. עפּעס הריזעט אים און הריזעט, ער פֿילט זיך אומשולדיק באַליידיקט, פּונקט ווי מע זאָל אים אָנשפּײַען אין דער גנשאָמע פֿאַר זײַן גוטהאַרציקייט.

ער דערמאָנט זיך, טאָליע, יאַנעס ביטלדיק שמייכעלע אין דער נאַכט פֿון דער גרויסער זאַווערוכע. איצט, דוכט זיך, קומט זײַן צײַט. ער וועט זיך מיט איר אָפּרעכענען איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל. ער ווייסט צו גענוי איר ביִאָגראַפֿיע. ליזע — אויך.

אויב יאַנען וועט ווערן שלעכט, איז זי אַליין אין דעם שולדיק. אין דער שפּיל איז די גערעכטיקייט אָף זײַן זײַט.

בײַ אַזאַ שטיקל אַרבעט איז ליזע דער בעסטער קאָמפּאַניאָן, דער בעסטער שוטעף.

— זע נאָר אַ מין הייליקע? וואָס מאַכט מען פֿון איר אַזאַ ווען... איר טאַטע איז אין אַמעריקע. אַ גרויסער פֿאַרדינסט. מיט וואָס פֿאַרנעמט ער זיך דאָרטן, ווייסט דער פּרעזידענט... און דאָ האַלט מען זי אין איין אַרויסרוקן. סאַמוילאָוו ווייסט שוין אַליין ניט, וווּהין זי צו שטופּן. מע טראָגט זיך אַרום מיט איר, ווי מיט עפּעס רעכטס. יאַנע — אַהער, יאַנע — אַהין... קיין בעסערס ניט געזען!

ליזע איז טאַקע אַ ניט־פֿאַרגינערן. נאָר זי פֿילט זיך גערעכט. מע האַלט דאָך אין איין טײַנען אָף אַלע פֿאַרזאַמלונגען וועגן וואַכזאַמקייט. און דאָ? יאַנע האָט דאָך אַליין דערציילט, אַז קינדווײַז האָט זי שטאַרק געבענקט נאָכן טאַטן... געוואַרט, געטרוימט וועגן אים.

„ניין! קיין נאַר טאָר מען ניט זײַן. פֿאַר גוטס — צאָלט מען מיט גוטס. פֿאַר שלעכטס — מיט שלעכטס. פֿאַרוואָס דאַרף איך זי עפּעס שאַנעווען?" — אַזוי האָט זיך טאָליע אינערלעך געגרייט צו דער מעסירע. ווען אַ מענטש וויל, קאָן ער זיך אײַנריידן, אַז אַלץ, וואָס ער טוט, איז אַ מוז־זאַך, אַפֿילע אַ כויוו.

טאָליע האָט אָנגעהויבן פֿון דעם סאַמע פּרימיטיוון. אין איבערײַס האָט ער פֿאַרפּירט אַ שמועס, אַז עכטע פּראָלעטאַריער זײַנען שטענדיק באַשיידן, נאָר קינדער פֿון דער בורזשואַזיע קריכן פֿון דער הויט, ווילן זײַן הייליקער פֿונעם פּויפּסט...

אָפֿן צווייטן טאָג — קאָנקרעטער: „ווײַזט זיך אַרויס, אַז יאַנעס טאַטע איז גאָר אין אַמעריקע... ווער ווייסט, וואָס ער טוט דאָרט? קיין קאָמוניסט איז ער געוויס ניט. און פּראָלעטאַרישע קינדער זינגען ניט אין די קאָנסערוואַטאָריעס".

דער קלאַנג האָט אָנגעהויבן אַרומפּויזען, ווי אַ שלאַנג, איבער די צעכן.

ליזע איז געווען איבערגליקלעך. מיט וואָס איז יאַנע בעסער פֿון איר? שענער? שטאַלטנער? קליין, קורנאָסע, קלײַנדיק... און מע טראָגט זיך אַרום מיט איר.

טאָליע האָט זיך ניט געפּוילט און איז אוועק אין פּאַרטיי־קאָמיטעט צום נײַעם סעקרעטאַר. יענער האָט אויסגעהערט טאָליען אויפֿמערקזאַם. אין אַזאַ צײַט דאַרף מען זיך צוהערן צו אַ מינדסטן סיגנאַל. און דאָ קומט נאָך אַן אומפּאַרטײיִשער כאַווער צו אים... ער האָט אַרויסגענומען

פונעם סייף אַלע פּאַפּקעס און אָנגעהויבן זוכן יאַנעס אַנקעטע, די אווטאָבּיאָגראַפיע... אַ ביסל איז ער געווען אַנטוישט. יאַנע האָט אומעטום געשריבן וועגן דעם, אַז איר טאַטע איז לאַנגע יאָרן אין אַמעריקע און מיט דער מוטער איז ער זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. זי קען אים אַפילו ניט... פונדעסטוועגן, איז עס פאַרט אַ סיגנאַל. יאַנע אַרבעט אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע. סאַמוילאָוו רוקט זי צו שטאַרק אַרויס.

אָפּט פאַלן אומגעריכט צונויף גאָר־גאָר פאַרשיידענע אינטערעסן.

סאַמוילאָוו איז דעם נײַעם סעקרעטאַר קוזמענקאָ געזעסן אין דער לעבער. ווו ער שטייט און ווו ער גייט, הערט ער קעסיידער: „סאַמוילאָוו האָט געטאָן", „סאַמוילאָוו האָט געזאָגט".

קוזמענקאָ האָט באַדאַנקט טאַליען און אַ קראַץ געטאָן די פּאַטיליצע:

— מע דאַרף נאָך אַ טראַכט טאָן, צי האָט אַזאַ מיידל דאָס רעכט צו אַרבעטן אין די קאָנטראָל־אָרגאַנען.

טאַליע איז אַרויס אַ באַפליגלטער. אַליין קוזמענקאָ האָט אים באַדאַנקט פאַרן סיגנאַל. איצט מעג ער שוין שרײַבן ווײַטער.

ליזע איז דעם אָונט געווען אַזוי צאַרט מיט אים, אַזוי גוט, אַז ער האָט באַשטימט איר אויך אײַנטיילן אַ ביסעלע גליק. אַ סאַך. זאָל זי ווערן זײַן פרוי. אינצווייען וועלן זיי ניט פאַרפאַלן ווערן.

ס'איז געווען דאָס זיבן־און־דרײַסיקסטע יאָר.

דאָס פאָלק האָט געבויט, דאָס פאָלק האָט געאַרבעט. דאָס איז געווען דער ליכטיקער סימען פון דער צײַט. און קוזמענקאָ מיט סטאַמאַכינען זײַנען געווען איר פינצטערער סימען.

מיראָנאָוו האָט גלײַך דערפילט, אַז פון סאַמוילאָוון ביז קוזמענקאָן איז אַזאַ מעהאַלעך, ווי פון הימל ביז דער ערד. נאָר אַרום אים זײַנען פאָרגעקומען אַ סאַך אומפאַרשטענדלעכע זאַכן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן. יעדן אינדערפרי דערוויסט מען זיך, אַז באַנאַכט האָט מען אַרעסטירט דײַן שאָכן, דײַן פרײַנט, דײַן אַלטן באַקאַנטן. איז קוזמענקאָס אָנקומען פון דער זײַט אויך געווען אַ רינגעלע אין דער דאָזיקער קייט?

— די הויפּט־זאַך איז אויספילן דעם פּלאַן. מיט דער צײַט וועט אַלץ ווידער זײַן גוט, — האָט ער זיך געפּרוּווט טרייסטן. — מע דאַרף צוגיין צו סאַמוילאָוון. ער ווייסט מער פון מיר...

סאַמוילאָוון איז אויך געווען ניט פרייליך. אויב פאָדערן פון די אַרומיקע אופריכטיקייט און פּרינציפּיעלקייט, דאַרף מען פון זיך פאָדערן דרײַ מאָל אַזויפיל. ער איז דאָך דער פּאַרטיי־קאָנטראָל. דאָס געוויסן פון פאָלק. פאַרוואָס זשע האָט ער ניט געזען אין פּאָסטישעוון און אין קאָסיאָרן[1] קיין סאָנים? אויב דו ביסט בלינד, קורצזיכטיק, האָב דעם מוט מעלדן דער פּאַרטיי אָפן, אַז דו ביסט ניט אויפן אָרט. אויב דו גלייבסט אין דער אומשולדיקייט פון פּאָסטישעוון, קאָסיאָרן און נאָך אַזוינע, ווי זיי, זאָג דאָס ווידעראַמאָל דײַן צעקאַ.

פאַראַן געדאַנקען, אין וועלכע דו קאָנסט זיך ניט מוידע זײַן ניט נאָר דעם נאָענטסטן מענטשן, נאָר זיך אַליין. אין אַזאַ צושטאַנד האָט זיך געפונען סאַמוילאָוו. ער האָט שוין יאָרנלאַנג ניט געצייכנט מאַכמעס אַ מאָגן־קראַנקייט, וועלכע ער האָט אָפּגעשפּאָרט אין דער צאַרישער פאַרשיקונג. איצט האָט ער אָנגעהויבן ווידער רייכערן.

מיראָנאָוו האָט אים געטראָפן אָן אופגערודערטן, מיט רויטע, מידע אויגן. די אייבערשטע ליפּ איז געווען מער אָנגעבלאָזן, ווי שטענדיק. ער האָט געהאַט דעם אויסזען פון אַ גרויס באַליידיקט קינד.

— קוק ניט אויף מיר אַזוי. איך בין געקומען, דו זאָלסט מיר אַלץ דערקלערן. דו ביסט אָן אַלטער באָלשעוויק. דו ביסט אַ פּאַרטיי־טוער. דײַנע מאַסשטאַבן זײַנען גאָר אַנדערע. דו זעסט ווײַטער פון מיר. וואָס ווייס איך? ווידעראַמאָל דער פּלאַן און אָבעראַמאָל דער פּלאַן. הײַנט — די פאַבריק, מאָרגן — ווײַטער די פאַבריק.

— אויפן פּאַרטאַקטיוו זײַנען מיר געזעסן באַנאַנד. די דאָקומענטן האָסטו געהערט באַגלײַך מיט מיר. וואָס קאָן איך דיר מער זאָגן, ווי דער פּאַרטיי־אַקטיוו! עך, מיראָשאַ, מיראָשאַ, גוט, וואָס דו ווייסט זיך דײַן פאַבריק...

סאַמוילאָווס פרוי, נאַטאַלקע, איז געווען אין קיך. אַז עס קומט אַזאַ גאַסט, ווי מיראָשאַ, דאַרף מען עפּעס דערלאַנגען צום טיש. סאַמוילאָוו איז געווען צופרידן, וואָס נאַטאַלקע איז פאַרנומען. אַזוי איז גרינגער זיך דורכשמועסן מיט מיראָנאָוון. בײַ אים איז געווען אַ מאָדנער פאַרגעפיל. עפּעס דאַרף זיך מיט אים טרעפן. ער האָט זיך שווער אופגעהויבן, פעסט צוגעמאַכט די טיר, די פרוי זאָל ניט הערן, גאָר נאָענט צוגעגאַנגען צו מיראָנאָוון און שטיל געזאָגט:

---

[1] פּ. פּ. פּאָסטישעוו און ס. וו. קאָסיאָר — אָנפירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון אוקראַיִנע. אין די יאָרן פון סטאַלין־קולט זײַנען זיי אומגעזעצלעך רעפּרעסירט געוואָרן.

— קאָליע, גיב מיר דאָס וואָרט... אויב מיט מיר וועט זיך עפּעס טרעפן, וועסטו מײַן נאָ־טאַלקען ניט פֿאַרגעסן. וואָס עס זאָל ניט געשען, זאָלסטו וויסן...

סאַמוילאָוו האָט זײַן געדאַנק ניט פֿאַרענדיקט. אין צימער איז אַרײַנגעקומען, אַ פֿריילעכע, נאַטאַלקע מיט אַ פֿלאַש גרוזינער ווײַן אונטערן אָרעם און צוויי טעלערס מיט פֿאַרבײַסן אין ביידע הענט. זי האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון בופֿעט טעלערלעך, קעלישקעס, גאָפּל־מעסער, ברויט, זאַלץ, אַלץ אויסגעשטעלט אױפֿן טיש און פֿאַרגעלייגט אויסטרינקען פֿאַר פֿריילעכערע צײַטן.

מיראָנאָוו האָט זיך אַ קערעווע געטאָן מיט זײַן גאַנצן פֿעסטן קערפּער. און, ווי ענטפֿערנדיק אױף נאַטאַלקעס טאָסט, געפֿרעגט סאַמוילאָוון:

— דו געדענקסט אַזאַ פֿאַרשוין, ווי סטאָמאַכין? דער מעכאַניקער פֿון „ציווילן". עפּעס פֿאַרשפּרייט ער מיַיסע קלאַנגען וועגן אונדזער יאַנען... ער איז געוואָרן זייער אַקטיוו, אָט דער סטאָמאַכין. אין אַזעלכע צײַטן שווימט שטענדיק אַרויף דער רועך ווייסט וואָס... אױף די פֿאַרזאַמ־לונגען האַלט ער אין איין שרײַען וועגן וואַכזאַמקייט. ער דערמאָנט דיך אויך... וואָס זאָל איך דיר זאָגן? קוזמענקאָ איז ווײַט ניט אױפֿן אָרט. אונדזער קיַידאַנסקי וואָלט שוין געווען אַ סך בעסער. ער ווייסט כאָטש די מענטשן, די פֿאַבריק, און יענער מיינט, אַז ער מיט סטאָמאַכינען ראַטעווען די רעוואָליוציע.

מיראָנאָוו איז אַוועקגעגאַנגען אַזייגער צוועלף. אױף מאָרגן האָט ער זיך דערוווּסט, אַז אין אָט דער נאַכט האָט מען אַרעסטירט סאַמוילאָוון.

ניט ער און ניט סאַמוילאָוו האָבן זיך ניט פֿאַרגעשטעלט, אַז נאָך מיט אַ כודעש צוריק איז אין ענקאַוועדע[1] אָנגעקומען דער ערשטער סיגנאַל פֿונעם וואַכזאַמען סטאָמאַכינען וועגן סאַמוי־לאָוון. ער האָט, הייסט עס, געגלייבט פּאָסטישעוון, געגלייבט קאָסיאָרן, און דער איקער — אַרויסגערוקט אַזאַ פֿאַרדעכטיקן עלעמענט, ווי יאַנע.

די צווייטע אַנאָנימע מעלדונג האָט אָנגעשריבן ליזעטשקע. אינצווייען איז שטאַרקער. דיק־טירט האָט טאַליע.

און ס'האָט געהאָלפֿן. מע האָט אַרעסטירט סאַמוילאָוון און נאָך אים יאַנען.

## קאַפּיטל זעכצן

קיין געריכט איבער יאַנען איז ניט געווען. אַלץ איז באַשטימט געוואָרן ערגעץ דאָרט; ווו, ווייסט זי אַליין ניט. צען יאָר איז דען אַ סך? זי וועט זיך אומקערן פֿון דאָרט אַ דערפֿאַרענע, אַ דערוואַק־סענע און גרויע. אַ פּרוי פֿון עטלעכע און דרײַסיק. וואָס וועט זײַן מיט דער מאַמען? מיט דער מאַמעס האַרץ? און מיט וואָלאָדיען? ער וועט האָבן אַן אַנדערע, אַן אַנדערע...

אַן אומענדלעכער וועג. מע פֿירט זי ערגעץ ווײַט־ווײַט. און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן. אומע־טום, אױף די ווענטלעך פֿונעם וואַגאָן, אױף די פֿאַרהענגלעך — פּענעמער, פּענעמער, פּענעמער. אויגן, אויגן, אויגן... סאַמוילאָווס. וואָלאָדיעס. דער מאַמעס. און אַלע זײַנען געווענדט צו איר. אַלע שרײַען, רופֿן זי, זידלען זי מיטן קאָל פֿון דעם אויספֿאַרשער און פֿון טאַליען. און די גע־שרייען גיסן זיך צונויף אין איין האַרצרײַסנדיקן אויסגעשריי פֿון דער מוטער: „יאַנע, יאַנע!"

אַלץ שרײַט אַרום: דער לאָקאָמאָטיוו, די רעדער, דער ראַדיאָ־אָופּנעמער, די פֿײַערן. עס ליאַרעמט דער ווינט באַ איר אין קאָפּ...

דערנאָך, געדענקט יאַנע, פֿאָרט זי אין אַ פֿאַרמאַכטער לאַסט־מאַשין מיט באַוואָקסענע בער־דיקע מענטשן, וואָס האַלטן העק און זאַסטעפּעס. זיי האָבן אַלע דעם אויסזען פֿון וואַלד־גאַזלאָ־נים פֿון די קינדער־מײַסעס. און זי איז צווישן זיי איינע אַליין. איין מיידל צווישן באַוואָקסענע בערדיקע מענער... עפּשער איז זי אויך געראָטן אין זיי, זי האָט דאָך שוין זייער לאַנג קיין שפּיגל ניט געזען. נישטאָ נאָר באַ איר קיין באָרד.

דערנאָך האָט מען זיי באַגעגנט מיט הינט. יאַנע איז געווען דערשראָקן אױף טויט.

נאָר עס האָט זי פֿאַרשטעלט אַ יונג פֿון די בערדיקע. אָנגעצויגן אױף אירע ציטערנדיקע הענט אַ פּאָר הענטשקעס:

— טראָג און געוווין זיך צו ניט באַמערקן קיין הינט, קיין שום הינט. ניט קיין צווייפֿיסיקע, ניט קיין פֿירפֿיסיקע... מיר זײַנען שוין אױפֿן אָרט.

נאָר זיי, די בערדיקע, האָט מען אַוועקגעפֿירט אין איין זײַט און זי אין אַן אַנדערער...

---

[1] ראַשעטייוועס פֿון Народный комиссариат внутренних дел — פֿאָלקס־קאָמיסאַריאַט פֿאַר אינערן־איניאַנים.

# קאַפּיטל זיבעצן

זי איז געקומען צו זיך אין אַ גרויסן אומגעלומ־פּערטן צימער פֿון איינשטאָקיקער געבײַדע. דורך די קליינע שמאָלע פֿענצטערלעך קוקן אַרײַן הורבעס שניי.

ווען יאַנע זאָל זיך ניט געוווען אופֿכאַפּן, איז אין דרויסן געשטאַנען אַ ווײַסער, שנייִקער טאָג. זי האָט ניט פֿאַרשטאַנען, וווהין עס זײַנען אַהינגעקומען אַלע נעכט.

— עסן ווילסטו? — דערהערט יאַנע פֿון צײַט צו צײַט אַ שטים. דאָס איז די סאַניטאַרקע ריטע.

און איר איז געווען אַלצײַנס: עסן צי ניט עסן.

און נאָך איין שטים הערט יאַנע — טאַליעס זיס קאָל.

יאַנע דעקט זיך אײַן איבער דעם קאָפּ. זי וויל ניט הערן טאַליעס קאָל. נאָר ווי אַפּצולאָכעס האָט זײַן קעלכל זיך געטראָגן פֿון אומעטום — פֿון אונטערן דיל, פֿון אונטער די ווענט, אַפּילע פֿון אונטער דער סטעליע:

„און וואָלאָדיע האָט דיך פֿאַרגעסן. ער דאַרף דיך האָבן? אוועקגעפֿאָרן און כאַסענע געהאַט. איך בין דיר געווען ניט געפֿעלן. איצט באָדט זיך ליזע אין פּוטער און אין מילך...“

און אַזוי יעדן טאָג. באַטאָג און באַנאַכט. די זיס־סקריפּענדיקע שטים איז איר נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן. ניט געלאָזט רוען, ניט געלאָזט שלאָפֿן. דאַכט זיך, אַז טאַליע האָט בײַ איר אָפּגענו־מען אַלץ: דעם הימל און די ערד, די פֿרײַנט און די מאַמע, די פֿרײַהײַט. איצט נעמט ער בײַ איר צו דעם שלאָף. ס'איז אים אַלץ קאַרג...

שרײַבן? וווהין? וועמען? סײַדן דער מאַמען. די מאַמע וועט אַלץ אויסהאַלטן. די מאַמע עסטער וועט זיך דערקלײַבן צו איר. אויב זי איז קראַנק, וועט זי געזונט ווערן. מע דאַרף ראַטעווען דאָס קינד. זי איז דאָך אַ מאַמע.

איבער די ווײַסע נעכט האָט יאַנע פֿאַרלאָרן די גרענעצן צווישן טאָג און נאַכט. זעלטן ווען זי פֿאַלט אַרײַן אין אַ שווערן דרעמל און איר מויעך רוט אָפּ. זי קאָן סײַווי ניט שרײַבן. זי איז ניט אימשטאַנד פֿירן מיטן בלײַער איבערן פּאַפּיר... אויב די מאַמע לעבט, וועט זי זיך אָף אַלע פֿיר דערקלײַבן אין דעם ווײַסן קאַלטן קאַנט, צו איר יאַנען.

דערווײַל איז קיין איין בריוול ניטאָ פֿון דאָרטן. קיין איין וואָרט. יאַנע איז אויסגעטריקנט געוואָרן פֿון דעם שטענדיקן טראַכטן.

פֿאַרוואָס שווײַגט סטאַלין? צי דען ווייסט ער ניט, וואָס עס טוט זיך אַרום אים? און אויב ער ווייסט?

זי האָט זיך געשראָקן פֿאַר אירע אייגענע געדאַנקען און איז געוואָרן נאָך שווײַגנדיקער.

איינמאָל, ווען מע האָט צוזאַמען מיטן בעטל זי אַרויסגעטראָגן אין הויף, האָט זיך צוגעזעצט צו איר אַ גרויע פֿרוי מיט זייער אַ יונג פּאָנעם. די הויט איז בײַ איר געווען ראָז, די אויגן האָבן לעבעדיק געגלאַנצט. יאַנען האָט פֿאַרגאָסן אַ כוואַליע מיט פֿרייד:

„אויב אַפּילע אין אָט די באַדינגונגען קאָן זיך פֿאַרהיטן אַזאַ מין בלײַענדיקע שיינקײַט, איז אַ סימען, אַז אומעטום איז פֿאַראַן לעבן!“ זי האָט פּלוצעם דערזען דעם טיפֿן הימל מיט די שווי־מענדיקע וואָלקנדלעך, דערזען בלומען און מענטשן, וועלכע זי האָט ביז איצט ניט באַמערקט.

די פֿרוי האָט זיך פֿאַרגעשטעלט, ווי אַמאָל אין די גוטע צײַטן:

— מאַזוטינע. זשעניע מאַזוטינע. פֿון אָדעס. — זי האָט אָנגעהויבן גלײַך אַטאַקירן יאַנען פֿאַר איר גוואַלדיקער פּאַסיווקײַט: — אַ ביזאַיען, עפּשער וועט איר שוין אָנהייבן עסן? מע קאָן דען אַ מענטשן שטעלן אָף די פֿיס, אויב ער עסט ניט? מע האַלט אײַך אין איין טראָגן אָף די הענט... מע וועט אונדז נאָך דאַרפֿן. מיר זײַנען דאָך מיט אײַך קאָמוניסטן!

— איר באַקומט בריוו? — האָט יאַנע צום ערשטן מאָל געפֿרעגט. — איך ווייס גאָרנישט וועגן מײַן מאַמען. ווו איז מײַן מאַמע? זי איז דאָך געבליבן אָן שום לעבנס־מיטלען... איך וועל עס ניט אויסהאַלטן!

מאַזוטינע האָט אַ קוק געטאָן אָף יאַנען מיט אירע שוואַרצע הייסע אויגן:

— דו וועסט אויסהאַלטן. אַז מע דאַרף, האַלט מען אויס. אַ מענטש ווייסט אַליין ניט, וויפֿל קויכעס איז אין אים פֿאַרבאָרגן. שוין זשע מיינסטו, אַז אַזוי וועט זײַן אייביק? מע דאַרף קאָנען וואַרטן. גלייבן. נעם זיך אין די הענט אַרײַן.

ס'האָט זיך באַוויזן דער דאָקטער מיט זײַן קליין גלאַנציק העמערל. מאַזוטינע האָט זיך אופֿ־געהויבן פֿון יאַנעס בעטל.

•

איין גוטע זאַך האָט געטאָן צוליב איר דער דאָקטער: ער האָט אַריבערגעפֿירט צו איר אין פּאַלאַטע זשעניע מאַזוטינע. בעט צו בעט. יענע קאָן אופֿמינטערן אַ טויטן. און שווײַגן, אויב מע דאַרף. ס'איז אַן אייגנשאַפֿט פֿון קלוגע מענטשן.

זינט זשעניע איז אריבערגעגאנגען צו זיי, האָט יאנע דערפילט ארום זיך מענטשן. אין דרויסן האָט מען זי געפירט אונטער די הענט. זי האָט אָנגעהויבן באקומען דריַי גלעזער מילך א טאָג, שפּעטער האָט זיך יאנע דערוווּסט, אז זשעניע און ראָזע אבראַמאָווּנע האָבן זיך אָפּגע־זאָגט פון זייערע פּאַרציעס מילך, קעדיי זי שטעלן אויף די פיס.

יאנע איז געקומען צו־זיך זייער און זייער לאַנגזאַם. צי קאָן מען ביכלאַל זיך אויסהיילן פון אזא סאָרט וווּנד? דאָך איז זי געוואָרן עטוואָס לעבעדיקער, אָנגעהויבן זען די ארומיקע.

מענטשן זיַינען אומעטום מענטשן. מיט זייער הומאָר, מיט זייער אָך־און־וויי.

דער טאָג פלעגט זיך דאָ אָנהייבן זייער פרי. פינף פאַרטאָג, ווי א וועק־זייגער, פלעגט זיך אופכאַפּן פּאָלינקע.

— וויַיבעלעך, פּאַטיאַגושענקי! צײַט אופשטיין, באַ מיר בורעט אין בויך, איך וויל עסן, און סטאַסיע שטאַרבט, אַזוי וויל זי אונדז מעסטן די טעמפּעראַטור...

אַז פּאָלינקע נעמט פראַווען שטיק, כאַפּסטו זיך ווילנדיק — ניט ווילנדיק אויף. אויף פּאָלינקען קאָן מען זיך ניט בייזערן. דאָס, וואָס ס׳איז דערלויבט איר, איז מער קיינעם ניט דערלויבט. עס ווילט זיך אויף איר קוקן שאָענעוויַיז, אַזוי שיין איז זי.

— קוקט, וויפל איר ווילט. אָן א קאָפּעקע געלט. נאָר בלויז פינף מינוט. דערנאָך וועל איך דעם פאָרהאַנג אראָפּלאָזן. סטאַסיע קלאָפּט שוין מיט די אָפּצאַסן...

פּאָלינקע שיקט דער גאַנצער פּאַלאַטע א גראַציעזן קוש, לאָזט אראָפּ די וויִעס און זעצט זיך אויפן אייַזערנעם בעטל אין א פּאָזע פון א דראַמאַטישער אקטריסע...

שלאָפן האָט מען שוין ניט געקאָנט. דערנאָך איז אריַינגעקומען סטאַסיע, און, כוץ אויס־מעסטן די טעמפּעראַטור, האָט זי נאָך געמוזט אויסהערן א סעדרע כאַלוימעס. פאַרן גאַנצן לעבן האָט יאנע זיך ניט אָנגעהערט אַזויפיל כאַלוימעס, ווי פאַר דעם יאָר דאָ. די פּראָגראַם פלעגט אָנהייבן אלמע:

— ס׳האָבן זיך מיר היַינטיקע נאכט געכאַלעמט אזעלכע פערד, אזעלכע פערד, אז עס פאַר־כאַפּט מיר ביז איצט דעם אָטעם. אָט וועט איר זען, אז ס׳וועלן קומען צו אונדז געהויבענע געסט. נאַטשאַלסטווע וועט קומען. די פערד זיַינען געווען ניט קיין פּראָסטע. פונקען זיַינען געפלויגן פון אונטער די קאָפּיטעס...

אלמע איז געווען גאָרניט אַזוי נאַיִו, ווי עס האָט זיך געקאָנט אויסוויַיזן. אלע אירע כאַלוי־מעס האָט זי פיקסירט אין א באַזונדערן העפט און צוגעטראָגן, ווי א סוווּעניר, דעם הויפּט־שעף, ווי נאָר ער פלעגט זיך באַוויַיזן אפן שוועל:

— איך האָב דאָך איַיך צוגעזאָגט באַוויַיזן אלץ, וואָס דער היילִיקער יעזוס דערציילט מיר אין מיַינע כאַלוימעס. היַינט האָט ער מיר באַפוילן ראַטעווען די שעפּעלעך, וואָס מאַטערן זיך דאָ.

דער שוואַרצבערעמיקער, דורכגעטריבענער טאַראַנענקאָ האָט מיט גרויס ערנסט צוגענומען אלמעס פאַנטאַזיעס. „ער וועט דורכלייענען אלע אירע כאַלוימעס אין אָוונט, ווען ער וועט האָבן צײַט“.

אין קאַמערע איז אלמע געווען אָפּנהערציק:

— עך, ווען עס גיט זיך מיר איַין איבערגעבן כאָטש איין בריוו קיין דיַיטשלאַנד, וואָלטן מיר אלע געווען געראַטעוועטע...

אלמען האָט דאָ אין פּאַלאַטע ווינציק ווער געגלייבט. אזא איינע קאָן פאַרקויפן טאַטע־מאַמע, אַבי ראַטעווען דאָס אייגענע פעלכל. פּאָלינקע, ווי נאָר אלמע איז צוגעטראָטן צו איר „פּאָלקלאָר“, פלעגט גליַיך זאָגן:

— ס׳בייַיסט דיר שוין ווידער די רעכטע דלאָניע צו געלט? האָסט באַנאַכט ווידער זיך גע־טרונקען? צו געזונט! שוין נימעס צו הערן דיַין פלאַפּלעריַי. מיר ווייסן נאָך ניט, וואָס פאַר א כאַלוימעס דו גיסט איבער דעם פּאָלקאָווניק טאַראַנענקאָ...

דאָס איז אלמע. היַינט סעראַפימע! אז פּאָלינקע ווערט אין קאַס, שריַיט זי:

— דו, פּוריִע! דו האָסט דען א האַרץ? צו זעכצן יאָר האָסטו פאַרברענט לעבעדיקע מענטשן אין א קאָלווירטישער קלוניע. איצט ביסטו פּייַיק אויף נאָך ערגערע זאַכן. אין דיַין גוף לעבט נאָר האַס. יאַנען און זשעניען קאָנסטו ניט אָנקוקן, וויַיל זיי זיַינען קאָמוניסטן. איך בין באַ דיר בידלאָ, וויַיל איך בין געוואַקסן אויף בולבעס. ראָזע אבראַמאָוונען פון דער צווייטער פּאַלאַטע האָט זי זיך איַינגעביסן אין אַקסל, וויַיל זי איז אַן אלטע באָלשעוויטשקע און א ייִדישע... ביזוואַנען וועלן מיר ליַידן אזא קאָנטרע צווישן זיך? דעם פערסאָנאַל האָט זי אויך פאַרמוטשעט... דאָ קוועטשסט איר, דאָ בלאָזט איר... א פריצע באַ איר זיידן געווען...

אָט די סעראַפימע האָט טאַקע צו זעכצן יאָר פאַרברענט אין דער קאָלווירטישער קלוניע צוזאַמען מיט דער טוווּע די ערשטע זעקס קאָלווירטניקעס פון דער סטאַניצע. איר זיידע, וועל־כער האָט אויף קובאַן ניט איין מיל פאַרמאָגט, האָט עס אָפּגעטאָן מיט סעראַפימעס הענט. דער

כעזשבן איז געווען א פראָסטער: אויב סעראַפימען וועט מען פאקן, וועט זי באקומען די מינימאַלע שטראָף, קימאט א קינד...

אײַנזיצן אין לאַגער האָט סעראַפימע ניט געקאָנט. זי איז ניט צוגעוווינט צו ארבעטן... איז זי געלאָפן פון לאַגער. איין מאָל און צוויי מאָל. ביידע מאָל האָט מען זי געפאַקט. און צוגעגעבן נאָך א פּאָר יאָר. פון גרויס פארצווייפלונג האָט זי אָנגעהויבן טרינקען נאַפט, שלינגען נאָדלען. מע האָט זי צענדליקער מאָל געראַטעוועט. און פונדעסטוועגן איז זי געווען געזונט — אַן אײַזן. א מויל ציין האָט זי פארמאָגט, ווי בא א יונג וועלפעלע. ווי נאָר עפּעס וואָס, זיך געוואָרפן בײַסן.

— איך בין געראָטן אין מײַן זיידן! — פלעגט זי שרײַען. — אזא געזונטע, ווי ער. מײַן טאטע איז געווען א כאָלעש אין פארגלײַך מיט אים. אפילע כאַסענע האָבן האָט ער ניט געקאָנט ווי געהעריק. שיר ניט פאר קיין באטראטשקע. מײַן מאמע האָט געבראַכט מיט זיך איין בעהיימע. דאָס הייסט נאַדן? מיט טאטע־מאמע האָט מיר ניט געגליקט! אָט דערפאר דער זיידע! א גיבער. הויך, געזונט. הײַנט זײַנע טאבונעס פערד, זײַנע מילן! די גרעסטע אָף קובאן. דאָס אַלץ האָב איך געזאָלט יארשענען. זײַנען געקומען זיי, די קאָמוניסטן, די יאַנעס מיט די זשעניעס... קאָלכאָזן האָבן זיי צוגעטראַכט. א טעל געמאַכט פון אלע באַלעבאטים. באַלעגופים, בלוטזויגערס אויסגע־טראַכט... פארניכטעט דעם צוויט פון פויערטום. אזעלכע, ווי מײַן זיידע ניקאָן, ווערן געבוירן איין מאָל אין א יאָרהונדערט... ווילט איר, כ'זאָל פארליבט זײַן אין יאַנען, אין פּאָליען, אין ראָזע אבראמאָווונען? ווען ניט זיי, ווייסט איר, ווי רײַך איך וואָלט איצט געווען? איך בין א געזונטע, א שטארקע, איך דארף א סאַך!

אלע האָבן שוין געוווּסט, מיט וואָס עס וועט זיך פארענדיקן דער מאָנאָלאָג. סעראַפימע וועט זיך אָנהייבן שלאָגן קאָפּ אין וואַנט. ס'וועט א יושע טאָן פינע פון מויל, און אַלמע וועט ראַכמאָנעס האָבן און לויפן נאָכן דאָקטער.

דעם גאַנצן ספּעקטאַקל וועט ראָזע אבראמאָווונע באטראַכטן מיט אירע קלוגע שארפע אויגן, און יאַנע וועט ניט אויסהאַלטן און א זאָג טאָן:

— איך הייב אָן פארשטיין, וואָס איז פאָרגעקומען אין סטאַווישטשע מיט וואָלאָדיען. דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן זע איך אַן עמעסן, ניט קיין אויסגעטראַכטן באַלעגוף.

ראָזע אבראמאָווונען האָט מען אריבערגעפירט אהער פון דער צווייטער פּאַלאַטע. דאָס איז געווען שוין ווײַט ניט קיין יונגע פרוי, א הויך־געבילדעטע, איינע פון די עלטסטע מיטגלידער פון דער באָלשעוויסטישער פארטיי. די פיס זײַנען געווען בא איר האַלב פאראַליזירט. איבערוקן זיך איבער דער פּאַלאַטע איז איר אויסגעקומען מיט דער הילף פון צוויי טאבורעטן. ס'איז שווער געווען צו קוקן פון א זײַט, ווי זי ווערט פאר אָנשטרענגונג באגאָסן מיט שווייס. זי איז געווען שטארק ארבעטספייִק. זי האָט געקלעפט פון ליים, דערלערנט די איטאַליענישע שפראַך, זייער פיל געלייענט... בא ראָזע אבראמאָווונען איז געווען א גוטער זיקאָרן. זי האָט געוווּסט אָן א שיר. אין עמיגראַציע, אין דער שווייץ, האָט ראָזע אבראמאָווונע פארענדיקט דעם נאַטורוויסנשאַפטלעכן פאַקולטעט.

פאר יאַנען איז דאָס געווען א גרויס געווינס. ווי נאָר זי האָט אָנגעהויבן ארומגיין איבער דער פּאַלאַטע, האָט זי זיך געסטאַרעט, מיט וואָס זי האָט נאָר געקאָנט, פארגרינגערן ראָזע אבראַ־מאָווונעס לעבן: איר ברענגען ליים, ביכער, העלפן איבערשרײַבן לידער.

נאָך דעם, ווי סעראַפימע האָט זיך מיט א מעסער געוואָרפן אָף ראָזע אבראמאָווונען, האָט מען זי צוגענומען פון דער פּאַלאַטע. מער האָט מען זי ניט געזען. אין א קורצער צײַט איז נעלעם גע־וואָרן אַלמע. די פּאַלאַטע האָט מען איצט א נאָמען געגעבן — מארקסיסטישע.

אלע איבעריקע, כוץ סעראַפימען מיט אַלמען, זײַנען געווען פּאָשעט אומגליקלעכע פרויען, יעדערע אָף איר אויפן, ניט מער...

## קאַפּיטל אכצן

ווען ניט דער מאמעס בריוו, וואָלט יאַנע ווידער־אמאָל ארײַנגעפאַלן אין צושטאַנד פון שווערער דע־פּרעסיע.

די מאמע האָט געשריבן, אז זי ארבעט אין אַלטן קינדערהויז. פון קיִעוו האָט זי געמוזט אוועקפאָרן. צו שווער איז איר געווען אראָפּלאָזן זיך פון די טרעפּ, איבער וועלכע ס'איז דאָס לעצטע מאָל אוועק יאַנע.

„יאָ. וואָלאָדיען זעט זי. ער פילט זיך שוין גאָר פאר א דערוואַקסענעם. וואָלאָדיע האָט גע־האָלפן זיך דערוויסן, אין וועלכן לאַגער עס געפינט זיך יאַנע. צוליב דעם איז ער קיין מאָסקווע געפאָרן... איצט וועט אַלץ זײַן אין אָרדענונג. אַלטע פרײַנט האָבן זיך געווענדט אין פּראָקוראַטור, צו דער רעגירונג... די קאָנסערוואַטאָריע אויך. גלייב און וואַרט“.

יאנע וואָלט איצט פאר פרייד געשריבן מוזיק, איז נישטאָ קיין ראָיאַל. איר האַרץ איז פול געווען מיט ליבע און, ניט געקוקט אף אַלץ, מיט גלויבן אין לעבן, אין זײַן גוווּרעדיקער קראַפט. און דאָס לעבן האָט געזיגט.

ס׳איז געקומען דער טאָג, ווען יאנע האָט צום לעצטן מאָל זיך צוגעזעצט אף איר אײַזערנעם בעטל, דערנאָך זיך אופגעהויבן, צוגעגאנגען צו יעדן באַזונדער, ארומגענומען און זיך צעקושט מיט די כאווערטעס. צום ערשטן מאָל פאר דער גאנצער צײַט האָט זי זיך צעוויינט אף א קאָל. וויפל מאָל האָט זי פריִער געוואָלט זיך אויסוויינען, און ניט געקאָנט.

— יאנע, זינג אונדז עפּעס אויס. מיר זאָלן דײַן קאָל פארגעדענקען, — האָט זיך געבעטן פאָלינקע.

יאנע האָט א קוק געטאָן אף איר מיט אויגן, וואָס גיסן זיך איבער אף דער זון מיטן קאָליר פון פרישן האָניק, און האָט פארצויגן די אַלטע טרויעריקע וויגליד: „ליולינקע, מײַן פייגעלע“... דאָס וועט מען פארשטיין, אף וועלכער שפראך זי זאָל ניט זינגען... פאָליע האָט שטיל געגלעט אירע הענט.

אין א מעסלעס ארום איז זי מיט דער מאמען, וואָס איז נאָך איר געקומען, אוועקגעפאָרן קיין קיִעוו.

## קאַפּיטל נײַנצן

דאָס, וואָס יאנע האָט נאָך אַלעמען פארהיט די שטים, איז א נעס. און עפשער איז דאָס גאָר קיין נעס ניט. טאלאנט איז ווי א פונק. מע קאָן אים פאנאנדערבלאָזן, און מע קאָן אים אויסלעשן. האָט דאָך דאָס לעצטע שרעקלעכע יאָר ניט געקאָנט אויסלעשן דאָס פײַער, וואָס עס האָט אופגעבלאָזן אין איר דאָס גאנצע פאָריקע לעבן אירס.

יאנעס ליד האָט באקומען קראַפט און לײַדנשאפט. איר דראמאטישע סאָפּראנאָ איז רײַף געוואָרן פאר גלינקא און טשײַקאָווסקי.

יאנע האָט געזונגען, ווי א פויגל אף א צווײַג. זי האָט געטרויערט מיט אירע העלדן, טריומפירט. אירע לידער האָבן איבערצײַגט, זײַנען ארײַן אין דער נעשאָמע.

זי איז גיך געוואָרן פּאָפּולער, יאנע סאמוילאָווע. אזא פּסעוודאָנים האָט זי זיך גענומען אין אָנדענק פון דעם פאר דער צײַט אומגעקומענעם סאמוילאָוון.

אין מאָסקווער קאָנצערט־זאַל אף טשײַקאָווסקיס נאָמען האָט זיך נאָרוואָס פארענדיקט איר קאָנצערט. די לעצטע ליד האָט זי דורכגעזונגען אזוי, אז דער אוילעם איז א רעגע געבליבן שטום. ערשט דערנאָך זיך צעשטורעמט. די ליד האָט זי אָנגעהויבן זייער שטיל. איר שטים איז געווען פול מיט טרויער. דאָס פּאָנעם — שטרענג, די אויגן האָבן קיינעם ניט געזען.

זי איז אוועק פון דער בינע א מידע, אן אויסגעליידיקטע. אף „ביס“ זינגען האָט זי ניט געקאָנט.

אין איר קליינער גרימיאָרקע איז זי איצט איינע אליין. זי דארף קומען צו־זיך. די נאָענטע ווייסן עס...

מאָרגן איז אין מאָסקווע דער לעצטער קאָנצערט אירער, דערנאָך פאָרט זי קיין סאראטאָוו. צו דער וואָלגע. זי האָט ליב וואנדערן, און וועגן וואָלגע־טײַך טרוימט זי שוין פון לאנג.

נאָך אַלע קאָנצערטן קומט זי זיך אָפּרוען צו דער מאמען, אין שטעטל באם טעטערעוו. זי פארקלײַבט זיך אין וואלד ארײַן הערן די ביימער, די פויגלען, זיך דערמאָנען אין איר ערשטער ליד, אין איר ערשטער ליבע.

## אָנשטאָט אן עפּילאָג

„טײַערע ראָזע אבראמאָוונע! איך בין ווידער אין מײַן שטעטל, בא די ברעגן פון מײַן טײַך. די וואסערן לויפן פארבײַ מיר, ווי זיכרוינעס וועגן דעם פארגאנגענעם.

דאָס לעבן שטעלט אמאָל א מענטשן אין אזוינע אומשטענדן, וועלכע די גרעסטע פאנטאזיע קאָן ניט צוטראכטן.

דאָס איז פאָרגעקומען אין סאראטאָוו, אף מײַן צווייטן קאָנצערט. איך זינג און פיל מאמעש פיזיש, אז עמעצער פון זאַל קוקט אף מיר ניט אזוי, ווי אַלע אנדערע. ס׳איז מיר געוואָרן קאלט. דער קאָנפעראנסיע האָט געמאָלדן דעם פאָלגנדן נומער פון דער פּראָגראם, און ביז מע האָט אפּלאָדירט, האָב איך באשטימט אָפּזוכן דעם מענטשן, וואָס היפּנאָטיזירט מיך.

פון לינקס, אין דער פינפטער ריי, האָט זיך גלײַך אופגעהויבן א ברייטפּלייציקער מענטש אין א גרויען אָנצוג. וואָלאָדיע. ער איז געווען אין ברילן, זיי האָבן ביז גאָר געענדערט זײַן פּאָנעם, געמאכט שטרענגער. נו, און יאָרן טוען דאָך אויך זייערס. די גאנצע אָפּטיילונג האָב איך

שוין געזונגען נאָר פאַר אים. כ׳האָב זיך אַפילע דערלויבט עפּעס ענדערן אין מײַן פּראָגראַם. דורכגעזונגען זײַנע א באַליבטע ליד פון יענע גאָלדענע יאָרן.

עס האָט געוואונען רעגענען, ווען איך בין אַרויס פון דער פילהאַרמאָניע. באַם סאַמע אַרויסגאַנג — מע וואַרט. ער און זײַן פרוי. ער — און אַן אַנדערע. ניט איך. א הויכע, שלאַנקע פרוי מיט א לענגלעכן געזיכט. איך האָב זיך גלײַך דערמאָנט אין אַנטאָנינע ניקאָלײַעוונעס לעצטן געשפּרעך מיט מיר. כ׳האָב דאָך אײַך דערציילט די גאַנצע מײַסע פון מײַן קינדערשער ליבע און מײַן נאַריש ראַטעווען זיך פון איר.

וואָלאָדיע האָט מיט אַזא ליידנשאַפט אָנגעהויבן קושן מײַנע הענט, אַז זײַן פרוי איז בלייך געוואָרן, ווי די וואַנט, אַפילע אין דער פינצטער האָט מען עס געזען.

— יאַנע, טײַערע, שורע האָט צופעליק געקויפט בילעטן אויף דײַן קאָנצערט. איך בין געווען ניט הי. אַרויסגעפאָרן מיט מײַן עטיודניק הינטערן שטאָט. הײַנט זיך אומגעקערט. און אָט אַזא מאַטאָנע פון גאָט — יאַנע... פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געענטפערט אויף קיין איין בריוו? — האָט ער געהאַט צו מיר טײַנעס.

ס׳איז געווען אומבאַקוועם אין דער אָנוועזנהייט פון זײַן פרוי פירן אַזוינע געשפּרעכן. נאָר ס׳איז שוין שווער געווען אָפּצושטעלן אים, פונקט ווי ס׳זאָל זיך דורכרײַסן א קוואַל פון אונטער דער ערד.

— מיר מוזן זיך זען. אומבאַדינגט. איך ווייס דאָך וועגן דיר גאָרנישט. געהערט, אַז ס׳איז פאַראַן א זינגערין סאַמויל‑אָווע, געלייענט רעצענזיעס, נאָר גיי שטויס זיך אָן, אַז דאָס ביסטו? ס׳איז דאָך ניט דײַן פאַמיליע... האָסט חתונה געהאַט? געביטן די פאַמיליע? — האָט ער מיר אַרײַנגעקוקט אין די אויגן.

— קימאַט, קימאַט, — האָב איך געענטפערט.

— קימאַט רעכנט זיך ניט... ווו האָסטו זיך אָפּגעשטעלט? פאָר אַריבער צו אונדז. איאָ, יאַנע דאַרף איבערגיין צו אונדז? זי איז דאָך פאַר מיר מער ווי א שוועסטער, — האָט ער זיך געווענדט צו דער פרוי, פאַרגעסנדיק, אַז ער האָט מיך נאָך מיט איר ניט באַקענט.

— ניין, וואָלאָדיע, איך וועל ניט אַריבערפאָרן. איך בין ניט אַליין. כּוח דעם, פאָר איך מאָרגן אַרויס אין א צווייטער שטאָט אויף קאָנצערטן. איך בין דאָך אויף אַרבעט... כ׳קאָן ניט. מיר וועלן זיך מיט דיר נאָך ווען‑ניט‑איז באַגעגענען. פאַרוואָס האָב איך דיר ניט געענטפערט? ווײַל דײַנע בריוו האָב איך קיינמאָל ניט געלייענט. די מאַמע האָט מיר זיי ניט געגעבן. כ׳האָב זיך אָנגעשטויסן, אַז עפּעס באַהאַלט זי אויס פון מיר, און כ׳האָב זי ניט געפרעגט... זי האָט אַזויפיל איבערגעלעבט, אַז מײַן פײַן האָט זי ניט געקאָנט צוזען. זי האָט דאָך געוואָלט נאָר גוטס פאַר מיר, נאָר גוטס...

— איצט ווייסטו שוין פון מײַנע בריוו זיך ניט אויסבאַהאַלטן. זיי וועלן דיך געפינען, זינגערין סאַמויל‑אָווע, אַפילע עק וועלט. און שורען וועט גאָרנישט ניט העלפן. זאָל זי צו קיין שוועסטער ניט אײַפערן. מיר זײַנען דאָך מיט דיר, ווי בלאָנדזשענדע שטערן... אויף איין פּאַראַלעל — און באַזונדער...

מיר זײַנען אָפּגעשטאַנען באַם האָטעל א מינוט פערציק. איך בין געווען אויפגערעגט און מיד. מאָרגן איז פאַרגעשטאַנען פאָרן ווײַטער...

דאָס האַרץ האָט געקלעמט, און אין קאָפּ האָט ביז ווייטיק געפּיקט איין געדאַנק: צי דאַרף איך קויפן מײַן גליק פאַר אַזא פּרײַז? און צי וועט עס זײַן גליק?

כ׳האָב אָנגעהויבן באַקומען בריוו איינעם נאָך אַנדערן. און וואָסערע בריוו...

איך האָב ניט געענטפערט. אוועק א שטיקל צײַט, און ער האָט אויפגעהערט צו שרײַבן.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט מײַן לעצטע באַגעגעניש מיט מײַן ערשטער ליבע.

ווידער רויִשן ווינטן איבערן וואַסער. איך שפּאַן ווײַטער, איך לעב. מײַן גאָלדענע פּאַווע — מײַן ליד — איז איצט אויף אייביק מיט מיר.

אײַער יאַנע".

# דאָרע כײַקינע

◇

## דווירע

עס קוקן שטערן גאָלדענע אין פענצטער.
זיי זײַנען עפּשער נאָר פון גאָלדענעם קאָליר?
און ווײַטע, ווי מײַן ווײַטע נאָמען־שוועסטער
דווירע, וואָס איז אויסע שעם[1] מיט מיר.
זי איז מיר הײַנט געקומען אפן זינען,
ווען כ׳האָב מײַן לעבן נאָכאמאָל באטראכט.
איך ווייס: עס האָבן פּאלמע־בלעטער גרינע
מיט זייער קילן שאָטן זי באוואכט.
און זי פלעגט זיצן אף דער ערד א מידע
(ס׳דערציילט די ביבל וועגן איר געניו)
און אויסזינגען באגײַסטערט אירע לידער, —
א ווונדער־שיינע און א קלוגע פרוי.
און נאָך דערציילט די ביבל, אז די טענער
פון איר געזאנג האָבן א קראפט פארמאָגט.
ווי לייבן פלעגן ווערן שוואכע מענער,
די נאכט פלעגט ווערן ליכטיק, ווי דער טאָג,
ווען פײַנט פון דער מעדינע צו באזיגן
זי פלעגט אין לידער רופן נאָכאנאנד.
און זינגען פלעגט זי ניט אויס פארגעניגן —
באגײַסטערן די קעמפער פונעם לאנד.
איך שטעל זיך פאָר (כ׳קאָן דאָך אין לידער מײַנע
א לאָז טאָן זיך אין וועלכער ווײַט איך וויל),
און ניט וואָס כ׳האָב צו יענער צײַט א טײַנע —
נאָר עלנט האָבן מענטשן זיך געפילט.
און יעדער פאָלק, און יעטווידע מעדינע
האָט זיך אין דאַלעד־אמעס ווי פארשפארט.
אין זיך אליין א טרייסט פלעגט מען געפינען,
און הילף פון ווײַטן הימל נאָר דערוואַרט.
און זיך אליין עס פלעגן נאָר געהערן
די פריידן און די צאָרעס אָן א שיר.
ווי ביטער ס׳איז געווען אין צײַטן שווערע
דער דיכטערן, וואָס אויסע שעם מיט מיר.
און נאָר דערפאר עס האָבן לידער אירע
געוווּסט בלויז איינס: אין שלאכט, אין שלאכט, אין שלאכט!
איך ווייס, אז פרײַנטשאפט־סטעזשקעס צו מיר פירן,
אז ס׳שטייט א וועלט מיט מענטשן אף דער וואך!
און טאָמער, טאָמער וועט געשען אין לעבן:
א פאָלק, א לאנד וועט דראָען א געפאר, —
איז בעשום־אויפן וועט מען ניט פארגעבן
דעם שולדיקן פארן פארשאפטן צאר
און העלפן טרײַ די מענטשן אומבאקאנטע,
וואָס ראנגלען זיך געוואגט מיט ווילדן פלאם.

[1] אויסע שעם — דער זעלבער נאָמען.

דאָס האָבן מיר געהאָלפן רײַסן פּענטעס
דעם קליינעם אינדזל אין קאַריבער יאַם.
און מיך באַגלייט (מיך, פון פּאָלעסיער שטעטל)
די גרויסע מענטשן־ליבע, וואָס איך פיל,
ווען מײַנע לידער רוסישע פּאָעטן
אַף רוסיש דיכטן איבער מיט געפיל.
איך זע ניט אײַן אין דעם מײַנע פאַרדינסטן,
ס׳האָט אָפּגעגליקט מיר פּאַשעט מיט דער צײַט.
דער וועג צו גליק געלעגן איז דורך וויסטעס,
דורך רעוואָלוציעס, דורך בלוט און שטרײַט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

א לעבן קאָן געמאָלט דען זײַן אָן לידער?
באַגלייט האָט מײַנע אָוועס איר געזאַנג.
פאַר איר, דער ערשטער דיכטערן בא יידן,
מײַן קאָפּ פאַרנייג איך מיט א שטילן דאַנק.



ס׳האָט אויסגעוועבט פאַר מיר פון גאָלד א סטעזשקע די לעוואָנע
און גלײַך צו מײַנע פיס געבראַכט מיר די מאַטאָנע.
מיסטאָמע צוליב דעם, אַז דער געשאַנק זאָל מיר געפעלן,
האָט זי דאָס גאָלד ארײַנגעוועבט אין בלויע וועלן,
און שוין קעדיי אײַנגאַנצן מיך מיט שיינקײַט פּלעטן,
האָט זי די סטעזשקע אויסגעשפּרייט אין שאָען שפּעטע,
ווען ס׳האָט א שטילע נאַכט באַם יאַם די שטערן ברייט צעשאָטן.

איך בין געבליבן שטיין — ס׳האָט מיר פאַרכאַפּט דעם אָטעם,
איך האָב געדאַנקט די נאַכט, געדאַנקט דעם יאַם און די לעוואָנע,
און זיך אליין געפרעגט: כ׳בין ווערט אָט די מאַטאָנע,
די וווּנדער־סטעזשקע, וועלכע ציט זיך גלײַך צו מיר פון הימל?..

ס׳איז שטיל ארום, און כ׳האָב דערהערט פונווײַטנס שטימען:
— דו זעסט, מײַן טײַערער, פון גאָלד א סטעזשקע פאַר אונדזביידן...
— עס איז א סטעזשקע, — ענטפערט יענער, — פאַר א גאָלדן מיידל...
די נאַכט איז קלוג, — זאָגט ער, — ביסט ווערט, אַז זי זאָל דיך דערפרייען...

איך קוק אין יענער זײַט, ווו די פאַרליבטע שטייען.
צו זיי די סטעזשקע ציט זיך אויך פון גינגאָלד ריינעם?
איך האָב געמיינט, די סטעזשקע איז פאַר מיר אליין נאָר...

איך וויס שוין איצט — פאַר אלעמען עס שטײַעט די מאַטאָנע.
און אויב אזוי, איז א כאַכאָמע די לעוואָנע.
און ווען אין אָט דער נאַכט וואָלט קומען מיר דאָס גליק אנטקעגן,
וואָלט איך צום גליק געזאָגט: דו וואָלסט זיך לערנען מעגן
בא איר, בא דער לעוואָנע, וועלכע שוועבט אין ווײַטן ברייטע,
פאַר אלעמען זי קען די סטעזשקעס אירע שפּרייטן.



אָפּטמאָל הער איך, ווי מע זינגט א ליד
וועגן זייער שווערע ערשטע טריט.
כ׳זע: א קינד אַף שוואַכע פיסלעך גייט,
אַף זײַן פּאָנעם מישט זיך שרעק מיט פרייד.
ס׳גייט דאָס קינד פּאַמעלעך, מיטאַמאָל

ס׳טוט א פאַל, צעווײנט זיך אַף א קאָל.
ס׳וואָלט א קלאַפּ טאָן זיך געוויס געקענט,
ווען עס פאַלט ניט אין דער מאַמעס הענט.
איז די מאַמע אײנע אַף דער וואַך?
ניין, באַהעלפערס זײַנען דאָ א סאַך:
ס׳העלפט אַן אַלטע באָבעשע דעם גײן,
און א קינד, וואָס איז אַליין נאָך קליין,
נאָר עס מײנט אַוואַדע, אַז ס׳איז גרויס.
און א מאַלער שפּרייט א סטעזשקע אויס...
ס׳גייט א קינד זײַן ערשטן שווערן גאַנג,
און דער וועג פאַרויס איז שײן און לאַנג,
ביימער וועלן זײַן אין ווײַסן צוויט.
...שווערע זײַנען גראָד די לעצטע טריט.
ווען דער וועג ווערט פּלוצעם אָרעם־קליין,
און אַפילע עמעץ העלפט שוין גײן,
נאָר די מידע פיס — זיי זײַנען שוואַך,
און פאַרויס, אָנשטאָט דעם לאַנגן שליאַך,
איז א שמאָלע סטעזשקע און ניט מער,
אָט די לעצטע טריט — זיי זײַנען שווער.

## א שײַטער אין יאַם

ניט ווײַט פון קובע האָבן די קובינער קאָנטר־רעוואָליוציאָנערן מיט סנאַריאַדן אונטערגעצונדן און דערטרונקען א שיף, וועלכע האָט געפירט אַפן אינדזל קינדערשע שפּילכלעך, טעקסטיל און קנאַבל.

(פון צײַטונגען)

צו ברעגן קובינער א שיף איז געשווומען
און פרײלעכע קינדערשע שפּילכלעך געפירט.
סײַ פּליושענע בערן, סײַ פּילקעס פון גומי,
בלוי־אויגיקע ליאַלקעס — די בונדעס
אין בלומען —
און פערדלעך פון האַרטן, געפּרעסטן פּאַפּיר.

א פּאַק מיט טעקסטיל אינעם טריום איז געלעגן.
און קנאַבל מיט ווײַסע, מיט זאַפטיקע ציין.
ס׳צעזינגען זיך פרײלעך די יאַמישע וועגן,
ווען שיפן זיך טראָגן דעם ראַכוועס אַנטקעגן,
געלאָדן מיט אײביקן לעבן אַליין.

נאָר אוטאָ־דאַ־פע[1] האָט באַגלייט די געשיכטע.
ווער בענקט נאָך די פינצטערע שײַטערס
ביז איצט?
האַרמאַטן עס האָבן די סאָנים געריכטעט —
די שיף מיט די שפּילכלעך אין רויכן געדיכטע,
זי פלאַטערט, גייט אונטער, פאַרזינקט, ווי
א בליץ.

פון רויך און פון פײַער — א זײַל ביזן הימל,
א בלוטיקער שײַטער צעברענט זיך אין יאַם.

עס וויגן זיך פּילקעס האַלב־רויטע, האַלב־גרינע
און קאָנען די קינדערשע הענט ניט געפינען,
די הענט, וועלכע האָבן דעם טײַערסטן טאַם.

די ליאַלקעס וועט קיינער ניט געבן קיין נעמען,
אין נײַע מאַלבושים ניט אויספּוצן זיי,
די לײַנענע האָר וועט זיי קיינער ניט קעמען,
ניט רײַטן מע וועט אַף די פּליושענע קעמלען
אין מידבער, ווו זאַמד איז נאָך ווײַסער פון שניי.

איך קען עס, דאָס בילד, ווען פאַרבלײַבן
עס פלעגן
די קינדערשע שפּילכלעך אָן קינדערשע הענט.
אין דערפל פּלאַשטינע, אַף לידיצער וועגן,
אין קיעווער יאַר, בא די דניעפּרישע ברעגן,
אין געטאָ, לעם שטומע, פאַרסאַרפּעטע ווענט.

די שיפן, איך וויל, צו דעם ברעג זאָלן קומען.
קיין רויכיקער זײַל זאָל ניט שוואַרצן דעם וועג.
א שיף, וויל איך, פירן זאָל פּילקעס פון גומי,
בלוי־אויגיקע ליאַלקעס — די בונדעס
אין בלומען —
און זאַפטיקן קאָרן און ווייץ אין די זעק.

---

[1] אוטאָ־דאַ־פע — אינקוויזיטאָרישע שײַטערס.

# שיפרע כאַלאָדענקאָ





מיר טוט ניט באַנק דער דורכגעלעבטער טאָג,
ווען דורכגעלעבט איז ער אַזוי, ווי איך פֿאַרשטיי.
בלויז דעמלט מאַטערט מיך דער הילפֿלאָזער געדאַנק,
בלויז דעמלט טוט דאָס האַרץ מיר זייער וויי,

ווען ס׳איז אַ שיינער טאָג פֿאַרגאַן
אין סינע קלייַנלעכער, אין אומזיניקער לייד,
און כ׳וויל, דער טאָג זאָל קומען אָפּדאָסנייַ —
כ׳וועל הייַנט אים דורכלעבן אין פֿרידן און אין פֿרייד.



נאָך דיר איך בענק, אױף דיר איך וואַרט,
און ס׳איז מייַן טיר פֿאַר דיר פֿאַרשפּאַרט.

נאָך דיר איך גאַר, צו דיר מיך נויגט,
פֿאַרוואָס זשע וועגד איך אָפּ מייַן אויג?

ס׳איז זייער ציטעריק מייַן גליק,
עס וועפּט זיך אויס אין אויגנבליק.



מייַן ליבע האָב איך ליב דערפֿאַר,
זי איז דערפֿאַר אַזוי מיר טייַער,
ווייַל ס׳שטייט פֿאַר מיר ניט די געפֿאַר
פֿון איר צו וועלן זיך באַפֿרייַען.

און אין איר לויטערן געוועב
איך קלייַב זיך ערלעך הייַנט
פֿאַנאַנדער,
פֿון אַלע ליבעס, זינט איך לעב,
איז אָט די ליבע עפּעס אַנדערש.

זי האָט אין זיך ניט אָט דעם פֿלאַם,
וואָס גרייט איז זיך אַליין פֿאַרניכטן,
נאָר ס׳איז אין איר אַזוינס פֿאַראַן,
וואָס איז פֿון וויכטיקסטן מיר וויכטיק.

◇ ◇ ◇

איך לעב אזוי ווייניק,
אז כ׳וועל ניט באווייַזן
עפּעס דערקלערן
און עפּעס דערווייַזן.

א קינד כ׳בין געבאָרן,
א קינד וועל איך שטארבן,
קיין האָר ניט פאַרלאָרן
פון קינדערשע יאָרן.

נאָר ליב כ׳האָב געקראָגן
מיט לייַב און מיט לעבן
דאָס לעבן, וואָס וועבט זיך
אין מייַנע געוועבן,

דאָס לעבן, וואָס האָט מיך
געבראָכן ניט איין מאָל,
איך האָב ניט כאַראַטע
געהאַט אַף דעם קיינמאָל.

אין בלוטיקע צייַטן,
אין פינצטערע יאָרן
איך האָב ניט פאַרשאָלטן
מייַן טאָג פון געבאָרן.

איך האָב ניט פאַרלאָרן
מייַן קינדערשן גלויבן,
מייַן ערד און מייַן הימל
ניט אופגעהערט לויבן.

## וועלט מייַנע, ליבע

ניט פאַראַן איז קיין גאָט אַף דער וועלט,
נאָר די וועלט איז דאָך דאָ אַף דער וועלט,
אָט די וועלט, וואָס זי שטערנט און קוועלט, —

און עס בייגן אליין זיך די קני
פאַר איר יעדן פאַרנאַכט און גאַנצפרי,
און עס ציִען אליין זיך די הענט
צו איר פראַכט, צו איר מאַכט, צו איר בלענד.

אָ, ווען מען דאָ זאָגן א דאַנק
פאַר מייַן גוואַלדיקן גאָב, פאַר מייַן דראַנג,
פאַר מייַן פרייד, פאַר מייַן לייד, פאַר מייַן טרייסט,
וואָס פראָסט אזוי: „לעבן" דאָס הייסט.

## פרילינג

די ערד, וואָס וואַנדערט אייביק קעגן זון און ווינט,
זי איז ניט אָפּגענוצט, זי איז ניט אַלט געוואָרן,
און ווידער האָט זי זיך צעפרילינגט און צעגרינט
מיט נייַעם ברויז, מיט לויכטנדיקע יאָרן.

און איך, באַפליגלט מיט מייַן העכסטן טרוים,
אַף אַלע זעגלען גיי איך איר אַנטקעגן,
און ניט פאַרלאָרן ווער איך אינעם רוים,
ווייַל כ׳ווער געפירט פון יענע טיפע וועגן,
וואָס אין די גרונטן פון מייַן וועזן ליגן,
וואָס האָבן מיך געקרוינט מיט וואַקסנדיקע פליגל,

וואָס טראָגן מיך, וואָס פירן מיך אהין,
וווּ לויטער איז, וווּ ליכטיק איז און גרין,
דורך אַלע שטרויכלונגען זיי טראָגן מיך פאַרבייַ
אַנטקעגן מעכטיקן, ניט וועלקנדיקן מייַ.

◇



שמועל גאָרדאָן

# פרילינג

ראָמאַן

## XXI

אין פאָדערצימער האָט שװוע דערזען הענגען א פרעמדן מענערשן מאַנטל.

— װער איז עס בא אונדז? — האָט זי שטיל געפרעגט דעם זיידן, װאָס איז געזעסן אינעם קלײנעם אָפּגעזונדערטן צימערל בא דעם אײַנגעשלאָסענעם טעלעװיזאָר.

— א ייִד פון אינטא, דעם פעטער שיִעס א באַקאַנטער.

— קאַלמען אושעראָװיטש?

— װי זאָגסטו? יאָ, דאַכט זיך, אַז אַזױ. אָ, הערסטו, איז עס א לעץ, האָט ער עס דאָ נאָר־װאָס אָפּגעשפּילט א שטיקל!..

— װער, זיידע?

— נו, אײַער ארקאַדי רײַקין. ער זאָל זיך נאָר געװען צוקלעפּן א פּאָר װאָנצעלעך, װאָלט איך געמײנט, אַז איך זע פאַר זיך אונדזער „דאַראָגאָי און ליוּבימי"[1] פּייסעכקען. װײ, װײ, װאָס די צײַט קאָן אַמאָל מאַכן פון א מענטשן! געװען אַזאַ דימענטענער באָכער, א שטילער, א צוגע־לאָזטער, און נאַ דיר! גײ װײס, אַז מירן אים אױסקלײַבן פאַר א פאָרזיצער, װעלן מיר אי אים, אי זיך מאַכן אומגליקלעך. פּאַשעט גענומען און געפּאַטערט א מענטשן. דו הער נאָר! פאַר אײנע

פאָרזעצונג. זע „סאָװעטיש הײמלאַנד", נומ. 4, 5 פאַרן 1965 יאָר.

[1] „טײַערן און באַליבטן".

צווי כאַדאָשים זאָל אַ מענטש זיך אַזוי ענדערן. וואָס פּייסעכקע, ווען פּייסעכקע? ער איז באַלד געוואָרן פּיאָטער מאַטווייעוויטש, און גאָט באַהיט אים עפּעס דערוויידערן. אַלץ ווייסט ער, אַלץ קאָן ער, אין אַלץ איז ער באָקי. מיט איין וואָרט, מוישע ראַביינו. הײַנט דאָס בלאָזן פון זיך, דאָס זידלען זיך, דאָס מאַכן יענעם מיט דער בלאָטע גלײַך? סאַקאָנעס נעפאָשעס, זאָג איך דיר. איידער ער איז געוואָרן אַ פּאָרזיצער, האָט ער געאַרבעט באַ מיר אין דער בריגאַדע אַפן ווײַנגאָרטן. דעמלט בין איך באַ אים געווען „רעב נעכעמיע״, „נעכעמיע עליעוויטש״, און אַז ער איז, ניט הײַנט געדאַכט, געוואָרן מיט מאַזל אַ „פּרעד״, בין איך באַ אים געוואָרן „היי, טי״. און וויפל, מיינסטו, איז אָפּגעגאַנגען, איך זאָל אויך זײַן דאָרט, וווּ דײַן פּעטער שיִע איז געווען? אַז ווי נאָר עפּעס, ביסטו באַ אים באַלד אַ „שעדיקער״, אַ סאַבאָטאַזשניק, אַ דער טײַוול ווייסט וואָס... מיינסט דאָך עפּשער, אַז ער האָט נאָר געשראָקן?.. — נעכעמיע האָט אויסגעשלאָסן דעם טעלעוויזאָר און שטיל פּאָרגעזעצט: — געווען באַ אונדז אַ שמיד כאַיִם זשוראָטשקין. פּרעגט זיך, וואָס קומט אים, אויב ער איז איינעם אַ שאַבעס געשטאַנען באַם אָמעד אין מיניען און פאַרגעסן מאַכן אַ „האַנויסיין טשוּע״ סטאַלינען? פּייסעכקע האָט עס אָבער באַלד אָפּגעטראָגן, און זשוראָטשקין האָט ארײַנ־געכאַפּט...

נעכעמיע האָט זיך אופגעהויבן, זיך דורכגעגאַנגען איבערן צימערל, פעסטער צוגעמאַכט די טיר און געבליבן שטיין אַנטקעגן שעווען.

— ווײַנסט דאָך עפּעס אין מאָסקווע, און לערנען, דאַרף מען פאַרשטיין, קאָנסטו מיסטאַמע אויך עטוואָס מער פון מיר, איז דערקלער מיר, פונוואַנען נעמט זיך עס? געווען אַ גאָלדן יִינגל, און נאַ דיר. טראַכטן, אַז מע האָט אים געהייסן זײַן אַזאַ? מע קאָן, הייסט עס, צווינגען אַ מענטשן, ער זאָל אײַנגיין ווערן אויס מענטש. האַ?

פאַר די עטלעכע טעג, וואָס דער זיידע איז דאָ צוגאַסט, האָט שעווע באַמערקט, אַז ער זוכט אַלעמאָל אַ געלעגנהײַט זיך אויסצורײדן, אָט ווי אַ מענטש, וואָס האָט נאָך עטלעכע יאָר שווײַגן מיטאַמאָל צוריק באַקומען דאָס לאָשן. ער האָט דערפון עפּעס אַ באַזונדער פאַרגעניגן. זי האָט זיך נאָר געכידעשט, וואָס ער פאַרגיט איר אַזעלכע פראַגן. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס ווענדט ער זיך גאָר ניט צו איר, נאָר צו זיך אַליין, און אַז פון איר, שעווען, פאָדערט זיך בלויז, זי זאָל אים ניט שטערן געפינען אַן ענטפער. זי האָט אים ניט איבערגעשלאָגן אויך איצט, ווען זי איז אַזוי נײַגעריק געווען וויסן, ווען איז געקומען קאַלמען אושעראָוויטש, וואָס דערציילט ער, וויפל וועט ער זיך דאָ פאַרהאַלטן.

— ס׳איז נאָך, אַפּאָנעם, ניט געקומען די צײַט, מע זאָל שוין אויף אַלץ קאָנען געפינען אַן ענטפער, און סאָפּקאָלסאָף איז עס שוין ניט אַזוי וויכטיק אויך. וויכטיק איז דאָס, וואָס איצט וועט שוין אַלץ זײַן, ווי לענין האָט געלערנט.

פונעם שכיינעסדיקן צימער האָט זיך דערטראָגן אַ געדיכטע מענערשע שטים.

— יאָ, ס׳איז טאַקע קאַלמען אושעראָוויטש. דאָס פאָרט ער איצט פון קאַווקאַז.

— איך זע, טאָכטערקע, ער איז דאָ באַ אײַך אַ גאַנץ אָפטער גאַסט.

שעווען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער זיידע איז ניט איבעריק פון דעם צופרידן.

— ער איז דאָ באַ אונדז געווען פאַרן פאָרן קיין סאָטשי. געבראַכט אַ גרוס פונעם פעטער. אַליין איז ער פון פּוילן.

— ער פאָרט ניט צוריק צו זיך קיין פּוילן?

— ס׳איז לאַנג צו דערציילן וועגן דעם.

— לעמאָשל?

— אַן אַנדערשמאָל, זיידע.

— אַן אַנדערשמאָל איז אַן אַנדערשמאָל. כ׳בין ניט פון די שטאַרק נײַגעריקע. ער איז צו־פעליק ניט קיין דאַמען־שנײַדער? פּוילישע שנײַדער האָבן אַ שעם, און פאַר אַ שעם צאָלט מען באַ אונדז גרויסע געלטער. דעריקער איר, פּרויען, און נאָך דאָרטן, אַפן צאָפן, וווּ מע איז ניט געענגט אין געלט.

— האָסט גראָדע ניט געטראָפן, זיידע. קאַלמען אושעראָוויטש איז אַ שאַכטיאָר, אַ „פּאָ־סאַדטשיק״. ווייסט, וואָס איז אַזוינס אַ פּאָסאַדטשיק?..

— נו, נו, לאָמיר הערן.

— און וואָס איז אַזוינס אַ „פּראָכאָדטשיק״, ווייסטו?

נעכעמיע האָט מיט אַ שמייכל אַ קוק געטאָן אויף שעווען.

— כ׳האָב גאָר פאַרגעסן, אַז דו פאָרסט פון אינטאַ. ס׳איז שרעקלעך אין דער שאַכטע, זיידע?

— שרעקלעך ניט שרעקלעך, נאָר קיין לײַכט שטיקל ברויט איז עס ניט. אַפן ווײַנגאָרטן איז, פאַרשטייט זיך, אַ ביסל אָנגענעמער, ווי ווייקן זיך אין דער נעץ און קריכן אויף אַלע פיר אין דער לאַווע. און כוץ דעם, די שאָ זאָל ניט זײַן... זאָגט אָבער דער פעטער דײַנער, אַז אים איז טויזנט

מאָל מער געפּעלן אַרבעטן אין שאַכטע, ווי אויפֿן ווײַנגאָרטן. א שאַכטיאָר, זאָגט ער, איז געגליכן צו א מיניאָר. מיט איין וואָרט, ס'געפֿעלט אים זײַן א שאַכטיאָר.

— וואָלסט געמעגט הערן, ווי קאַלמען אושעראָוויטש דערציילט וועגן דער שאַכטע. ווען איך בין א ייִנגל, גיי איך נאָר פֿאַר א פּאָסאַדטשיק. דערציילן דיר, ווי'אַזוי מע וואָלגערט אײַן די „קראָוליע"?

פּונעם שכייניעסדיקן צימער האָט זיך ווידער דערטראָגן די שטים פונעם גאַסט. שעווע האָט איבערגעכאַפּט אויף זיך דעם זיידנס פּאָרטראַכטן בליק און אָראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

די דרײַ כאַדאָשים, וואָס זײַנען דורך, זינט קאַלמען זבערטשוק האָט געבראַכט צו פירן א גרוס פונעם פעטער שיִע, איז שעווע געווען אַזוי פאַרטאָן אין זיך, אַז זי האָט קימאַט ניט באַמערקט, ווי ס'האָט זיך פֿאַר דער צײַט געענדערט איר מוטער. אַפילו ווען ציוויע איז נאָך זבערטשוקס אָפּפאָרן אויף קאַווקאַז געקומען איינמאָל אַהיים אונטערגעשאָרן ווי א ייִנגל, האָט שעווע עס באַמערקט בלויז דעמלט, ווען די מוטער האָט זי געפרעגט, צי פּאַסט איר די נײַע פריזור. און אַז די מוטער האָט זיך מיטאַמאָל אָנגעהויבן קליידן אין קורצע און שמאָלע אָנצוגן, זיך גענומען לערנען גיין אין טופליעס מיט מעשונע הויכע קנאַפּל, האָט זי עס אויך ניט באַלד באַמערקט, און אַז די מוטער איז פֿון טאָג צו טאָג געוואָרן ייִנגער און שענער, האָט שעווע, דאַכט זיך, אויך באַמערקט שפּעטער פֿון אַנדערע.

דעמלט אָבער, ווען זבערטשוק איז צום ערשטן מאָל צו זיי געקומען, האָט נאָך איר מוטער פאַרן שפּיגל זיך איבעריקס לאַנג ניט פאַרהאַלטן. זבערטשוק האָט זי געטראָפן אין אַלטע שטעקשיך, בייס זי האָט געראַמט די שטוב. דערלאַנגענדיק שעווע די האַנט, האָט ער מאָדנע פאַרוווּנדערט געפרעגט די מוטער:

— טאַקע בעפּיירעס אײַערע א טאָכטער? כ'וואָלט גיכער געגלייבט, אַז א ייִנגערע שוועסטער.

צו וואָס האָט די מאַמע זיך געײַלט אים זאָגן, אַז זי איז אַלט שוין באַלד נײַן און דרײַסיק יאָר און אַז דאָס לעבן איז שוין פאַר איר, אייגנטלעך, אַדורך? ס'איז ניט געווען קענטיק, אַז זי זאָל מיט דעם וועלן, ער זאָל איר נאָכאַמאָל זאָגן, אַז זי זעט אויס יונג.

אויף מאָרגן איז קאַלמען ווידער געקומען צו זיי. דאָס מאָל איז ער שוין אָפּגעזעסן ביז שפּעט אין אָוונט. שעווע האָט גיכער דערפילט, ווי פאַרשטאַנען, אַז די מוטער וואָלט געווען צופרידן, ווען שעווע זאָגט אים, ער זאָל ניט וואַרטן אויף קיין באַזונדערע אײַנלאַדונגען און קומען צו זיי ווי צו זיך אַהיים.

אַנשטאָט דעם האָט שעווע אים געזאָגט:

— ווען איר ווייסט, ווי שטאַרק כ'בין אײַך מעקאַנע, וואָס איר וועט אײַנגיכן זיך זען מיטן פעטער שיִען.

— מיר האָבן מיט אײַער פעטער, ווי מע זאָגט עס, אויפגעגעסן ניט איין פוד זאַלץ.

— עפּשער וואָלט איר זיך אויף די עטלעכע טעג גאָר איבערגעקליבן צו אונדז? בא אונדז, ווי איר זעט, איז דאָ גאַנץ געראַם. איך וועל אײַך אָפּטרעטן מײַן צימערל.

— א דאַנק, כ'האָב וווּ צו זײַן. — און ווי ער זאָל מוירע האָבן, אַז מע קאָן אַנדערש אויסטײַטשן דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, האָט ער באַלד צוגעגעבן: — איך שטיי אײַן אין „פּעקין", א וווּנדערלעכער האָטעל, און ס'איז מיר צו אײַך זייער באַקוועם צופאָרן מיטן צוואַנציקסטן טראָלייבוס.

— איר זײַט, ווײַזט אויס, ניט דאָס ערשטע מאָל אין מאָסקווע?

— ווי זאָל איך אײַך זאָגן? אי יאָ, אי ניין. וואָרעם מער ווי צוויי־דרײַ טעג האָב איך זיך דאָ קיינמאָל ניט פאַרהאַלטן.

— פאַר צוויי־דרײַ טעג קאָן מען, פאַרשטייט זיך, מאָסקווע ניט קענען.

— ביפראַט, אַז די צוויי־דרײַ טעג פליגן בא מיר אַוועק אויף אַרומלויפן איבער די קראָמען. איר מיינט, צוליב זיך? כאַלילע. מישטיינס־געזאָגט, וואָס דאַרף איין מענטש האָבן? בא אונדז אָבער אויפֿן צאָפן איז אײַנגעפירט, אַז טאָמער פאָרט עמעצער קיין מאָסקווע, פאַרוואָרפט מען אים מיט באַשטעלונגען, קויף דאָס, קויף יענץ. פאָרט מאָסקווע. דאָס מאָל, זעט איר, האָב איך קיינעם גאָרנישט ניט צוגעזאָגט, וואָרעם, מעגלעך, אַז צוריקוועגס וועל איך גאָר פאָרן ניט דורך מאָסקווע, נאָר דורך פּינסק, א קוק טאָן די שטאָט, וווּ אײַערע, כ'מיין, וווּ אונדזערע האָבן מיך גענומען, אַזוי צו זאָגן, אין געפאַנגענשאַפט און טאַקע באַלד אויפֿן אָרט אָפּגעלאָזט. און עפּשער וועל איך זיך ערגעץ אַנדערש־וווּ דורכפאָרן. בא מיר איז האַיאָר קימאַט א פירכאַדאָשימדיקער אורלויב. פאַר הײַנטיקס יאָר און פאַראַיאָרן. בא אונדז איז, ווי איר ווייסט, א צווייעגדיקער ווינטער, א צווייעגדיקער געהאַלט, א צווייעגדיקער אורלויב. נו, איז צוויי כאַדאָשים וועל איך מיר אָפּזײַן אויף קאַווקאַז. און וווּ טוט מען אַהין די איבעריקע צוויי?

— אין מאָסקווע, בא אונדז.

שעווע האָט זיך דעמלט ניט פאָרגעשטעלט און ניט געקאָנט זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר א באַדײַטונג זבערשטוק וועט צוגעבן אירע ווערטער און דער מוטערס שווײַגן. זבערטשוק האָט איבערגעביטן אין „וועצעעספּעעס"[1] זײַן פּוטיאָווקע אף אן אנדערער, מיט צוויי וואָכן שפּעטער, און די צוויי וואָכן, ווען זי זאָל זיך ניט געווען אומקערן פון שפּאַציר, פלעגט זי אים טרעפן אין שטוב. נאָך זײַן אוועקגיין פלעגט די מוטער זיך נאָך לאַנג ארומדרייען איבער די צימערן און פּלוצעם בלײַבן שטיין לעבן דעם פאָטערס בילד אף דער וואַנט.

שעווע געדענקט קימאַט ניט איר טאַטן. קנאַפּע זיבן יאָר איז זי אלט געווען, ווען די מאַמע האָט זי איינמאָל מיטגענומען מיט זיך אפן צאָפנדיקן וואָקזאַל באַגעגענען א מיליטערישן עשעלאָן, וואָס איז אָנגעקומען פון דײַטשלאַנד.

דער צוג האָט זיך נאָך ניט אָפּגעשטעלט, ווען פון איינעם פון די פאָדערשטע וואַגאָנעס איז צו זיי ארויסגעשפּרונגען א וווּקסיקער מיליטערמאַן, און איידער שעווע האָט נאָך דערהערט פון דער מאַמען, אז דאָס איז דער טאַטע, איז זי שוין געזעסן בא אים אף די הענט, ווי זי זאָל זײַן אן אייפּעלע. די צוויי שאָ, וואָס דער עשעלאָן איז געשטאַנען, האָט דער טאַטע זי ניט אָפּגעלאָזט פון זיך, און זאַלבעדריט האָבן זיי ארומגעשפּאַצירט איבערן פּעראָן. זי געדענקט, אז זי האָט די גאַנצע צײַט זיך געפּלײַסט גיין איבער איין רעלס און ניט פאַלן, אז ס'איז דעמלט געווען א שיינער זוניקער טאָג. דער פאָטער איז געווען א הויכער, עפּשער אף א גאַנצן קאָפּ העכער פון דער מאַמען. פון זײַן שינעל האָט געשמעקט מיט פרישׁ אופגעאַקערט פעלד. מער האָט זיך איר גאָרנישט פאַרגעדענקט פון יענעם ווײַטן פרילינגדיקן טאָג. אז באַם פאָטער איז, ווי בא איר, א לענגלעך פּאָנעם און גרויסע אויגן, האָט זי זיך דערוווּסט פונעם בילד, וואָס איז געהאַנגען באַם פענצטער.

אין א האַלב יאָר ארום האָט דער בריוונטרעגער געבראַכט א בריוו, אז דער טאַטע איז אומגעקומען אין מאַנטשזשוריע.

די אכט־און־צוואַנציקיאָריקע ציוויע האָט, ווי א סאַך אנדערע אַלמאָנעס, וואָס האָבן פאַרלאָרן זייערע מענער אפן פראָנט, א מאַך געטאָן אף זיך מיט דער האַנט און געזוכט זיך צו פאַרגעסן בא דער ארבעט. זי האָט געאַרבעט אפן זעלבן עלעקטרעלאָמפּן־זאַוואָד, ווו ס'האָט פאַר דער מילכאָמע געאַרבעט איר מאַן.

שעווע געדענקט ניט, אז צווישן די, וואָס פלעגן אמאָל ארײַנקומען צו זיי אין שטוב, זאָל געווען זײַן א מאַנצבל. דורכויס פרויען, אַלמאָנעס. די מוטער פלעגט אַלעמאָל וואָרענען, אז אין שטוב איז דאָ א קינד, און טאָמער פלעגט זיך עמעצער פאַרגעסן און נעמען דערציילן דאָס, וואָס קינדער דאַרפן נאָך ניט וויסן, האָט זי זיי באַלד אָפּגעשטעלט. דאָך איז שעווען דאַן ניט איין מאָל אויסגעקומען הערן אזוינס, וואָס דעם באַטײַט דערפון האָט זי ערשט באַנומען אין פיל יאָרן ארום. אָפּטער פון אַלץ איז איר אויסגעקומען הערן וועגן פאַרזעסענע מיידלעך און וועגן מיידלעך, וואָס אײַלן זיך כאַסענע האָבן, אבי נאָר ס'זאָל הייסן, מע האָט א מאַן. מע פלעגט מאַכן כעזשבוינעס, וויפל מיידלעך אן ערעך קומט אויס אף יעדן באָכער, און פאַרענדיקן געוויינלעך, אז ס'איז גאָר קיין וווּנדער ניט, וואָס די באָכערים אײַלן זיך ניט כאַסענע האָבן.

נאָר דאָ האָבן זיך באַלד ארײַנגעמישט די מאַמעס, וואָס האָבן זיך ניט געדאַרפט זאָרגן, — זיי האָבן געהאַט דערוואַקסענע זין:

— און ווער איז שולדיק, וואָס די באָכערים אײַלן זיך ניט כאַסענע האָבן? אמאָליקע צײַטן האָט מען אן אַלטן באָכער גאָר ניט גערעכנט פאַר קיין מאַנצבל. און איצט איז זײַן אן אַלטער באָכער גאָר א מאָדע.

— האָט צײַט, ס'וועט נאָך אינגיכן ווערן א מאָדע אינגאַנצן ניט כאַסענע האָבן פאַר קיין מיידלעך.

— פאַר וועמען זשע דען, פאַר ווײַבלעך?

— לאַכט ניט...

ציוויע נעכעמיעוונע האָט זיך זעלטן ווען ארײַנגעמישט אין אָט די אַלע געשפּרעכן. נאָר איינמאָל, ווען עמעצער האָט זיך צו איר אָנגערופן: „אזא יונגע און שיינע, ווי איר, וואָלט אפילע בא א גרעסערן דויכעק אין כאַסאַנים געקאָנט זייער לײַכט כאַסענע האָבן", — האָט זי זיך פאַרויטלט און ארויסגעשיקט שעווען אין קיך, א קוק טאָן, צי סע זידט נאָך ניט דער טשײַניק. שעווע האָט פאַרשטאַנען, אז דאָס איז געווען בלויז א טערעץ אף ארויסשיקן זי פונעם צימער. ס'איז איר אָבער געווען אזוי ציקאַווע צו וויסן, וואָס וועט ענטפערן די מאַמע, אז זי איז געבליבן שטיין הינטער דער טיר און זיך צוגעהערט. די מוטער האָט גערעדט זייער שטיל, און צו איר זײַנען דערגאַנגען בלויז די לעצטע עטלעכע ווערטער:

[1] „וו צ ס פּ ס" — אַלפאַרבאַנדישער צענטראַל־ראַט פון די פּראָפאַריינען.

— אײַער כאָסן, וואָס איר ווילט מיר שאַדכענען, איז מיסטאָמע אויך פֿון די, וואָס זוכן נאָר אַ פֿריילעכע אַלמאָנע.

און אָט, ווען קאַלמען זבערטשוק האָט פּלוצעם נאָכאַמאָל אָפּגעלייגט זײַן פֿאָרן קיין סאָטשי און אַלע טאָג זיך פֿאַרזעסן בײַ זיי ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָבן שוין זיך דערמאָנט די אַלע רייד, דער מאַמעס ענטפֿער, וואָס זי האָט דאַן אונטערגעהערט אונטער דער טיר, און זי האָט מיטאַמאָל דערפֿילט, אַז זי האָט דעם גאַסט פֿון אינטאַ שרעקלעך פֿײַנט באַקומען, ניט ווייסנדיק, אַז דאָס איז געווען ניט סינע, נאָר אײַפֿערזוכט. זי האָט אָנגעהויבן אויסגעפֿינען פֿאַרשיידענע טענה־רוצים פֿאַר אַלעקן, זי זאָל קאָנען בלײַבן אין שטוב, און ווען זי האָט זיך שוין יאָ באַגעגנט מיט אַלעקן, געפֿלײַסט זיך אומקערן וואָס פֿריִער אַהיים.

— אַ מאַנצבל, וואָס איז נידעריקער פֿון דער פֿרוי אין וווּקס, איז פֿאַר איר קיין פּאָר ניט. ער מעג אַפֿילו זײַן ווי שיין, — האָט שעווע, ווי פֿאַרבײַגייענדיק, דעמלט אַ זאָג געטאָן צו דער מוטער.

— אַנטקעגן וואָס זאָגסטו עס?

— סתם אַזוי.

נאָר אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך בײַ איר אַרויסגעכאַפּט:

— באַזונדערס וואַרפֿט זיך עס אין די אויגן, ווען דער מאַנצבל איז נאָך דערצו קיין שיינער אויך ניט.

— שעווע, איך פֿאַרווער דיר וועגן דעם ריידן.

— פֿאַרוואָס? — און אַ פֿאַרפּלאָנטעטע אַרײַנגעלאָפֿן צו זיך אין צימערל, זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער קושעטקע און פֿאַרגראָבן דאָס פּאָנעם אין קישן.

נאָר אין איינעם אָן אָוונט, ס'איז געווען קורץ פֿאַר זבערטשוקס אָפּפֿאָרן קיין סאָטשי, האָט שעווע פּלוצעם אויפֿגעהערט באַמערקן, אַז קאַלמען איז ניט קיין הויכער, אַז דער שטערן איז בײַ אים שטענדיק אָנגעכמורעט און די געדיכטע אַראָפּהענגענדיקע ברעמען גיבן צו זײַן בייזערדיק געזיכט אַ בייזלעכן אויסזען. נאָך יענעם אָוונט האָט זי שוין אויפֿגעהערט פֿרעגן בײַ זיך, וואָס האָט די מוטער אין אים אַזוינס געפֿונען, וואָס זי איז אים אַזוי גערן זען, און וואָס לויכטן זיך בײַ איר אַזוי די אויגן, ווען ער קומט. איצט האָט שעווע געאײַלט זיך אומקערן וואָס פֿריִער אַהיים שוין ניט, ווײַל זי האָט געוואָלט זיי שטערן בלײַבן אַליין. זי האָט מוירע געהאַט דורכלאָזן די מינוט, ווען קאַלמען דערציילט וועגן דער שאַכטע.

זי האָט נאָכדעם וואָרט אין וואָרט אַלץ איבערדערציילט אַלעקן, ניט באַמערקנדיק, ווי זי מישט אַרײַן אין איר רייד פּויליש־ע און ווײַסרוסישע ווערטער, וועלכע זי ברענגט אויך אַרויס, ווי קאַלמען, זינגעוודיק און צעצויגן.

בײַ דעם זיידן, אַפּאָנעם, האָט דער גאַסט ניט אויסגענומען. דאָס איז געווען צו זען פֿון דעם, ווי ער האָט זי געפֿרעגט, צי איז ער אָן אָפֿטער אַרײַנגייער צו זיי, ווי ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן, ווען פּונעם שכײנעסדיקן צימער האָט זיך אַהער אַרײַנגעריסן זבערטשוקס געדיכטע שטים. און ס'האָט זיך בײַ איר אַרויסגעכאַפּט:

— דו ווייסט, ווער איז אַזוינס קאַלמען אושעראָוויטש?

נעכעמיע האָט אָנגעכמורעט דעם שטערן און, באַהאַלטנדיק דעם אָנגעלאָפֿענעם שמייכל אין די עטוואָס צוגעזשמורעטע אויגן, זיך אָנגערופֿן:

— פֿרעגסט דאָך מיך שוין באַלד, ווי כאַווע טעוויע דעם מילכיקן. איז אַדרבה, לאָמיר טאַקע הערן.

און דאָ איז מיט שעווען געשען דאָס, וואָס עס טרעפֿט אָפֿט מיט מענטשן, ווען זיי קאָנען ניט אַרויסברענגען אויף אַ קול דעם ניגון, וועלכן זיי הערן אין זיך, אָנמאָלן אויף לײַוונט דאָס בילד, וואָס זיי זעען אין זיך, אויסלייגן אויף פּאַפּיר די ווערטער, וועלכע זיי טראָגן אום אין זיך. זי האָט געפֿילט, אַז די שאַכטע, וועגן וועלכער זי דערציילט איצט דעם זיידן, איז בלויז נאָר ענלעך אויף דער שאַכטע, וועגן וועלכער קאַלמען זבערטשוק האָט דערציילט, און דער בריגאַדיר, וואָס פֿירט זײַנע פּאָסאַדטשיקעס איבערן פֿײַכטן פֿינצטערן שטרעק, איז אויך בלויז נאָר עטוואָס ענלעך אויף קאַלמען זבערטשוקן. אין דער ווירקלעכקײַט זעט דאָס אַלץ אויס אַנדערש. שעווע האָט געוואָלט, אַז דער זיידע זאָל אויך, אָט ווי זי, דערזען פֿאַר זיך די לאַווע און די מענטשן, וואָס אַרבעטן דאָרט.

נאָר ווען זי האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן זיידן, ווי ער זיצט אָנגעלענט אויפֿן בענקל, דעם קאָפּ עטוואָס אָן אַ זײַט, די אויגן צוגעמאַכט און אָטעמט קוים וואָס מע הערט, האָט זי פֿאַרשטאַנען, אַז דער זיידע איז מיט איר דאָרטן, ווו זי, אין דער אויסגעאַרבעטער לאַווע, אונטער דער קראָוליע, וואָס האָט טיל־און־טעל געמאַכט פֿון די מעכטיקע סטויפּעס, וואָס שפּאַרן זי אונטער.

די סטויפּעס שטייען אויסגעקרימטע, מיט אונטערגעהאַקטע קני, אָנגעשפּאָלטענע, גע־

פלאצטע, ווי פון פראָסט. די בלייכע פאסן שײַן פון די לעמפלעך אף די דאשעקעס פון די פילקאנטיקע שאכטיאָרישע היטלען צעשנײַדן דעם כוישעך, וואָס לאָזט זיך מאמעש אָנטאפּן מיט די הענט. און אין דער פארטײַעטער שטילקײַט הערט מען, דאכט זיך, ווי דער כוישעך שלאָגט זיך אָן אין די ווענט, אָן דער פײַכטער אויסגעקרימטער קראָווליע. די פאָסאדטשיקעס אין די ברעזענטענע ספּעצאָווקעס און הויכע גומענע שטיוול, מיט די לאנגע זעגן און קירקעס אין די הענט שטייען באם ארײַנגאנג אין דער לאווע און ווארטן, וואָס וועט זאָגן זייער בריגאדיר, קאלמען. זיי קוקן אף זייער בריגאדיר, ווי אף א דיריגענט פון א קאפּעלע, ווי אף א קאָמאנדיר. דאָס ערשטע, וואָס ער פרעגט, ווען עמעצער בעט זיך צו אים אין בריגאדע, איז, צי קאָן ער שפּילן, ניט וויכטיק אף וואָס, אף א פידל צי אף א הארמאָשקע, אף א פלייט צי אף א פּויק. דערבײַ גיט ער צו פארשטיין, אז א פאָסאדטשיק דארף האָבן א געהער ניט ערגער פון א קלעזמער. וואָרעם טאָמער, כאָלילע, דערהערט ער ניט אין די רודאָסטאָיקעס דעם שטילסטן קלאנג און פארשטייט ניט, וואָס דער דאָזיקער קלאנג באטײַט, שטעלט ער אין קאָן דאָס לעבן פון דער גאנצער בריגאדע. דאָס אנדערע, וואָס ער פרעגט, אפילע בא די, וואָס האָבן לויט זייער עלטער געקאָנט אים דערוף ענטפערן בלויז מיט א שמייכל: צי איז מען געווען אף דער מילכאָמע. און ער דערקלערט עס אויך: א פאָסאדטשיק דארף זײַן געוואגט און קאלטבלוטיק. מיט איין וואָרט, ער דארף זײַן א געניטער סאָלדאט.

צום אײַנוואלגערן די קראָווליע האָט די בריגאדע זיך יעדעס מאָל געגרייט ווי צו א שלאכט. דער גוטמוטיקער און צוגעלאָזטער קאלמען זבערטשוק איז אין שאכטע געווען גאָר אן אנדערער. דער טראָט איז בא אים געווען אן אנדערער, און דער אויפן פון ריידן אן אנדערער. ער האָט דאָ גערעדט קורץ, אָפּגעהאקט, באפעלעריש.

די פאָסאדטשיקעס האָבן, ווי קלעזמאָרים אין א גוטער קאפּעלע, ווי סאָלדאטן אין א מיליטער־טייל, געוווסט, וואָס עס פאָדערט זיך פון יעדן באזונדער און וואָס דארף יעדער איינער פון זיי טאָן. די רודאָסטאָיקעס אליין האָבן זיי אונטערגעזאָגט. די אויסגעקרימטע און אָנגעשפּאָלטענע רודאָסטאָיקעס האָבן ווי גערעדט: „מיר קאָנען נאָך בײַשטיין", דעמלט ווען די גאנצע האָבן שוין קוים געשטאמלט: „מירן באלד פאלן, מירן באלד פאלן".

דער לעצטער פארלאָזט די לאווע דער בריגאדיר. ער פארלאָזט זי דעמלט, ווען ס'הייבט אָן אָנוואקסן א טויבער געברום און די שאכטע וועט באלד אופּציטערן פונעם מעכטיקן שטיינער־געוואלגער.

אלץ איז אויסגערעכנט. נאָר וואָס האָט געקאָנט געשען, וואָס נאָכן טויבן אָפּהילך איז ווידער שטיל געוואָרן? וועגן דעם טראכטן איצט אלע, וואָס ליגן אין דער באהעלטעניש און קוקן פון דאָרט פאָרזיכטיק ארויס, ווי פון אן אָקאָפּ.

עס גייען דורך עטלעכע לאנגע מינוט, און די שטילקײַט דויערט נאָך אלץ. עמעצער האָט מיסטאם דורכגעלאָזט א סטאָיקע אָדער זי ווייניק אונטערגעזעגט, און אלע ווארטן, ווען פון זיי וועט דער בריגאדיר שיקן אהין, אינעם פארטײַעטן כוישעך. נאָר דער בריגאדיר קריכט אליין ארויס פון דער באהעלטעניש און לאָזט זיך גיין צו דער שווײַגנדיקער לאווע. דאָס שמאָלע פאסיקל שײַן פונעם לעמפל, וואָס פארלויפט אים דעם וועג, פארשווינדט צוזאמען מיט אים אין דער געדיכטער פינצטערניש.

דער מעכטיקער דונער פונעם שטיינער־געוואלגער האָט א וויג געטאָן די ערד און פארטריבן די פאָסאדטשיקעס צוריק אין דער באהעלטעניש. ווען זיי זײַנען פון דאָרט ארויס און זיך געלאָזט לויפן צו דער אײַנגעוואלגערטער לאווע, האָבן זיי אינעם שטרעק זיך אָנגעשטויסן אף זייער בריגאדיר. קאלמען זבערטשוק איז געשטאנען ווי צוגעוואקסן צו דער וואנט. דער שטיינערנער געוואלגער האָט אים דאָ אָנגעיאָגט.

מעגלעך, אז ניט אזוי האָט עס אלץ אויסגעזען, ווי שעווע האָט עס איבערדערציילט אלעקן און איצט דעם זיידן. איר אָבער האָט די שאכטע אויסגעזען נאָר אזוי, ווי זי האָט עס אָנגעמאָלט איצט נעכעמיען, און פארענדיקט האָט זי קורץ, אָפּגעהאקט, גלײַך זי וואָלט זיך נאָרוואָס ארויסגעקליבן פון דער טיפער אײַנגעוואלגערטער לאווע:

— וואָט!

נעכעמיע האָט אויך שווער אָפּגעאָטעמט. און ניט אזוי צום איניקל, ווי צו זיך אליין, האָט ער א זאָג געטאָן:

— שימשן־האגיבער, דארף מען קלערן, וואָלט מינאסטאם אף דעם ניט אײַנגעגאנגען. איין זאך איז פאנאנדערשאָקלען די זײַלן פון א ביניען, וואָס שטייט אף דער ערד, און א צווייטע זאך איז פאנאנדערשאָקלען די זײַלן, אף וועלכע ס'האלט זיך די ערד, די קראָווליע, הייסט עס. ס'איז דאָך א מוירעדיקער בארג שטיינער. — און, אָנבייגנדיק זיך צו שעווען, וואָס איז געזעסן אף

דער קושעטקע, פריילעך א ווונק געטאָן, — דערציילסט וועגן דער שאַכטע, ווי אַן עמעסע שאַכ־טיאָרקע.

— כ׳זאָל זײַן א יינגל, זיידע, וואָלט איך געגאַנגען ארבעטן נאָר אין שאַכטע און נאָר פאַר א פּאַסאַדטשיק.

— מיינסט, אַז מיידלעך האָבן ניט געאַרבעט פאַר קיין פּאַסאַדטשיקעס? בייס דער מילכאָמע, שטעל איך מיר פאָר, זײַנען אין די שאַכטעס מיסטאָמע געווען מער פרויען, ווי מאַנצבלען. איצט טרעפן זיך אויך מיידלעך אין די שאַכטעס, נאָר שוין אויף לײַכטע ארבעטן: מאַשיניסטן אויף די עלעקטראָוואָזן און דעריקער אויף דער לענטע, באַם אָפּקלײַבן די פּאָראָדע, נו, באַם אָפּטיילן די שטיינער פון די קוילן. ווען כ׳בין דאָרט געווען, האָב איך אויך זיך איינמאָל צוגעזעצט צו דער לענטע. די ארבעט איז ניט קיין שווערע. זיצסט זיך אויף א מין שוסטער־בענקעלע מיט א שטיקל ווערסלע אין האַנט, די לענטע גייט זיך פון אונטן אַרויף, פון דער שאַכטע, הייסט עס, אין בונקער, אָט ווי דער עסקאַלאַטאָר דאָ באַ אײַך, אין מעטראָ, און דו שטויסט אַרויס די פּאָראָדע. דאָס איז די גאַנצע ארבעט. וואָדען? אַז מע איז ניט געווינט דערצו, דרייט זיך דער קאָפּ, ס׳דוכט זיך, די לענטע שטייט און דו פאָרסט, און עס דונערט נאָכאַנאַנד אין די אויערן.

ער האָט מיט א ווונק איר א ווײַז געטאָן אויף דער טיר:

— א מאָדנע פאָלק, ביכלאַל, די שאַכטיאָרן. אָט בין איך אָפּגעווען צוגאַסט באַ דײַן פעטער אריבער צווויי וואָכן. זיך אָנגעגרעדט דאָרט, ווי זאָגט מען עס, אַזוי ווי א פּויק, און אָנגעהערט זיך ניט ווייניקער, און אַלץ וועגן דער שאַכטע. זיי האָבן מיך שיר ניט געמאַכט פאַר קיין שאַכ־טיאָר. זע נאָר, טאָכטערקע, אַז אָט דער קאַלמען אָשערס זאָל נאָך ניט מאַכן דײַן מאַמע פאַר קיין שאַכטיאָרקע. זיי זײַנען אויף דעם גרויסע מײַסטערס. אוהו!

— זיידע!

שעווע האָט ארומגעכאַפּט נעכעמיען באַם האַלדז.

— נו, נו, דער זיידע הערט.

— זיידע, — זי האָט שטײַף צוגעשלאָסן די אויגן און שטיל, קוים וואָס זי אַליין האָט גע־הערט, אײַנגערוימט נעכעמיען: — זיידע, ווי, אַשטייגער, וואָלסטו געטאָן... נו, אָט שטעל זיך פאָר, מע האָט אָנגענומען א באַשלוס, פאַר וועלכן דו האָסט ניט געשטימט, נו, ביסט ניט געווען, ווען מע האָט באַשטימט... מיט איין וואָרט... נו, פאַרשטייסט, זיידע...

— כ׳פאַרשטיי, טאָכטערקע, כ׳פאַרשטיי. שטעל זיך פאָר, אַז מיט מיר האָט שוין אמאָל אַזוינס פּאַסירט. דאָס איז געווען נאָך אַמאָל, פאַר ניקאָלײַקעס צײַטן. ס׳האָט אַזוי געטראָפן, אַז פּונקט דעמאָלט, ווען אונדזער פאָלק האָט געגעבן די שוווע, בין איך ניט געווען. נו, איז וואָס? האָב איך דען אַנדערש געדינט, ניט געווען דער זעלבער סאָלדאַט, ווי אַלע, כאָטש קיין איבעריק גרויסער פרײַנט ניקאָלקען, ווי דו פאַרשטייסט, בין איך ניט געווען.

— ביסט שוין אויך, ווי וועניאַמין זאַכאַריעוויטש: ווי נאָר עפּעס, איז באַלד מיט דער אַרמיי.

— ווײַל אין דער אַרמיי, טאָכטערקע, האָט אַלעמאָל געגאָלטן דער קלאַל: איינער פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם.

ער האָט דורכגעפּירט מיט דער האַנט איבער אירע האָר.

— איז וואָס, ווילסטו, זאָל איך דיר זאָגן, טאָכטערקע. טו, ווי דו פאַרשטייסט, ביסט שוין ניט קיין קינד. — און, אַראָפּלאָזנדיק דעם טעוואָס אונטערגעהויבענעם אקסל, צוגעגעבן: — איין זאַך נאָר זאָלסטו וויסן, דאָס הערצעלע איז אמאָל זייער א שלעכטער באַל־אייצע, עס קאָן אמאָל שטאַרק פאַרפירן.

— טאַטע, דו קוקסט נאָך אַלץ דעם טעלעוויזאָר? — האָט פונעם שכיינעסדיקן צימער זיך דערהערט ציוויעס שטים.

— ניין, דאָס שמועסן מיר מיט שעווען.

אין צימערל איז אַרײַנגעקומען די פאַרפוצטע ציוויע, מיטן יינגלש אונטערגעשוירענעם קאָפּ האָר.

— ווו ביסטו עס געווען דעם גאַנצן אָוונט? — האָט זי געפרעגט שעווען.

שעווע האָט דערזען באַ דער מוטער אין די פאַרפלאַמטע אויערן־לעפּלעך נײַע קליפּסן, זי האָט געענטפערט מיט א שמייכל:

— אין לושניקי. אפן ווינער „אײַז־רעוויו".

— וואָס עפּעס פלוצעם?

— גאָרניט פלוצעם. כ׳האָב זיך שוין לאַנג געקליבן גיין א קוק טאָן.

ציוויע האָט צוגעמאַכט די טיר.

— דו ווייסט, אַז קאַלמען אושעראָוויטש איז געקומען? זייער פײַן... געקומען א גאַסט פון אינטאַ, און איר באַהאַלט זיך דאָ ביידע אויס. פײַן, זייער פײַן...

— ערשטנס, מאַמע, איז קאַלמען אושעראָוויטש געקומען איצט ניט פון אינטא, נאָר פון קאווקאַז. צווייטנס, באַהאַלטן מיר זיך ניט אויס, און, דריטנס, מאַמאַטשקע... — זי האָט ארומגע־כאַפּט די מוטער, זי א קוש געטאָן און, נעמענדיק דעם זיידן מיט דער מוטער אונטער די הענט, אוועק מיט זיי צום גאַסט.

— זײַט באַקאַנט, — האָט שעווע, שטייענדיק נאָך אַף דער שוועל, זיך געווענדט צו דעם אַנטקעגנגייענדיקן קאַלמענען, — דאָס איז מײַן מאַמע, ציוויע נעכעמיעוונע, און דאָס איז מײַן זיידע, וועלכער וויל, מע זאָל אים רופן נאָר ווי ער איז פאַרשריבן אין פּאַס — נעכעמיע הירשע־וויטש.

זבערטשוק האָט שטײַף א דריק געטאָן שעוועס האַנט און, ניט ארויסלאָזנדיק זי פון זײַנער, געזאָגט:

— מאַלאַדטשינא, מאַלאַדטשינא!

— מיט וואָס?

ער האָט נאָך פעסטער א דריק געטאָן איר האַנט און איבערגעכאַזערט:

— מאַלאַדטשינא. ציוויע נעכעמיעוונע האָט מיר אַלץ דערציילט.

— וואָס האָט אײַך די מאַמע געקאָנט אזוינס דערציילן וועגן מיר? אָט וועגן אײַך... כ'האָב שוין הײַנט אויך דערציילט וועגן אײַך. איאָ, זיידע?

— יאָ, טאַכטערקע, און דער זון מײַנער, שיִע, האָט מיר אויך עטוואָס וועגן אײַך דערציילט. כ'האָב נאָר ניט געוווּסט, אז דאָס זײַט איר זבערטשוק. וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, רעב קאַלמען? אַוואַדע קומט אײַך א גרויסער יאשער־קויעך. אין יענע צײַטן, ניט פאַר הײַנט געדאַכט, איז געווען א גרויסע ריזיקע ארויסווײַזן מענטשלעכקײַט צו אזעלכע, ווי מײַן שיִע. איר האָט דאָך מיט דעם געשטעלט דאָס אייגענע לעבן אין קאָן.

— איך בין דאָרט געווען ניט איינער.

— כ'ווייס. כ'ווייס. איז קומט אײַך טאַקע אַלעמען א גרויסער יאשער־קויעך. איך דערמאָן זיך, מיט וואָס פאַר א יִיראַס־האַקאָווער מײַן שיִע האָט גערעדט וועגן אײַך, און מײַן שיִע, זאָלט איר וויסן זײַן, איז א גרויסער מייוון אַף מענטשן.

— ווי דער זיידע, — האָט מיט איר לוסטיק־שטיפערישן טאָן ארײַנגעשטעלט שעווע.

— זאָלסט טאַקע וויסן, אז דער זיידע דײַנער איז א מייוון אַף מענטשן.

בא קאַלמענען האָבן זיך גענומען כמורען די ברעמען. אויך ציוויע האָט אופגענומען דעם פּאַטערס רייד, ווי א האַסקאָמע אַף איר אויסוואַל, און זי האָט זיך פאַררויטלט.

— און ווי פילט איר זיך איצטער? — האָט קאַלמען זיך געווענדט צו שעווען, ארויספירנ־דיק דערמיט אי זיך, אי ציוויען פון דער פאַרלעגנהײַט.

— נאָרמאַל.

— א שיינער נאָרמאַל. ער זאָל כאָלילע געווען דערלאַנגען מיט א האָר העכער, טרעפט ער איר מיט דער „פינקע" גלײַך אין האַרצן.

— זיי דאַרף מען ניט לערנען, זיידע, וויאַזוי צו שטעכן. זיי וויסן... און ביכלאַל איז ניטאָ וועגן וואָס צו ריידן. ווי האָט איר אָפּגערוט אַף קאווקאַז? מע קאָן זיך דאָרט נאָך באָדן?

— פאַראַן אזעלכע, וואָס באָדן זיך נאָך. — און צו נעכעמיען: — אײַער אייניקל האָט דעמאָלט אין טראָלייבוס אַנדערש ניט געקאָנט, ניט געקאָנט און ניט געטאָרט זיך אופירן.

באַם פאַנאַנדערגיסן די טיי אין די גלעזער האָט ציוויע זיך דערמאָנט:

— גאָר פאַרגעסן דיר זאָגן, שעווע. באָריס איז הײַנט געווען. עפּעס דאַרף ער דיך זייער נייטיק זען. ער האָט געבעטן, זאָלסט אים אומבאַדינגט הײַנט אָנקלינגען.

— גוט, מיסטאַמע וועגן אײַנאָרדענען מיך צו זיי אַפן זאַוואָד, — זי האָט א קוק געטאָן אַפן האַנט־זייגערל, — איך וועל אים מאָרגן אָנקלינגען. וואָלסט געדאַרפט אים זאָגן, אז איך קלײַב זיך צום זיידן אין קאַלווירט.

— דו האָסט עס אים דען נאָך ניט געזאָגט?

פון דעם, ווי שעווע האָט פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ און אראָפּגעלאָזט די וויִעס, האָט ציוויע פאַרשטאַנען, אז דאָס אַוועקגיין פלוצעם אין לושניקי איז צוליב דעם, אז באָריס זאָל זי ניט טרעפן. ציוויע האָט פון א צײַט שוין באַמערקט, אז מיט דער טאָכטער קומט עפּעס פּאָר, און ניט געוווּסט, וויאַזוי פאַרפירן מיט איר וועגן דעם א רייד. זי האָט אַלץ געוואַרט אַף א גינ־סטיקער מינוט. עפשער האָט זי דעם זיידן פאַרטרויט אירע מיידלשע סודעס? ציוויע וואָלט נאָר געוואָלט וויסן, מיט וועמען איז שעווע געווען אין לושניקי?

— פאַרוואָס זאָלסטו אים הײַנט ניט אָנקלינגען, אויב ער האָט אזוי געבעטן?

— ווו וועל איך זיך איצט שלעפּן זוכן אַן אַווטאָמאַט? כ'וועל אים מאָרגן אָנקלינגען. כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, אז ער וויל, איך זאָל אָנקומען צו זיי אַפן זאַוואָד.

— וואָס איז עס פאַר א זאַוואָד? — האָט געפרעגט זבערטשוק.

— א מעכאַנישער. מיך ציט ניט אהין.

— און צו וואָס, אשטייגער, ציט אײַך?

— כ׳ווייס נאָך אליין ניט. דערווײַל האָבן מיר באשטימט, איך זאָל פאָרן מיטן זיידן אין קאָלווירט.

— אויב שוין פאָרן, און דערצו נאָך ווינטער, איז פאַרוואָס ניט צו אונדז, קיין אינטא? איר ווייסט, ווי גוט ס׳איז בא אונדז ווינטער אפן צאָפן? אָט אקוראט איצט הייבט זיך אָן די פּאָליאַרע נאַכט. קימאַט א גאַנצן מעסלעס זעט מען די לעוואָנע מיט די שטערן. הײַנט די פּאָליאַר־שײַן! קיין שענערס, הערט איר, קאָן גאָרנישט געמאָלט זײַן. שטעלט זיך פאָר, אז א האלבער הימל איז דורכגעשטאָכן מיט שטראַלן פון קאָלערליי פארבן. גאָלדענע, זילבערנע, רויטע, געלע, בראַנ־זענע, גרינע, ניט צום באשרײַבן, זאָג איך אײַך. הײַנט, אז זיי נעמען לויפן איבערן הימל, זיך איבערפלעכטן! מיט איין וואָרט, שיין צו קוקן. און ווו האָט איר אזעלכע טעריקאָניקעס, ווי בא אונדז? אָט אײַער אוניווערסיטעט אף לענינסקע, באנאכט, ווען ער לויכט זיך, כאַפּט א ביסל דעם אָנבליק פון אונדזערע טעריקאָניקעס. ס׳לוינט א קוק טאָן. נו, און זיך דורכשליטלען איבער דער פארשנייטער טונדרע אף א נאַרטע! די גלעקלעך אף די אײַנגעשפּאַנטע הינט אָדער אף די הירשן קלינגען, ווי אמאָל אף די פּאָטשטאָווע. עך, פאָלגט מיך, ביפראַט, אז דער פעטער אײַערער האָט מיר טויזנט מאָל אָנגעזאָגט, איך זאָל ניט וואגן קומען אליין, און אויב ס׳וועט זיך מיר אײַנ־געבן, האָט ער געזאָגט, אײַך ביידן אראָפּברענגען צוגאַסט, איז אוואַדע און אוואַדע רעכט.

— נו, וואָס האָב איך דיר געזאָגט, — האָט נעכעמיע זיך אָנגערופן צו שעווען, — איצטער זעסטו, סאַרא מײַסטערס זיי זײַנען עס, די אינטיִער, אף אײַנריידן יענעם. כ׳האָב אָבער מוירע, רעב קאַלמען, אז ווען כ׳זאָל אײַך באַמאָלן א זומערדיקן באגינען בא אונדז אפן ווײַנגאָרטן, וואָלטן אלע אײַערע אינטיִער אינמיטן דער נאכט איבערגעלאָפן צו אונדז.

— ע, ס׳רעדט זיך נאָר אזוי.

— אזוי? וואָלט איך טאקע א באַלן געוועזן הערן, וואָס, אשטייגער, וואָלט איר געזאָגט, ווען איר גייט זיך דורך איבער אונדזער ווײַנגאָרטן אין א זומערדיקן קאַיאָר. ווו נאָך, אשטייגער, האָט איר אזא הימל, אזא לופט, אזא לויטערקייט. ווען ניט דער אײַ־פּעטרי, וואָלט מען אין אזא קאַיאָר געקאָנט זיכער זען דעם יאַם, און פון אונדזער דאָרף ביזן יאַם איז בא די גוטע הונדערט פופציק קילאָמעטער.

ער האָט אָפּגערוקט פון זיך די גלאָז טיי און גענומען פירן מיטן לעפעלע איבערן טישטעך.

— אָט איז בא אונדז פאַראַיאָרן זומער פארלאָפן א געשיכטע מיט עטלעכע מיידעלעך, וואָס האָבן געענדיקט דעם צענטן קלאַס. וואָס דער פּאָרזיצער מיט די בריגאַדירן האָבן עס דעמלט ניט אײַנגעטײַנעט מיט די מיידלעך, זיי זאָלן בלײַבן אין קאָלווירט, אָבער זיי — איינמאָל ניין, נאָר אין שטאָט, און שוין. אָבער אז איך האָב א זאָג געטאָן: „קינדער, נו, און צו מיר אפן ווײַנגאָרטן וועט איר גייען?“ — איז, שטעלט זיך פאָר, אז קיין איינע פון זיי איז ניט אוועקגעפאָרן. מיינט ניט, אז אפן ווײַנגאָרטן איז גרינג. אָפּשטיין א טאָג אף די קני און יעטן די בייטן, ארומגראָבן די קוס־טעס און אפילע צונויפקלײַבן די ווײַנטרויבן איז גאָר ניט פון די גרינגע ארבעטן. שאַט. איר זײַט דאָך עפּעס פון די פוילישע ייִדן, און אײַערע ייִדן, ווי מע דערציילט, זײַנען מער באַקי אין דעם אמאָל, ווי מיר, איז עפשער וועט איר מיר זאָגן, פונוואַנען שטאַמט אָט די אײַנגעליבטקײַט פון אונדזערע מיידלעך אין ווײַנגאָרטן? מע זאָגט, אז אין טאַנאַך איז עפּעס פאַראַן וועגן דעם. בא אזא האָרעוואַניע, און נאָר זיי זינגען, נאָר איר הערט פון זיי „ראַסצוועטאַלי יאַבלאָני אי גרושי“ אָדער „ראָסיִא לוטשע ווסעך“.[1]

— דאָס, וואָס מיר זײַנען באַקי אין דעם אמאָל מער פון אײַערע ייִדן, וועל איך זיך מיט אײַך ניט אמפּערן, — האָט קאַלמען זבערטשוק אָנגעהויבן מיט א ניגן, נאָר זיך באַלד פאַרכאַפּט. ווי ער זאָל מוירע האָבן, אז ער קאָן צוריק זיך אַרופשלאָגן אפן זעלבן ניגן, איז ער איבערגע־געגאַנגען אף רוסיש: — אָבער צום טאַנאַך האָט עס קיין שײַכעס ניט. נאָר ווײַבאַלד ס׳איז שוין אוועק וועגן דעם א רייד, איז זאָגט מיר בעסער, פונוואַנען נעמט זיך, וואָס מיידלעך, און טאקע ייִדישע אויך, בעטן זיך גאָר אין דער שאַכטע? פאַראַן בא אונדז אין אינטא געגנוג אנשטאַלטן מיט קאָנטאָרן, מיט בוכהאַלטעריעס, און זיי — איינמאָל ניין. נאָר אין דער שאַכטע, אף די עלעקטראָ־וואָזן, אפן טראַנספּאָרטיאָר, אין ערגסטן פאַל, אף דער לענטע. עפּעס שטעקט דאָך מיסטאַמע אין דעם.

— זעט, כ׳האָב גאָרניט געוווסט, אז איר זײַט אזעלכע פלאַמפּײַערדיקע קאָנקורענטן, — האָט ציוויע זיך ארײַנגעמישט אין געשפּרעך, — איר קאָנט דאָך טאקע יענעם אײַנריידן, מע זאָל ווארפן האק־און־פּאַק און פליִען צו אײַך. וואָס זאָגסטו, שעווע?

---

[1] פּאָפּולערע סאָוועטישע לידער.

— איך?

„פון וואָס איז זי אזוי צעשטרייט? — האָט ציוויע געטראַכט. — פון דעם, וואָס זי ווייסט ניט, וווּהין צו פאָרן, צי ווײַל זי איז היינט געווען אין לוזשניקי, און, פארשטייט זיך, ניט אליין, מעגלעך, אז ווידער מיט „יענעם“. און, אַרײַנקוקנדיק דער טאָכטער אין די אויגן, געפרעגט:

— איז וואָס האָסטו פונדעסטוועגן באשטימט: פאָרן צום זיידן קיין קרים, צי צו דעם פעטער שיִע קיין אינטא?

— אָט האָסטו דיר, — האָט זיך אָנגערופן נעכעמיע, — מיר האָבן, דאכט זיך, שוין אָפּגערעדט.

— נו איז וואָס? — האָט זיך גלײַך אַרײַנגעמישט זבערטשוק. — קיין קאָנטראַקט האָט איר נאָך דערווײַל, ווי מיר דוכט, ניט געשלאָסן, און קיין אדערוף לויטן „קזאָט“[1] האָט איר שעווען נאָך אויך ניט געגעבן?

— ע, זײַט איר דאָך טאקע דער עמעסער קאָנקורענט. מיינט אָבער ניט, רעב קאַלמען, אז איך גיב זיך אזוי גיך אונטער.

— כאָלילע, ווער מיינט עס, רעב נעכעמיע הירשעוויטש?

ציוויע האָט ווידער זיך אומגעקערט צום פּריִערדיקן:

— און פארוואָס זאָלסטו אים היינט ניט אָנקלינגען?

שעווע האָט פארכידעשט א קוק געטאָן אף דער מוטער און זיך צעשמייכלט:

— דער זייגער איז דאָך שוין באלד עלף. ווער קלינגט עס באנאכט אין א קאָמונאלער דירע? כ'וועל אים מאָרגן אָנקלינגען.

— ער ארבעט דאָך.

— וועל איך אים אָנקלינגען נאָך דער ארבעט, — און זי האָט מיד אָנגעשפּארט דעם קאָפּ אף דער מוטערס אקסל.

# XXII

אין א פינצטערער ערעוו־פּייסעכדיקער נאכט האָט קאַלמען זבערטשוק מיט איינעם א באיאָרטן יידן זיך געשלײַכט דורך א שטיל וועלדל צו דער געוועזענער פּוילישער גרענעץ.

געווען איז עס אין אָנדערהאלבן יאָר ארום נאָך דעם, ווי די רויטע ארמיי איז ארײַנגעטראָטן קיין פּינסק און אים, דעם געפאנגענעם פּוילישן זעלנער, ווי אנדערע קריגסגעפאנגענע, אָפּגעלאָזט אהיים. דאָס שטעטל קאַלושין, ווו קאַלמען האָט, אוועקגייענדיק אף דער מילכאָמע, איבערגעלאָזט טאטע־מאמע און א יונג ווײַבל אף דער צײַט, איז שוין דעמלט געווען בא די דײַטשן. האָט ער, ווי א סאך אנדערע געוועזענע זעלנער, וואָס זײַנען געבליבן אָן א היים, זיך אויסגעקליבן א שטאָט אף דערווײַל צו באזעצן זיך. געטראַכט האָט ער וועגן לוואָוו און געבליבן גאָר אין דעם שטילן פּינסק. קירזשנערײַ איז דאָ קנאַפּ אָנגעגאנגען, איז ער אוועק זיך לערנען אף שאָפער־קורסן און נאָכדעם אָנגעקומען פאר א שאָפער אף דער שוועבל־פאבריק. געלעבט האָט ער די אָנדערהאלבן יאָר אויסגערעכנט, געקארגט זיך דעם ביסן און קימאַט דאָס גאנצע פארדינסט אָפּגעשיקט אהיים: יעדע וואָך א פּעקל.

פון אָנפאנג האָט ער פון דער היים דערהאלטן אָפטע בריוו. נאָכדעם זײַנען די בריוו געוואָרן זעלטענער און וואָס ווײַטער — אלץ מער פארשטעלט. מע האָט אים געשריבן וועגן קנאַסמאָלן, כאסענעס, מאָלצײַטן און די לעצטע צײַט זיך אויך גענומען בא אים נאָכפרעגן, צי ווייסט ער, אז יעקל קלײַבט זיך געטן מיט רייזלען און אז אף דער נײַער כאסענע, וועלכע יעקל קלײַבט זיך פראווען, וועט זיך גיסן ווײַן, ווי וואסער.

אז ער האָט די דאָזיקע בריוו באוויזן דעם באלעבאָס פון דער דירע, ווו ער איז אײַנגעשטאַנען, האָט יענער א מאַך געטאָן מיט דער האנט:

— אייסעך וואָס. בא מיר זײַנען אויך פארבליבן דאָרט אייגענע. איך דערהאלט אויך פון זיי בריוו און אויך פארשטעלטע, אָבער וועגן דעם, אז דײַטשלאנד קלײַבט זיך אײַנרײַסן מיט רוסלאנד און ס'וועט זיך גיסן בלוט — אפילע קיין אָנדײַט ניט. ס'זאָל עפּעס זײַן, וואָלטן זיי מיר מיסטאמע געגעבן אָנצוהערן. ס'איז זיי נעבעך אוואדע ביטער. מע האָט גענומען און פארשפּארט לעבעדיקע מענטשן אין א געטאָ. דאָ גיי ניט, דאָרט שטיי ניט. דאָס איינציקע גליק, וואָס באלעבאָס אין געטאָ זײַנען יידן. אַן אייגענער ראט, אַן אייגענע יידישע פּאָליציי, און א ייִד פאר א ייִד האָט ניט וואָס מוירע צו האָבן.

---

[1] „קזאָט“ — קאָדעקס פון ארבעט־געזעצן.

דאָס זעלבע אָן ערעך האָט אים געזאָגט דער עקספּעדיטאָר פֿון דער שוועבל־פֿאַבריק, א לאָדזשער סויכער, ווען די מילכאָמע האָט אומגעריכט געטראָפֿן אין פּינסק, וווּהין ער איז א קורצע צײַט פֿאַרן קריג אַראָפּגעקומען צוליב זײַנע געשעפֿטן.

איינמאָל אָבער האָט דער עקספּעדיטאָר געכאַפּט קאַלמענען אין הויף און פֿאַרהיקענדיק זיך גענומען לייענען פֿון א צײַטונג עפּעס א לאַנגן אַרטיקל און דערבײַ געמאַכט אָן א שיר פּיירוּשים אָף דעם:

— מײַניקע האָבן מיר אויך ניט לאַנג צוריק געשריבן וועגן כאַסענעס מיט טײַכן ווײַן. פֿון דעם, וואָס מע שרײַבט אָבער הײַנט אין בלאַט, איז לויט מײַן סייכל געדרונגען, אַז די קריג גייט צו ענדע. וויבאַלד אַמעריקע מישט זיך ניט אַרײַן, וועט ענגלאַנד אַליין גאָרנישט אויפֿטאָן. מע וועט סאָפּקאָלסאָף מוזן מאַכן שאָלעם. נו, און וואָס שײַעך אכיינו — אונדזערע ברידער, איז זאָגט אונטער דער סייכל, אַז טאָמער כאָלילע בלײַבט ווי איצט און פּוילן גייט איבער צום דײַטש, וועט מען מיסטאָמע זען אַרויסנעמען די ייִדן אַהער. אונדזערע ייִדן זאָלן ניט גלייבן אין דעם, וואָלטן זיי ניט געשמוגלט די גרענעץ. איר ווייסט, וויפֿל ייִדן זײַנען די לעצטע צײַט אַריבערגעגאַנגען אָף יענער זײַט? די רויטע, זאָגט מען, מאַכן זיך בעשאָס־מײַסע ניט זעענדיק, און באַם דײַטש, יימאַך־שמוי, קאָן מען זיך אויסקויפֿן. מע רוקט אים אַרײַן אין יאַד, אָפּגעדאַרט זאָל זי אים ווערן, א גאָלדן פֿינגערל, א זייגערל, א בראַסלעטל, און ער לאָזט אָפּ. זאָל נאָר ווערן עטוואָס וואַרעמער, נעענטער א ביסל צו פּייסעך. און ווו רעכנט איר האַלטן פּייסעך? דאָ? צי מיט דער מישפּאָכע?

א צווייט מאָל האָט דער געוועזענער לאָדזשער סויכער אים אָפּגעשטעלט און פֿאַרגעלייגט פֿאַר ניט קיין גרויס געלט א פּאָר גאָלדענע אוירינגלעך, ער זאָל האָבן, מיט וואָס זיך אויסצוקויפֿן באַם דײַטש, און ווידער געפֿרעגט, ווו קלײַבט ער זיך האַלטן פּייסעך.

די אוירינגלעך האָט קאַלמען געקויפֿט, און א פּאָר טעג פֿאַר פּייסעך זײַנען זיי ביידע אַוועק פֿון שטאָט. זייער נעלעם ווערן זאָל זיך ניט וואַרפֿן אין די אויגן, האָבן זיי באַצײַטנס אָנגעגעבן מעלדונגען וועגן אורלויב און די באַקאַנטע געזאָגט, אַז זיי קלײַבן זיך פֿאָרן אָפּרוען צום שוואַרצן יאַם.

אַרויסגעפֿאָרן זײַנען זיי פֿון שטאָט פֿרי באַגינען, און צו נאַכט זײַנען זיי שוין געווען אין א פֿאַרוואָרפֿן שטעטל, פֿונוואַנען א היגער פֿויער האָט זיי אַרײַנגעפֿירט אין א שטיל געדיכט וועלדל בא דער גרענעץ.

דער באַגלייטער האָט זיי געזאָגט דאָס זעלבע, וואָס זיי האָבן געהערט אין פּינסק, אַז די נײַע גרענעץ איז ניט איבעריק באַוואַכט, נאָר היטן זיך, פֿונדעסטוועגן, דאַרף מען.

די געדרייטע און געפּלאָנטערטע שטעגלעך האָבן צו האַלבער נאַכט זיי אַרויסגעפֿירט פֿון וועלדל אין אָפֿענעם פֿעלד. דאָ האָט זיך שוין אָנגעהויבן די גרענעץ. דער באַגלייטער האָט זיך אומגעקערט צוריק, און קאַלמען מיטן לאָדזשער האָבן אַוועקגעשפּאַנט אַרוף־באַרג צום דערפֿל.

— האַלט!

אָף אָט דעם קורצן „האַלט“ האָבן זיי זיך געריכט. כאָטש דער באַגלייטער האָט זיי אויך פֿאַרזיכערט, אַז פֿאַר א גאָלדן זייגערל אָדער א פֿינגערל קאָן מען זיך אָפּקויפֿן, זײַנען זיי די גאַנצע צײַט געגאַנגען אײַנגעבויגן, פֿאַרטײַעט דעם אָטעם. איצט, ווען זיי זײַנען געשטאַנען אין אָפֿענעם פֿעלד, איז די איינציקע רעטונג געווען דאָס גאָלדענע זייגערל מיטן פֿינגערל, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אָנגעגרייט אויבנוף.

— וואָהין?

— נאָך האַוזע, צו פֿראַו און קינד, — האָט קאַלמען זבערטשוק זיך אָפּגערופֿן, נאָך איידער ער האָט דערזען דעם אָפּגלאַנץ פֿון דער שטאָלענער קאַסקע און פֿונעם אָנגעשטעלטן אווטאָמאַט.

— און דיזער?

— אַאוך.

די הייזעריקלעכע שטים פֿונעם דײַטש האָט זיי עטוואָס באַרויִקט. קענטיק, אַז דער דײַטש איז שוין א מענטש א באַיאָרטער. דער עקספּעדיטאָר האָט דרייסטער איבערגעכאַזערט:

— אַאוך צו פֿראַו און קינד.

— מאַרש, אַבער שנעל, שנעלער, שנעלער!

ווען זיי זײַנען שוין אָפּגעגאַנגען היפּשע עטלעכע שפּאַן, האָט זיי ווידער אָנגעיאָגט די זעלבע הייזעריקלעכע שטים:

— האַלט!

דער לאָדזשער האָט זיך געלאָזט לויפֿן. קאַלמען נאָך אים. נאָר מיטאַמאָל האָט ער זיך אָן עפּעס פֿאַרטשעפּעט און אומגעפֿאַלן. אין דער זעלבער רעגע האָט ער דערזען שטיין איבער זיך דעם דײַטש.

— אײַן יודע?
זבערטשוק האָט געשוויגן.
— אאופשטײן! איך פראַגע זי, אײַן יודע?
— אײַן געװעזענער פּאָלנישער זאָלדאַט! — האָט קאַלמען געענטפערט, אופהײבנדיק דעם קאָפּ.
— איך פראַגע זי אַבער, אײַן יודע?
— יאַ, — און אַלײן ניט געװוּסט, צוליב װאָס ער האָט נאָך איבערגעכאַזערט: — יאַ, אײַן יודע.
— דאַן צוריק, צוריק, נאָך רוסלאַנד! אונד יענער איסט אױך אײַן יודע? דאָנער װעטער! אײַן דומער יודע! קאַפּוט יענער יודע. צוריק, צוריק, נאָך רוסלאַנד, שנעלער, שנעלער!
קאַלמען האָט גענומען אָפּשפּיליען דאָס זײגערל פון דער האַנט.
— נײַן, נײַן! צוריק, צוריק, דומער מענטש דו, בלינדער מענטש, דו, װאַנזיניקער מענטש דו.
שטײענדיק אין אײניקע שאָ אַרום אין טאַמבור פונעם צוג, װאָס איז געגאַנגען אַף פינסק, האָט קאַלמען זבערטשוק נאָך אַלץ ניט געקאָנט באַנעמען, װאָס איז געשען. פאַרװאָס האָט דער דײַטשישער סאָלדאַט פּלוצעם אים אומגעקערט צוריק?
דעם גאַנצן װעג האָבן די רעדער פון צוג געהאַלטן אין אײן אױסקלאַפּן: „צוריק, צוריק״.
אין פינסק האָט קאַלמען צוגעטראַכט אַ געשיכטע, אַז מע האָט אים באַגאַנװעט אין װעג און ער מוז איצט זיך אָפּזאָגן פונעם אורלױב און צוטרעטן צו דער אַרבעט.
און ס׳האָבן זיך אװעקגעצױגן שװערע, אומעטיקע טעג אין װאַרטעניש אַף בריװ. און קײן בריװ זײַנען מער ניט געװען. דער לאַדזשער האָט זיך אױך ניט געלאָזט הערן. קאַלמען זאָל געװען װיסן, אַז דער עקספּעדיטאָר האָט זיך דערקליבן בעשאָלעם אהײם, װאָלט ער עפּשער נאָכאַמאָל געפּרוּװט דאָס מאַזל. יעדעס מאָל, װען ער טראַכט װעגן דעם, דערזעט ער פאַר זיך דעם דײַטש, װאָס װײַזט אים אָן אַפן װעלדל און בײזערט זיך: „נאַרישער מענטש דו״. נאָר קאַלמען האָט ניט װעמען צו פרעגן, האָט מוירע צו פרעגן, װאָס האָט עס געזאָלט באַטײַטן. נאָך גוט, װאָס מע שטײט צו אים ניט צו מיט קײן פראַגעס װעגן נעלעם געװאָרענעם עקספּעדיטאָר. אײן מאָל בלױז האָט מען זיך בא אים נאָכגעפרעגט װעגן לאַדזשער. ס׳האָט אױסגעפעלט אַ מענטש באַם אונטערשרײַבן זיך אַף דער נײַער האַלװאַע.

## XXIII

אין אײנעם פון אָט די טעג, װען עס האָט זיך אַלץ נאָך געטומלט מיט דער האַלװאַע, האָט מען קאַלמען זבערטשוקן, אױסער דער צוגאָב־ליסטע אַף דער האַלװאַע, געבעטן כאַסמענען נאָך אײן פּאַפּיר, אין װעלכן ס׳איז געװען אָנגעװיזן, אַז צו זעקס אזײגער אין אָװנט דאַרף ער זײַן מיט דער מאַשין אַפן פּלאַץ לעבן דער געװעזענער טאַרבוס־שול. דער, װאָס האָט אים געגעבן כאַסמענען דאָס פּאַפּירל, האָט, קענטיק, געװוּסט, צוליב װאָס רופט מען אהין אַרױס, פונקט װיפל קאַלמען, נאָר אַף יעדן פאַל האָט ער אים פונדעסטװעגן געװאָרנט איבעריק ניט רײדן װעגן דעם, גלײַכער, אַז מע שװײַגט.
צו זעקס אין אָװנט איז צום פּלאַץ שױן געװען ניט צוצוטרעטן. ער איז געװען פאַרפּלײצט מיט מאַשינעס און װעגענער. אַלע שאָפערן און באַלעגאָלעס פון שטאָט האָט קאַלמען דאָ גע־טראָפן, און בא יעדן װאָגן און מאַשין — רעדלעך מיט מענטשן. װאָס אַבער האָבן געקאָנט ענטפערן די באַלעגאָלעס און שאָפערן, אױסער דעם, אַז מע האָט זײ באַפױלן קומען אהער צו אַכצן נול־נול? האָט יעדער אײנער פאַר זיך, נאָכדעם אַלע צוזאַמען, געמאַכט פאַרשײדענע האַשאָרעס, מע האָט זיך גענומען דערמאָנען, װאָס האָט מען לעצטנס געשריבן אין די בלעטער, איבערגעגעבן דורך דער ראַדיאָ, װאָס האָט מען זיך אָנגעהערט אין די קלױסטערס, אין די באָטע־מעדראָשים, מע האָט איבעראַנײַס געטײַטשט די שורעס פון די בריװ, װאָס מע האָט דערהאַלטן פון אָקופּירטן פּױלן, און סאַפּאַקלאָסאָף זיך צו גאַרנישט ניט דערטראַכט. האָט מען אױסגעלײגט אַלץ צום גוטן — מיסטאַמע אַ רעגיסטראַציע פונעם שטאָטישן טראַנספּאָרט.
דער זײגער איז געװאָרן נײַן, צען, עלף. אױסגעמאַטערט פון אַזױפיל שאָ אָפּשטײן אַף די פיס, פון אױסהערן, װאָס דער און װאָס יענער האָט געזאָגט, פון טראַכטן און זיך צו גאַרנישט דערטראַכטן, האָט דער פאַרזאַמלטער אױלעם גענומען ביסלעכװײַז זיך פאַנאַנדערגײן, אומקוקנ־דיק זיך אַף די סױדעספולע פענצטער פון דער צװײשטאָקיקער געװעזענער טאַרבוס־שול. דאָס אײן־און־אײנציקע פענצטער, װאָס האָט זיך דאָרט געלױכטן אונטערן אַראָפּגעלאָזטן פאַרהענגל, האָט נאָך פינצטערער געמאַכט די אױסגעשטערנטע זומערדיקע נאַכט.

ס'איז זיך אָבער ניט געשלאָפן, איז מען האַלבע נאַכט ווידער געקומען אַהער, און ווידער אַוועק מיט גאַרניט. אין די קאַבינעס פון די מאַשינעס, אַף די וואַגענער האָבן געדרעמלט די שאָ־פערן און באַלעגאָלעס.

דאָס שווערע טופּען פון שטיוול אַפן ברוק איז צו קאַלמענען דערגאַנגען דורכן שלאָף. אויפ־געכאַפּט האָט ער זיך פון דער העלער ליכט אין די פּילצאָליקע פענצטער פון דער שול. פון אָט דער העלער שיַין איז אים געוואָרן אַזוי קאַלט, ווי ער וואָלט אָפּגעשלאָפן די נאַכט אַף דער הויִ־לער ערד. אינעם אַנוואַקסנדיקן טומל אַפן פּלאַץ האָט ער דערהערט, ווי מע רופט אויס זײַן פאַ־מיליע און דעם נומער פון זײַן מאַשין. עטלעכע באַוואָפנטע סאָלדאַטן זײַנען צוגעגאַנגען צו אים. איינער פון זיי, אַ יונגער לייטענאַנט, האָט שוויַגנדיק זיך אַרײַנגעזעצט אין קאַבינע און באַפוילן פאָרן. די מאַשין האָט פאַרלאָזט דעם האַלב־אויסגעליידיקטן פּלאַץ, זיך דורכגעטראָגן דורך די שטילע, שלעפעריקע גאַסלעך און אַרויס אַפן ווייכן זאַמדיקן וועג.

ס'איז נאָך געווען נאַכט, נאָר אין דאָרף, וווּהין זיי זײַנען אַרײַנגעפאָרן, איז מען שוין געווען אויף... מע האָט זיך אויפגעכאַפּט פונעם געביל פון די הינט, וואָס האָבן באַגעגנט די אָנגע־פאָרענע מאַשינעס, די סנאָפּעס שײַן פון די אָנגעצונדענע פאַרעס.

דער לייטענאַנט האָט געהייסן זבערטשוקן אָפּשטעלן די מאַשין בײַ דער לעצטער שטוב פון דאָרף, אַרויס פון קאַבינע און צוזאַמען מיט די סאָלדאַטן אַרײַן אין שטוב.

צוריקוועגס האָט דער יונגינקער לייטענאַנט געריכערט איין ציגאַר נאָכן אַנדערן און פון צײַט צו צײַט געוואָרפן אַ בליק אַפן שוויַגנדיקן שאָפער. דער בליק האָט ווי געוואָרנט: „האָסט גאָרנישט ניט געזען, גאָרנישט ניט געהערט". דער זעלבער בליק האָט אויך געקאָנט באַטײַטן: „איך בין אַ סאָלדאַט. איך פּיל אויס אַ באַפעל".

כאַפּנדיק אַ קוק דורכן הינטערשטן פענצטערל אַפן קוזאָוו, ווו אַף די אָנגעוואָרפענע פּעק און קלומקעס זײַנען געזעסן די דאָרפסלײַט, וועלכע מע האָט אינמיטן רעכטן שלאָף אויפגעהויבן פון די בעטן, האָט דער לייטענאַנט בייז אַ זאָג געטאָן:

— סאָנים.

אין שטאָט איז די מאַשין אַרײַנגעפאָרן מיט אויסגעלאָשענע פאַרעס. די מיט־זומערדיקע זון איז נאָך געשטאַנען הינטער די הײַזער. זי האָט זיך ווי פאַרהאַלטן אַף דורכלאָזן אַפריִער די מאַשינעס און וואַגענער, וואָס האָבן זיך געשלעפּט צום וואָקזאַל. די דאָרפסלײַט אַף די מאַשינעס האָבן אין אײַלעניש אַרופגעשלעפּט אַף זיך וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזט: פּעלצן, וואַלענע פאַטשיי־לעס, וואַליקעס, און מיט דעם ווי צו וויסן געגעבן די מענטשן אַף די טראָטואַרן, אַז מע שיקט זיי אַרויס, נאָר וווּהין מע שיקט זיי אַרויס פון דער בײַגרענעץ־זאָנע, האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, ניט געוווּסט.

די בײַטשן פאַרשטעקט אין די ברייטע נידעריקע כאָליעוועס פון די שטיוול, האָבן פאַזע די פורן געשפּאַנט די באַלעגאָלעס און אַף זייער פאַרשטעלטן באַלעגאָלישן לאָשן אַרײַנגעמישט אינעם ניאַקען און וויאָקען אַ וואָרט צו די, וועמען ס'איז אויסגעפאַלן דער גורל פאַרוואָגלט צו ווערן פון דער היים.

אַוועקגעשטעלט די פאַרשטויבטע מאַשין אין גאַראַזש פון פאַבריק, איז קאַלמען געקומען צו לויפן אַפן וואָקזאַל און באַגלײַך מיט אַלע זיך אויך געפּרוווט דורכרײַסן צום עשעלאָן, וואָס איז געשטאַנען אַף די זײַטיקע רעלסן. ווײַטער פונעם פעראָן האָט מען קיינעם ניט צוגעלאָזט. איז מען געשטאַנען קאָפּ אַף קאָפּ און ביז צום הייזעריק ווערן זיך איבערגעשריִען מיט די מענטשן אין די פּראַכט־וואַגאָנעס.

— עפּשער ווייסט איר עפּעס? — האָט זיך געווענדט צו זבערטשוקן אַ באַקענטער אַרבעטער פון דער שוועבל־פאַבריק, וואָס האָט געהאַלטן אין איין אָפּווישן מיטן אַרבל דאָס פאַרפּלאַמטע פּאָנעם.

— פונוואַנען? — און אָפּקערנדיק דעם קאָפּ אָן אַ זײַט, צוגעגעבן: — מע זאָגט, ס'זײַנען סאָנים, געוועזענע פּוילישע זשאַנדאַרמען, באַלעגופים. כ'ווייס...

— נו, און רוון דער אַפּטייקער? און אָט דער פּאַלישטשוק אין די לאַפּטיעס?

— כ'ווייס... וואָס פרעגט איר בײַ מיר?

— ווער ווייסט, צי אין דער דאָזיקער ראָע ליגט ניט קיין כעסעד, — האָט פאַרטראַכט זיך אָנגערופן אַן עלטערער מענטש אין ברילן, ווען אין דער האַלבטאָגיקער זוניקער ווײַט איז פאַר־שווּנדן דער לעצטער וואַגאָן פונעם עשעלאָן. — ס'קאָן זייער געמאָלט זײַן, אַז מירן נאָך מיט אײַך זיי ניט איין מאָל מעקאַנע זײַן. האַלעוואַי זאָל איך ליגן זאָגן.

די, וועלכע זײַנען געשטאַנען דערבײַ און עס געהערט, האָבן זיך געוויס ניט פאָרגעשטעלט, אַז נאָך אינעם זעלבן כוידעש וועלן זיי ניט איין מאָל איבערכאַזערן די רייד פונעם באַאָרטן מענטשן אין די ברילן.

— פאַרוואָס האָט מען אונדז דעמלט ניט אַרויסגעשיקט? — האָט דער באַלעבאָס פון דער דירע געמאָנט אין ענטפער באַ זײַן קוואַרטיראַנט, וועלכן ער האָט פרי קאַיאָר אופגעוועקט פון שלאָף מיט א פאַרשטיקטן געשריי: — פאַניע זבערטשוק, א מילכאָמע!

ווען קאַלמען איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב, איז דער הימל אף יענער זײַט שטאָט שוין געווען אין פלאַמען. ס'האָט געברענט דער אַעראָדראָם, די דערבײַיִקע דערפלעך. דער רויך האָט זיך דערנענטערט צו דער פאָרשטאָט. פון אייניקע הײַזער האָט זיך אַרויסגעריסן אין גאַס א ווילד געשריי פון די ראַדיאָ־אופנעמערס, וואָס מענטשן האָבן, פאַרלאָזנדיק די שטוב, פאַרגעסן אויסשליסן. קאַלמען האָט זיך אָפּגעשטעלט אונטער איינעם א פענצטער הערן, וואָס גיט מען איבער פון דײַטשלאַנד, ווי ער וואָלט זיך ריכטן דערהערן פון דאָרטן פונקט אזא רויִקע שטים, ווי די, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די הויכריידערס אין גאַס און וואָס האָט, ווי יעדן אינדערפרי אין אָט דער שאָ, געהייסן זיך צוגרייטן צו גימנאַסטישע איבונגען. אז דײַטשלאַנד איז אָנגעפאַלן אפּן סאָוועטנפאַרבאַנד, האָבן די זעלבע הויכריידערס געמאָלדן, ווען קאַלמען האָט שוין היפשע עטלעכע שאָ זיך געשלעפּט מיטן זאַמדיקן לונינעצער וועג און איז שוין ניט איין מאָל געלעגן אונטער די פאַרבײַשוווימענדיקע שאָטנס פון די דײַטשישע אַעראָפּלאַנען.

דער לונינעצער וועג און די זײַטיקע וועגן, וואָס האָבן געפירט צו אים פון די בײַליגנדיקע שטעטלעך און דערפער, איז געווען באַלאַגערט מיט פּליטים. צווישן זיי האָט מען אויך געקאָנט באַגעגענען באַזונדערע גרופּעס רויטאַרמייער, וואָס זײַנען, ווער מיט ביקסן, ווער אָן ביקסן, אוועק פון די ערטער, וועלכע זײַנען שוין געווען באַם דײַטש. אינעם אָנגעגליטן זאַמד האָבן זיך געוואַלגערט קלומקעס, טשעמאָדאַנעס, וועלאָסיפּעדן, קינדערשע וועגעלעך, קאַליע געוואָרענע מאָטאָציקלען. קיינער האָט, אייגנטלעך, ניט געוווּסט, וווהין מע גייט און וויפל וועט אויסקומען זיך אזוי שלעפּן אָן א טראָפּן וואַסער אונטער דער פײַערדיקער זון אינעם בלויען לויטערן הימל.

צוזעצנדיק זיך אף אן איבערגעקערט קינדערש וועגעלע אויסשיטן דעם זאַמד פון די שיך, האָט קאַלמען דערהערט:

— ווי, ווי, ווי פאַרבלענדט מע איז געווען! איך, דער נאַר, וואָס האָט שוין איין מאָל פאַרזוכט דעם טאַם פון זײַן נאַווענאַד, האָב דאָך אוואַדע געמעגט זיך אָנשטויסן, אז מע דאַרף פונדאַנען אוועקפאָרן אין טיף ראַסיי. דאָרט וואָלט מען מײַנע קינדער מיט די אייניקלעך באַזאָרגט כאָטש מיט א ביקס. און דאָ וואָס? צופוס וועלן מיר ווײַט ניט אוועקגיין, און מיט ליידיקע הענט וועלן מיר דעם מערדער ניט פאַרהאַלטן.

— אוואַדע געדאַרפט אוועקפאָרן, — האָט אײַנגעשטימט קאַלמען און געמאַכט לעבן זיך אָן אָרט פאַר דעם ייִדן מיט דער לאַנגער, גראָוער באָרד, וואָס האָט זיך שוין אַרויסגעשלאָגן פון די קויכעס.

— אײַ איז מען געווען פאַרבלענדט! — די יאַרמלקע באַם ייִדן האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון אונטער דעם היטל. — א וועלט טומלט וועגן היטלערס רעציכעס איבער די ייִדן, געפינט זיך באַ די סאָוועטן א מענטש, וואָס איז כוישעד, אז צווישן ייִדן קאָנען זײַן אַזעלכע, וואָס וועלן גיין מיטן דײַטש. איך וואָלט אָט דעם דאָזיקן אַראָפּגעבראַכט אהער און באַוויזן אים, וויאַזוי ייִדן גייען מיטן דײַטש. ווער, ווער, נאָר מיר, וואָס האָבן פאַרזוכט דעם טאַם פון האָבן א ניקאָלקען איבער זיך, נאָכדעם א פּילסודסקין מיט א רידז־סמיגלע, ווייסן, ווי צו שעצן די סאָוועטן. ווי מיינט איר, ער, סטאַלין, ווייסט וועגן דעם?

הויך אין הימל האָט זיך דערהערט אן אָנוואַקסנדיקער רויש. אינעם טומל און געלאָף, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אפּן וועג, האָט זבערטשוק פאַרלוירן פון אויג דעם ייִדן מיט דער גראָוער באָרד, וואָס האָט מיט אים אײַנגעטײַנעט, אז מע האָט געדאַרפט פריִער נאָך אוועק קיין טיף ראַסיי.

ערשט אין א צײַט אַרום, ווען קאַלמען איז שוין אַראָפּ פון לונינעצער וועג און זיך געשלעפּט איבער די ניט־אויסגעטריקנטע פינסקער בלאָטעס, האָט ער אים ווידער דערזען, דעם ייִדן, און א שטיק וועג געגאַנגען מיט אים צוזאַמען. פאָרזעצנדיק דעם פריִערדיקן געשפּרעך, האָט קאַלמען אים געזאָגט:

— די געשיכטע מיטן אַרויסשיקן נעמט זיך, אפּאָנעם, פון דעם, וואָס צווישן אונדז זײַנען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געשמוגלט די גרענעץ, — ער האָט שווער אָפּגעזיפצט, — איינער מײַנער א באַקאַנטער האָט געוואָלט איבערגיין די גרענעץ, האָט דער דײַטש אים פריִער דורכגעלאָזט, אָבער דערהערט, אז ער איז א ייִד, גלײַך אומגעקערט צוריק. „וואַנזיניקער מענטש" האָט ער אים אָנגערופן.

קאַלמען האָט אָנגעוויזן דעם ייִדן אפּן הימל:

— דער פּילאָט אינעם אַעראָפּלאַן, וואָס האָט זיך דאָ דורכגעטראָגן איבער אונדזערע קעפּ און קיינעם ניט אָנגערירט, איז אויך א דײַטש.

דער ייִד איז געבליבן שטיין:

— איך זע, יונגערמאַן, אַז איר זוכט צווישן זיי דעם צדיק, וואָס דורך אים זאָל געראַטעוועט ווערן סדאָם.

דורך די שיטערע נידעריקע ביימלעך, וואָס האָבן זיך געצויגן פאַזע די בלאָטעס, האָט זבערטשוק דערזען אַפן וועג אַ לאַסטמאַשין מיט אַן אָנגעצויגענעם טענט, פון אונטער וועלכן ס'האָבן געגלאַנצט אַף דער זון די שטאָלענע רערן פון די אַרויסגעשטעקטע ביקסן. דער שאָפער האָט זיך געייסעקט באַם אָפענעם מאָטאָר.

לעבן אים איז געשטאַנען אַ מיליטערמאַן אין אַ בלוי היטל מיט אַ רויטן קאַנט און קיינעם ניט צוגעלאָזט נאָענט. ער איז ניט געווען דער ערשטער, וואָס האָט ניט געלאָזט זיך אַרופכאַפּן אַף די פאַרבײַפאָרנדיקע מיליטערישע מאַשינעס, און אויב מע איז דאָס מאָל אַזוי גיך אָפּגעטראָטן, איז עס ניט ווײַל מע האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם בלויען היטל מיטן רויטן קאַנט. ס'איז איצט טײַער געווען יעדער רעגע, און ווער ווייסט, וויפל דער שאָפער קאָן זיך אַזוי אָפּייסעקן באַם מאָטאָר און צי וועט די מאַשין אויך ניט בלײַבן דאָ שטעקן פאַרזונקען אינעם אָנגעגליטן זאַמד, ווי אַנדערע.

פאַר דעם לאַנגן זומער־טאָג, וואָס קאַלמען שלעפּט זיך איבערן וועג, איז אים שוין ניט איין מאָל אויסגעקומען זען, ווי מענטשן יאָגן זיך נאָך די פאַרבײַפאָרנדיקע מיליטערישע מאַשינעס, כאַפּן זיך אָן אין די באָרטן, נאָר זעלטן ווען עס געלינגט זיך אַרופכאַפּן אַף אַ מאַשין. אויב עמעצער איז שוין יאָ אַרויף אַף דער מאַשין, האָבן די מיליטערלײַט צום אַלעם ערשטן געפרעגט, פונוואַנען מע שטאַמט, און געפאָדערט באַשטעטיקן עס מיט אַ דאָקומענט.

נאָך דעם, ווי קאַלמען איז אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג צוזאַמען מיט אַ הײַפל רויטאַרמייער פונעם צעבאָמבירטן פּינסקער אַעראָדראָם, האָט אים שוין איבעריקס ניט געוווּנדערט, וואָס די רויטאַרמייער מאַכן אַן אונטערשייד צווישן „מײַרעוודיקע" און „מיזרעכדיקע". איינעם פון אָט די רויטאַרמייער, אַ באָכערל אין אַ צעריסענער פאַרבלוטיקטער גימנאַסטיאָרקע, אין פאַרשטויבטע, ניט פאַרשנורעוועטע שיך, האָט זבערטשוק געפרעגט, צי וועלן זיי באַווײַזן זיך דערקלײַבן צו אַ סטאַנציע. האָט יענער זיך אויסגעדרייט צו אים מיט דער פּלייצע און באַוויזן זײַן וווּנד:

— אָט וואָס איינעקע אײַערע „זאַפּאַדניקעס" טוען. פון די בוידעמער, הינטן־אַרום, ווי באַנדיטן.

פאַר קאַלמענען איז עס געווען ניט אינגאַנצן אומדערוואַרט. דאָך האָט זיך ניט געוואָלט גלייבן, אַז אַזוינס האָט געקאָנט פּאַסירן.

— מיסטאָמע זײַנען עס געווען איבערגעטאָנענע דײַטשן, — האָט ער געענטפערט דעם פאַרוווּנדעטן רויטאַרמייער. נאָר ווען ער האָט דערהערט, ווי עמעצער האָט געזאָגט, אַז די רויטאַרמייער מאַכן, קענטיק, אַן אונטערשייד צווישן „היגע" און „אָנגעפאָרענע", האָט קאַלמען זיך אָנגערופן:

— און וואָס האָט איר געוואָלט, זיי זאָלן אַלעמען אָנטרויען? איר ווילט, זיי זאָלן אַלעמען גלייבן?

— קומט, הייסט עס, אויס, וויבאַלד מיר זײַנען היגע, דאַרף מען אונדז איצט אַלעמען כוישעד זײַן?

— כוישעד זײַן, ניט כוישעד זײַן, נאָר אַז מע גייט אין שלאַכט, וויל מען וויסן, מיט וועמען מע גייט, מע זאָל זיך ניט דאַרפן אַרומקוקן. קאַרג היטלעראָוועס זײַנען בײַ אונדז געווען נאָך פאַר דער מילכאָמע?

דער ייִד מיט דער יאַרמלקע, וואָס האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון אונטערן קאַשקעט, האָט שוין באַוויזן זיך היפּש דערווײַטערן, ווען קאַלמען זבערטשוק האָט, שטייענדיק אין אַ זײַט, זיך אָנגערופן צום רויטאַרמייער, וואָס האָט זיך נאָך אַלץ געייסעקט בײַ דער מאַשין:

— כאַווער, לאָז, כ'וועל דיר צוהעלפן.

— ביסט אַ שאָפער? — דער רויטאַרמייער האָט אויסגעדרייט צו אים דאָס אײַנגעריכטע פּאָנעם. — נו, דאַווײַ.

— אײַערע דאָקומענטן! — האָט אים שטרענג אָפּגעשטעלט דער מיליטערמאַן אינעם בלויען היטל מיטן רויטן קאַנט, וואָס איז געשטאַנען לעבן דער מאַשין.

דעם פּאַס און אַלע אַנדערע דאָקומענטן, וועלכע קאַלמען האָט געהאַלטן אין בוזעם־קעשענע פונעם יאָמטעוודיקן רעקל, האָט ער, אַוועקגייענדיק פון שטוב, פאַרגעסן מיטנעמען. די איינציקע דאָקומענטן, וואָס ער האָט מיט זיך געהאַט, איז געווען דאָס אָסאָאַוויאַכים[1]־ביכעלע און אַ צײַגעניש, אַז ער איז אַ שאָפער אַף דער פּינסקער שוועבל־פאַבריק. דער מיליטערמאַן האָט לאַנג באַ־

[1] פרײַוויליקע געזעלשאַפט אַף מיטצוהעלפן פאַרשטאַרקן די שוצפייִקײַט פון לאַנד.

טראכט דאָס ביכעלע מיט די אָנגעקלעפּטע מאַרקעס, געקוקט אין דער צעקניטשטער צײַגעניש, נאָכדעם באַטראַכט קאַלמענען און ענדלעך געזאָגט: „דאַוײַ!"

די צען—פופצן מינוט, וואָס זבערטשוק האָט זיך געפּאָרעט באַם מאָטאָר, האָט ער קימאַט ניט גערעדט מיטן שאָפער. דערמיט ווי געוויזן, אַז אים דאַרף מען ניט דערקלערן, וואָס איז אַזוינס מיליטערישע דיסציפּלין. מעגלעך, אַז דערפאַר, און עפּשער ווײַל מע האָט זיך איבעריקס ניט געקאָנט פאַרלאָזן אַפן יונגן, ניט־דערפאַרענעם שאָפער, האָט דער מיליטערמאַן, אומקערנדיק זבערטשוקן די דאָקומענטן, אים געפרעגט שוין ניט אַזוי שטרענג:

— וווּהין קלײַבסטו זיך גיין?

— אַהין, וווּ אַלע, אַף מיזרעך, — האָט קאַלמען געענטפערט.

— קריך אַרונטער אונטערן טענט.

ווען קאַלמען האָט שוין אַוועקגעשטעלט אַ פוס אַף דער ראָד, האָט דער מיליטערמאַן אים אָפּגעשטעלט:

— וואַרט. פונוואַנען זײַט איר?

— אַ מאָזירער, אַ וואָסטאָטשניק[1], — האָט קאַלמען, ניט פאַרטראַכטנדיק זיך, געענטפערט און מיט איין שפּרונג אַרײַן צו די רויטאַרמייער אונטערן אָנגעגליטן טענט.

סאָף טאָג איז זבערטשוק שוין אויך געווען אַ רויטאַרמייער. דער מיליטערישער עשעלאָן, וואָס איז אַפן צווייטן טאָג אָפּגעגאַנגען פון סאַרנע, האָט געפירט דעם רויטאַרמייער קאַלמען זבערטשוק צוריק אַף מײַרעװ, ווו דער הימל און די זון זײַנען געווען פאַרצויגן מיט רויך פון סרייפעס. דער איין־און־איינציקער דאָקומענט זײַנער איז איצט געווען דאָס צונויפגעוויקלטע שטיקל פּאַפּירל אין דער הילזע, וועלכע ער האָט געהאַלטן אין דער קליינער הויזן־קעשענע. דאָרט איז געווען אָנגעוויזן דער פינקטלעכער אַדרעס פון זײַן עמעסער היים און גענוי אויסגערעכנט, ווען ער האָט איבערגעלאָזט אין קאַלושין. אין די צעטלעך אָבער פון די אַרמייִשע טיילן, אין וועלכע ער האָט געדינט, און אין די ביכער פון די שפּיטאָלן, אין וועלכע אים איז נאָכדעם אויסגעקומען צו ליגן, איז געווען אָנגעוויזן, ווי ער האָט וועגן זיך אָנגעגעבן אַפן לונינעצער שאָסיי, אַז ער איז אַ מאָזירער.

אַ פּאַס, אַ מיליטערישן בילעט האָט קאַלמען זבערטשוק, נאָכן דעמאָביליזירן זיך פון דער אַרמיי, באַקומען אינעם ווײַטן יִישעוו קירטאַ אַפן ברעג פונעם צאָפנדיקן טײַך פּעטשאָרע. דער סאָלדאַט איוואַן קאָזיורין האָט ניט געדאַרפט איבעריקס אײַנריידן זײַן כאַווער, ער זאָל פאָרן מיט אים, קיין קאָמי. דעם שטילן איוואַן קאָזיורין, מיטן ברייטן, ערטערווײַז געשטופּלטן פּאָנעם און מיט די העלע אויגן, האָט זיך געדוכט, אַז דער כאַווער זײַנער קאַליע זבערטשוק איז אײַנגעגאַנגען פאָרן מיט אים, ווײַל ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם, וואָס ער, קאָזיורין, האָט אים דערציילט וועגן דער טײַגע, וועגן דעם גרויסן שיינעם טײַך פּעטשאָרע. אינדערעמעסן איז אים, קאַלמען זבערטשוקן, אייגנטלעך, געווען אַלציינס, ווו זיך צו באַזעצן. צו יענער צײַט האָט ער שוין געוווּסט, אַז פון זײַן מישפּאָכע איז קיינער ניט לעבן געבליבן. „ווען עמעצער פון די דײַניקע זאָל געווען בלײַבן לעבן, — האָט אים אַף זײַן בריוו באַלד נאָך דער מילכאָמע געענטפערט זייער קאַלושינער שאָכן, — וואָלט ער דאָך זיכער געגעבן צו וויסן וועגן זיך..."

נאָך אָט דעם ענטפער האָט זבערטשוק אינגאַנצן אָנגעוואָרן די האָפענונג, אַז מיט דער מישפּאָכע זײַנער איז געשען אַ נעס. ס'זײַנען דאָך אָבער יאָ געשען ניסים! אייניקע איז געלונגען זיך אויסבאַהאַלטן באַ פּוילישע באַקענטע, דורכרײַסן זיך צו די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד, זיך פאַרגראָבן אונטער דער ערד, אין אַ בונקער. און כאָטש קאַלמען איז געווען זיכער, אַז אַף קיין בריוו פון דער היים האָט ער ניט וואָס צו וואַרטן, פונדעסטוועגן אַף יעדן פאַל האָט ער צוגעשיקט דעם שאָכן, דעם פּאָליאַק, אין קאַלושין זײַן אַדרעס פונעם ווײַט פאַרוואָרפענעם שטעטל קירטאַ, ווו ער האָט געאַרבעט פאַר אַ שאָפער אינעם היגן „לעספּראָמכאָז"[2].

## XXIV

פאַרבײַ דעם הויכן ברעג פון דער פּעטשאָרע, פונוואַנען מע האָט געלאָזט מיטן וואַסער דאָס געהילץ פון דער טײַגע, איז דורכגעשוווּמען אַ דאַמפער און זיך אָפּגעשטעלט באַם טײַך־וואָקזאַלכל. געוואַרט האָבן אַפן דאַמפער בלויז עטלעכע פּאַסאַזשירן, נאָר באַגעגענען זײַנען אים אַרויס יונג און אַלט פונעם דערבײַיִקן פישער־דערפל. די אַרבעטער־בריגאַדעס, וואָס זײַנען געווען באַשעפטיקט אַפן ברעג באַם אויסלאָדן און צונויפלייגן דאָס געהילץ, זײַנען אויך אַוועק צום וואָקזאַלכל, און קאַלמען זבערטשוק, וואָס האָט געבראַכט צו פירן אַ מאַשין געהילץ, האָט שוין קיינעם באַ די שטאַבעלן ניט געטראָפן. אַלע זײַנען געווען לעבן דאַמפער, ווי ס'וואָלט געווען

[1] פון די מיזרעך־געגנטן.

[2] וואַלד־ווירטשאַפט.

די ערשטע שיף, וואָס האָט אהער פארבלאָנדזשעט פארן גאנצן זומער. קאַלמען איז ארויס פון דער מאשין און צוגעגאנגען נעענטער. ס'האָט זיך גלײַך געוואָרפן אין די אויגן, אז א טייל פון די פּאסאזשירן, וואָס זײַנען אראָפּ אפן ברעג זיך דורכשפּאצירן, ביזוואנען מע וועט אויסלאָדן די פּעסער און קאסטנס מיט סכוירע פאר דער היגער קראָם, האלטן זיך די גאנצע צײַט צוזאמען, ווי זיי וואָלטן מוירע האָבן פארלירן איינער דעם אנדערן. ער האָט אויך באמערקט, אז זיי זײַנען עפּעס זייער פארדײַגעט.

זבערטשוק איז געבליבן שטיין א פארציטערטער. ניין, ס'האָט זיך אים ניט אויסגעוויזן. די פּאסאזשירן האָבן ווירקלעך גערעדט צווישן זיך אף פּויליש. ס'איז אים מיטאמאָל באפאלן אזא נאָגנדיקע בענקשאפט נאָך דער פריִערדיקער היים, אז ס'האָט אים אזש פארשלאָגן דעם אָטעם.

— פון פּוילן? — האָט ער ניט זיכער און שטיל געפרעגט.

— יאָ, פון פּוילן.

— פון פּוילן? — האָט ער אויסגעשריגן שוין אף פּויליש. — און וווהין פאָרט איר עס?

— אהיים, קיין פּוילן.

— וואָס? מע קאָן פאָרן אהיים? איך בין דאָך אויך פון פּוילן.

— איר ווייסט גאָר ניט, אז אלע פּאָליאקן און אלע ייִדן, וואָס האָבן ביז דער מילכאָמע געוווינט אין פּוילן, קאָנען זיך אומקערן צוריק? פון די ערטער, וואָס געפינען זיך נעענטער צו דער אײַזנבאן, איז מען ארויסגעפאָרן נאָך מיט א צײַט צוריק. איצט גרייט מען עשעלאָנען פאר אזעלכע, ווי מיר, וואָס האָבן ניט באוויזן זיך דערקלײַבן פון די פארוואָרפענע ייִשווים און דערפלעך צו א סטאנציע. די אוסא האָט זיך ערשט יענע וואָך גערירט. אפאָנעם, אז מיר זײַנען שוין פון די לעצטע.

— און וואָס דארף איך טאָן, כ'זאָל אויך קאָנען פאָרן אהיים?

— אָנשרײַבן וועגן דעם קיין מאָסקווע אין אונדזער געזאנדשאפט. א דאָקומענט, א פּאפּירל, אז איר זײַט א פּוילישער, האָט איר מיסטאם.

— פונוואנען, אז איך בין ארויסגעלאָפן ווי איך שטיי און גיי? — און זבערטשוק האָט דערציילט, וואָס האָט מיט אים פּאסירט פאר די יאָרן פון קריג.

— איצט, — האָט ער פארענדיקט, — איז אין אלע דאָקומענטן בא מיר אָנגעוויזן, אז איך בין א מאָזירער.

— א שווערער איניען. פונדעסטוועגן שרײַבט אָן אין דער געזאנדשאפט. איר ווערט דאָך דערפון גאָרנישט אָן. אלנפאלס, פּרוווט זיך...

— וואָס פּרוּוון, ווען פּרוּוון, — איז ארײַנגעפאלן אין די רייד א פולבלעכער מאנצבל מיט א צעקעמטער געלער באָרד, — אז אין א כוידעש ארום שטעלט זיך אָפּ די רעפּאטריִאציע. — און, אָפּפירנדיק אים אין א זײַט, געגומען מיט אים אײַנטײַנען אף ייִדיש. — ס'הייסט, איר ווייסט ניט וועגן אזא זאך? ס'איז דאָך געווען וועגן דעם אין בלאט.

— נו, ס'טרעפט, ס'טרעפט. וואָס טוט מען אָבער איצט?

— טאקע א קאשע. וואָרעם דאָס שרײַבן איצט אין דער געזאנדשאפט צי אין ייִדישן קאָמיטעט אף פּושעטשנע[1] וועט אײַך שוין גאָרנישט געבן. ס'הייסט, אָנשרײַבן אהין דארף מען, אָבער פארלאָזן זיך אף דעם קאָן מען ניט. מאלע וואָס א מענטש זאָגט, ער איז פון קאַלושין. מע דארף דאָך עס דערווײַזן. ס'איז ניט אזוי פּאָשעט. פאר א כוידעש צײַט וועט איר גאָרנישט ניט אופטאָן, ביפראט, אז בא אונדז אין דער היים איז איצט אלץ ווויסט און כאָרעוו. מיר פאָרן דאָך, אייגנטלעך, אף א בעסאלמען. קאדעש פאָרן מיר זאָגן. בעקיצער, אָט וואָס. איר דארפט זיך מעשאדעך זײַן מיט אן אונדזעריקער. צעקײַט? וואָס קוקט איר אזוי אף מיר? עס איז דאָך א כאסענע אָן כופּע אוקעדושן. איר וועט אריבער די גרענעץ, זײַט איר צוריק כאָסן און זי צוריק קאַלע. פארשטאנען? בא אונדז אף דער שיף איז פאראן אזא פּאָרל. ער איז שוין א מענטש פון עטלעכע און פופציק, און זי איז אלט א יאָר דרײַ—פיר און צוואנציק.

„צי דערציילט ער עס ניט וועגן זיך", — איז בא קאַלמענען דורכגעלאָפן א געדאנק.

— בעקיצער, זעצט זיך אוף אין באן און פאָרט זיך דורך קיין אינטא. פאר א צוויי־דרײַ טעג זײַט איר דאָרט. אהין, ווי כ'האָב געהערט, זײַנען זיך צונויפגעפאָרן א היפּש ביסל אונדזעריקע. זוכט זיך דאָרט אָפּ א בסולע צי אן אלמאָנע, און זאָל זײַן, ווי מע זאָגט עס, אין א מאַזלדיקער שאָ. נאָר אָפּגעטאָן דארף עס ווערן איינס און צוויי, און שא. הײַנט געקומען, און מאָרגן זיך פארשריבן. וואָרעם צײַט איז געבליבן ווייניק. דער אוילעם זיצט אף די בעבעכעס. האַ? נארישקײַטן. וויבאלד איר פארשרײַבט זיך מיט אן אונדזעריקער, ווערט איר שוין אויך א פּוילישער, הייסט עס. איר ט'מעך פארשטאנען?

---

[1] א גאס אין מאָסקווע.

די באַגעגעניש מיט די לאַנדסלײַט אין אינטא איז געווען ניט אַזאַ, ווי קאַלמען האָט זיך אויסגעמאָלט, פאָרנדיק אַהין. די ערשטע עטלעכע טעג האָט ער זיך אומגעדרייט צווישן זיי ווי א פרעמדער. מעגלעך, דערפאַר, וואָס די לאַנדסלײַט זײַנען געווען פאַרזאָרגט, געקלערט און איבערגעקלערט, פאָרן צי ניט פאָרן, און עפשער איז ער אַליין געווען שולדיק אין דעם. ער איז געווען אופגעטראָגן אף זיך, וואָס ער קאָן זיך ניט בײַקומען און הערט ניט אוף זיך צוקוקן צו די פינגערלעך אף די הענט בא די פרויען, צי זיי זײַנען גלאַטע קעדושן־פינגערלעך, צי מיט שטיינדלעך. אפן אַנדערן טאָג האָט ער שוין געוווּסט, ווער ס׳איז א מיידל, ווער ס׳האָט א מאַן און ווער ס׳איז אַן אַלמאָנע, נאָר דערווײַל האָט ער מיט גאָרנישט אַרויסגעוויזן, אַז דאָס גייט אים אָן. ביז צום אָפפאָרן פון די פוילישע זײַנען געבליבן געציילטע טעג. קאַלמען האָט אַלץ נאָך ניט געקאָנט זיך באַשליסן אף עפּעס. ער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז בלויז נאָר פונעם געדאַנק — זיך מעשאַדעך זײַן פאַר געלט אף א צוויי־דרײַ וואָכן — וועט ער אף אַזויפיל ווערן נימעס זיך אַליין, אַז ער וועט ניט קאָנען דערוואַרטן זיך אף דער מינוט, זיי זאָלן שוין אַוועקפאָרן.

מעגלעך, אַז זײַנע לאַנדסלײַט האָבן זיך אָנגעשטויסן, נאָך וואָס איז געקומען אַהער פון דער פעטשאָרער טײַגע אָט דער שטילער אָנגעכמורעטער יונגערמאַן, און זיי האָבן געוואַרט, ער זאָל דער ערשטער פאַרפירן וועגן דעם א רייד. איז זיי אָבער זבערטשוק פאַרלאָפן דעם וועג, דערציילט, אַז ער איז דאָ אין א קאָמאַנדירונג און אַז ווען ער זאָל אַפילע אַרויסבאַקומען א פוילישן פאַס, ווייסט ער נאָך אויך ניט, צי וואָלט ער איצט געפאָרן. דאָס איינציקע, וואָס ער בעט, איז, זיי זאָלן בא זיך פאַרשרײַבן די נעמען און די פאַמיליעס פון זײַנע קרויווים, עפשער וועט זיך עמעצער אָפזוכן. ענטפערן זאָל מען אים אַהער, קיין אינטא.

אַז קאַלמען זבערטשוק וועט זיך שוין ניט אומקערן אף דער פעטשאָרע, נאָר פאַרבלײַבן אין אינטא, איז געווען קענטיק פון זײַן אַרומדרייען זיך אַרום די טעריקאָניקעס, פון זײַן פאַנאַנדערפרעגן זיך וועגן דער אַרבעט אף די שאַכטעס און פון דעם, ווי ער האָט זיך דערפרייט, דערוויסנדיק זיך, אַז צוויי מישפּאָכעס בלײַבן דערווײַל הי.

— בלײַבן מיר, הייסט עס, דאָ, דרײַ יידישע מישפּאָכעס פון פוילן, — האָט קאַלמען זבערטשוק באַם אַרויסבאַגלייטן אין ווײַטן וועג זײַנע לאַנדסלײַט א זאָג געטאָן. — הײַנטיקע צײַטן איז איין מענטש אויך א מישפּאָכע.

ווען דער צוג איז אָפגעגאַנגען פונעם קליינעם הילצערנעם וואָקזאַלכל און אין דער אָונטיקער לופט איז געבליבן הענגען א נאָגנדיקע בענקשאַפט, האָט קאַלמען זיך אָנגערופן צו איינעם פון די פאַרבליבענע, א מענטשן פון א יאָר עטלעכע און פערציק, אין הויכע ברייטע שטיוול און אין א קורצן וואַטאָוון לײַבל:

— אײַך טוט ניט באַנק, וואָס איר זײַט ניט אַוועקגעפאָרן?

— צי טוט מיר באַנק, פרעגט איר? — דער מענטש האָט א קוק געטאָן אף קאַלמענען מיט אומעטיקע אויגן, אין וועלכע ס׳האָבן געפינקלט טרערן, און געטאָן א טיפן זיפץ. — וואָס זאָל איך אײַך ענטפערן? איין גאָט ווייסט, ווי ס׳בענקט זיך אַהיים. אײַך דאַרף איך דאָך עס ניט דערציילן. נאָר אַז איך גיב בא זיך א טראַכט... מיינט ניט, כאָלילע, כ׳האָב זיך דערשראָקן, וואָס די ערשטע צײַט וועט דאָרט אויסקומען נעכטיקן אונטערן הימל, פרירן אף דער קעלט, אָנהייבן, ווי מע זאָגט עס, פון מאַ־טויווו. איך בין שוין אף מײַן לעבן אויסגעשטאַנען אַזוינס, אַז איצט איז מיר שוין גאָרנישט ניט שרעקלעך. נאָר לעבן אין שכיינעס מיט די קוואָרים... כ׳ווייס ניט, צי כ׳וואָלט עס אויסגעהאַלטן...

— מע זאָל אײַך אָבער זאָגן, אַז אין א כוידעש אַרום פאַרמאַכט זיך די גרענעץ אף שטענדיק, וואָלט איר, דאַרף מען קלערן, ניט פאַרבליבן, — האָט זיך אַרײַנגעמישט דער צווייטער פוילישער ייִד, וואָס איז דאָ געבליבן מיט זײַן מישפּאָכע, א פולבלעכער מאַנצבל מיט א גלאַנצנדיק פּאָנעם און שאַרפע אויגן. — ווײַבאַלד אָבער מיר האַלטן, אַז מע וועט נאָך ניט איין מאָל קאָנען פאָרן אַהיים, איז וואָס איז אַזוי די אײַלעניש? ווײַנען, ווי מע דאַרף פאַרשטיין, איז דאָרט דערווײַל ניטאָ ווו, מיטן עסן איז דאָרטן איצט אויך ניט אַמבעסטן. זאָל דורכגיין א פּאָר יאָר. אויב איך האָב א פּאַפּירל, אַז כ׳בין פון דאָרטן, האָב איך זיך ניט וואָס צו זאָרגן. מ׳עט נאָך ניט איין מאָל עפענען פאַר אונדז די גרענעצן. ראַט איך אײַך טאַקע, — האָט ער זיך געווענדט צו זבערטשוקן, — איר זאָלט זיך צווײַלן אָנשרײַבן קיין מאָסקווע.

## XXV

ווען קאַלמען זבערטשוק האָט שוין געהאַט אַלע פּאַפּירן, אַז ער שטאַמט פון פוילן, איז אים שוין ווייניק אָנגעגאַנגען, צי וועט מען נאָך ווען־ניט־איז קאָנען זיך אומקערן אַהיים. ער, קאַלמען זבערטשוק, וואָלט סײַווי ניט געפאָרן. דער שאָכן זײַנער, דער פאַרבליבענער פוילישער ייִד מיט די שאַרפע אויגן, לאַכט פון אים. וואָס הייסט, אים איז געפעלן אָט דער העק, אָט דאָס פאַר־

שטויבטע און פאַרייכערטע הילצערנע שטעטל אין דער טונדרע, ווו דער ווינטער פאַרהאַלט זיך ביז איבער שוועס, ווו דער מעכטיקסטער בוים איז די גרייס ווי אַ לולעוו און ווו אינמיטן טאַמעז קאָן פלוצעם אויספאַלן אַ שניי ביז איבער די קני? בענקען נאָכן רויך פון די טעריקאָניקעס, נאָך די אַכט־ניַין כאַדאָשים נאַכט? און מיט וואָס זיַינען עס אים אַזוי געפעלן די זומערדיקע כאַדאָשים? מיט דעם, וואָס ס'איז אינגאַנצן ניטאָ קיין נאַכט, כאָטש נעם און זיַי מעכאַדעש די זון? צי עפשער האָבן באַ אים אַזוי אויסגענומען די בלאָטעס מיט די שטיקלעך הילצערנע טראָטואַרלעך? ס'איינציקע, וואָס קאָן דאָ יאָ געפעלן, איז דאָס, וואָס מע קאָן דאָ פיַין פאַרדינען.

ער זאָל עס אים ניט געוועז זאָגן, וואָלט קאַלמען זיך אויך אָנגעשטויסן, פאַרוואָס דער שאָכן זיַינער איז דאָ געבליבן. אים האָט פאַרהאַלטן די שטעלע, די שפּיַיזקאַמער באַם רעסטאָראַן, ווו ער אַרבעט.

קאַלמען האָט אים ניט ליב געהאַט, דעם שאָכן, דעריקער דערפאַר, וואָס ווי נאָר עפעס, וויַיזט ער אים אָן אַף די אַרומגעצאַמטע הילצערנע באַראַקן מיט די אויסגעקאַלכטע פעסלעך אַף די שיפערנע דעכער, אַף די אַרומגעצאַמטע צעוואָרפענע שאַכטעס מיט די פּראָזשעקטאָרס און מיט דער באַוואָפנטער וואַך אַף די הילצערנע טורעמס:

— און איר גייט נאָך אַלץ אַרום און זוכט דאָ מיַילעס.

אַף דעם ענטפערט אים זבערטשוק דאָס זעלבע, וואָס אים האָט מיט אַ ציַיט צוריק געזאָגט איינער פון די, וועלכע מע ברענגט יעדן טאָג צו פירן אַף אַרבעט פון די לאַגערס: „ניט אַלע, וואָס זיצן, זיַינען שולדיק, און ניט אַלע זיַינען אומשולדיק“.

אָט דער איינער איז געווען יעשוע שאַפּירא. און באַקענט האָט קאַלמען זיך מיט אים אין שטרעק. קאַלמען איז דעמלט געווען אַ פּאָשעטער פּראָכאָדטשיק.

איידער קאַלמען האָט זיך צום ערשטן מאָל אַראָפּגעלאָזט אין שאַכטע, האָט מען אים אַרויסגערופן אין אַ גרויס הילצערן הויז מיט פאַרהאַנגענע פענצטער און מיט אַ וואַך באַ דער טיר. דאָרט האָט זיך געפונען די קאָמענדאַטור פון די לאַגערן. ס'איז גענוג געווען אַרויסגערופן ווערן אַהין איין מאָל, מע זאָל נאָכדעם אַפן גאַנצן לעבן פאַרגעדענקען, וואָס מע האָט דאָרט אָנגעזאָגט. און אָנגעזאָגט האָט מען אים, אַז ער טאָר ניט האָבן קיין שום פאַרבינדונגען מיט די „זעקא“, ניט פאַרפירן מיט זיי קיין שום רייד. וויַיניק דערמאָנט עס אים וועגן דעם יעדן טאָג דאָס שטעכיקע דראָט, די וואַך אַפן טורעם, דער פּאַטרול באַם אַרויסגאַנג, וואָס באַטראַכט יעדעס מאָל לאַנג און פאַרדעכטיק זיַין דורכלאָז־שיַין. באַם מינדסטן כשאַד קאָן מען אים באַפוילן איבערקערן די קעשענעס, פאַנאַנדערשפּיליען דאָס אָנטאָן.

צי וויַיל קאַלמען האָט זיך שוין צוגעוווינט צו די אָפטע אַרויסרופן אין „גרויסן הילצערן הויז“ און דאָס האָט אופגעהערט אַף אים ווירקן, ווי ס'הערן אוף ווירקן איינע און די זעלבע רעפּועס, צי ער איז ביַיגעקומען די שרעק, אַלנפאַלס, ווען מע זאָל אים געווען באַזוכן, וואָלט מען ניט איין מאָל געקאָנט געפינען באַ אים בריוו, וועלכע די „זעקא“, וואָס האָבן געאַרבעט מיט אים אין דער שאַכטע, האָבן געשריבן צו זייערע אייגענע. קאַלמען פלעגט די בריוו בישטיקע אַראָפּלאָזן נאָכדעם אין פּאָסט־קעסטל.

בייסן דורכטראָגן די באַהאַלטענע בריוו איז קאַלמען געווען מער געהיט, ווי אין לאַווע, ווען ער האָט געדאַרפט אַראָפּזעצן די קראָוליע. פאַר דורכטראָגן בריוו פון די „זעקא“, ווען ס'איז דערלויבט געווען אָפּשיקן ניט מער ווי צוויי בריוו אַ יאָר, און בלויז דורך דער אַדמיניסטראַציע, וואָלט מען אים אין בעסטן פאַל פאַרשיקט ערגעץ אין אַ וויַיט פאַרוואָרפן דערפל. דאָך האָט עס אים ניט אָפּגעשטעלט, און ער פלעגט דורכטראָגן דורך דער וואַך אַפילע אָנקלאָגעס, און קעדיי זיַין זיכער, אַז מע וועט זיי ניט פאַרהאַלטן אַף דער היגער פּאָטשט, ווי מע האָט עס געוויינלעך געטאָן אין קאַנצעליאַריע פון לאַגער, פלעגט ער זיך צופוס אַוועקשלעפּן אַף דער וויַיטער סטאַנציע און אַראָפּלאָזן זיי אין בריוו־קעסטל פונעם דורכגייענדיקן צוג. צוריקוועגס האָט ער זיך קימאַט שטענדיק באַגעגנט מיט באַקאַנטע שאַכטיאָרן. קיינער האָט באַ אים אָבער קיינמאָל ניט געפרעגט, נאָך וואָס איז ער געגאַנגען אַף דער סטאַנציע, וואָס האָט ער זיך אַזוי אַרומגעקוקט באַם דערנעענטערן זיך צום פּאָסט־וואַגאָן. און פון דעם האָט קאַלמען געמאַכט אַן אויספיר, אַז ניט נאָר איבער אים איינעם הענגט אַלעמאָל אַ געפאַר.

אין שאַכטע האָט קאַלמען אָפטמאָל ניט געקאָנט אונטערשיידן, ווער איז אַ „זעקא“[1] און ווער אַ „וואָלנאָנאַיאָמנע“[2], און ניט דערפאַר, וואָס אַלע זיַינען געווען אָנגעטאָן אין אַלציינע ברעזענטענע ספּעצאָווקעס, גומענע שטיוול און אַף די פאַרבויגענע דאַשעקעס פון די היטלען האָבן געפינקלט טונקעלע שאַכטיאָרישע לעמפּלעך, און אויך ניט דערפאַר, וואָס די פּענעמער זיַינען באַ אַלעמען געווען אַזוי שוואַרץ פונעם קוילן־שטויב, אַז ס'האָבן זיך בלויז אַרויסגעזען די וויַיסלעך

[1] לאַגערניק. [2] פריַיגעדונגענע.

פון די אויגן. די סיבע, פאַרוואָס ער האָט קיינמאָל אַף זיכער ניט געקאָנט באַשטימען, ווער איז דאָ אַ „זעקאַ“ און ווער אַ „וואָלנאַניאַמנער“, איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס באַ דער אַרבעט האָט דער דאָזיקער אונטערשייד זיך ניט געלאָזט פילן. באַ דער אינסטרומענטאַלקע איז אַלעמאָל אַ ריי. באַ דער גאַרדעראָבנע און לאַמפּאָוואַיאַ — אַ טומל און אַ שטופּעניש. אַלע איילן זיך פאַר־כאַפּן אַ ריי באַ דער קליעט. און אַז מע לאָזט זיך אַראָפּ אין דער שאַכטע, איז ווידער די זעלבע איילעניש, דער זעלבער אימפּעט: דאַוויי, דאַוויי. קיינער, דאַכט זיך, יאָגט די „זעקאַ“ ניט אונ־טער, גיט ניט אַכטונג אַף זיי. אונטער דער ערד זיינען זיי דאָך פּונקט אַזוי פריי, ווי ער. אָבער ער, קאַלמען, קריגט געצאָלטס פאַר יעדן מעטער, וואָס ער גייט דורך אין „האַריזאָנט“, פאַר יעדער איבעריקער שאָ, וואָס ער פאַרהאַלט זיך אין שאַכטע, און אַז סאָף כוידעש ציגנדט זיך אָן איבער דער שאַכטע אַ גרויסער פינפעקיקער שטערן, ווייסט ער, אַז אויסערן געהאַלט וועט ער נאָך באַקומען פּרעמיע־געלט. וואָס אָבער האָבן די „זעקאַ“ פון אָט דער איילעניש און יאָגעניש, פון אָט דעם דאַוויי, דאַוויי? די צייט, ווען מע האָט זיך געיאָגט פאַרדינען אַן איבעריקע פּייקע ברויט, איז פון לאַנג שוין אַדורך. וואָס זשע צווינגט זיי אויספילן און איבערשטייגן די אַרבעטס־נאָרמע? די זאַטשאָטן? דאָס, וואָס פאַר גוטער אַרבעט וועט מען באַפרייען פון לאַגער אַף צוויי־דריי יאָר פריִער? די, וואָס זיינען פאַרמישפּעט אַף פינף און צוואַנציק יאָר און אַזעלכע אַרבעטן דאָך דעריקער מיט אים אין דער שאַכטע, טראַכטן אָבער ניט וועגן דעם, ס'איז זיי שוין אַלצאיינס: פינף און צוואַנציק יאָר צי דריי און צוואַנציק. איז וואָס זשע פאָרט צווינגט אָט די מענטשן אויס־פילן און איבערשטייגן די נאָרמעס? עפּשער דאָס, וואָס באַ דער אַרבעט איז זיך לייכטער צו פאַרגעסן? אַנומלטן, פאַרבייגייענדיק לעם איינער אַ לאַווע, האָט ער דערהערט אַזאַ געשפּרעך:

— אייניקע מוזן אַוואַדע קלערן, אַז באַ דער אַרבעט איז זיך לייכטער צו פאַרגעסן און דער־פאַר אַרבעטן מיר אַזוי.

זבערטשוק האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— נאַרישקייטן, — האָט די זעלבע שטים פאָרגעזעצט, — נאַרישקייטן. קריכן אין שאַכטע, קעדיי זיך פאַרגעסן... און ביכלאַל, וואָס פאַר אַ פאַרגעסן זיך. ווען פאַרגעסן זיך... ווי זאָגסטו?

— איך וויל וועגן דעם ניט טראַכטן.

דער, וואָס האָט אַזוי געענטפערט, איז, ווייזט אויס, געווען אַ יונגער מענטש.

— ניין, אַ מענטש דאַרף שטענדיק טראַכטן.

— און וואָס וועט דעמלט טאָן נאַטשאַלסטווע?

— זאָג מיר נאָר, ווי וואָלט געווען, ווען מע לייגט דיר, אַשטייגער, פאַר ניט אַרבעטן. און מע לאָזט דיך פּאַשעט אַרומדרייען זיך פּוסט־און־פּאַס איבער דער זאָנע. וואָלסט איינגעגאַנגען אַף דעם?

— ס'איז אָפּהענגיק, אַף וויפל.

— אַפן גאַנצן סראָק[2].

— ע, דאָס ניט. כ'האָב שוין איינמאָל פאַרזוכט דעם טאַם פון אַרומדרייען זיך פּוסט־און־פּאַס איבער דער זאָנע. קימאַט אַ גאַנץ יאָר גאָרנישט געטאָן, זיך נאָר געאַמפּערט מיטן „קום“[3] און מיטן נאַטשאַלניק, זיי טייַנען: „גיי אין שאַכטע“, און איך: „גראַזשדאַניִן[4] נאַטשאַלניק, כ'האָב דאָרט גאָרניט אָוועקגעלייגט, איך זאָל עס גיין נעמען“. האָט מען מיך אַרייַנגעזעצט אין בור[5]. אָפּגעזעסן, וויפל מע האָט מיר אַרייַנגעטיילט, און ווידער דאָס זעלבע, איך זאָל נאָר גיין אין שאַכטע, און איך — איינמאָל ניין. האָט מען מיך אַרייַנגעזעצט אין קאַרצער. אָפּגעזעסן אין קאַר־צער און נאָכאַמאָל דאָס זעלבע: איך גיי ניט, און שוין. איז ווייסטו, צו וואָס זיי האָבן זיך דערטראַכט? מיך איינגאַנצן ניט צולאָזן צו קיין אַרבעט. אין ערגעץ ניט. דריי כאָדאָשים האָב איך אויסגעהאַלטן, און אַפן פערטן בין איך אַליין אַוועק זיך בעטן אין שאַכטע. אַפּאָנעם, אַז דער מענטש איז שוין אַזוי באַשאַפן, אַז ער קאָן ניט אויסקומען אָן אַרבעט. ווען איך אַרבעט, דערפיל איך זיך פאַר אַ מענטש. ס'ווילט זיך אַליין אַמאָל באַווייַזן, וואָס קאָן איך אויפטאָן אַפילע דעמלט, ווען איך בין ניט אַף דער פריי.

צוויי שמאָלע פּאַסן שייַן האָבן זיך איבערגעקרייצט אינעם כוישעך אונטער דער סאַמע קראָוליע און פאַרשוווּנדן. זבערטשוק האָט ווייַטער זיך צוגעהערט צום שמועס.

— אין קרים ביסטו אַמאָל געווען?

— כ'האָב נאָך ניט באַוויזן זיך אַרומשלייַען איבער קוראָרטן.

— איך בין נאָך אויך קיינמאָל אין לעבן ניט געווען אַף קיין קוראָרט, כאָטש איך האָב פאַר דער מילכאָמע געוווינט אין קרים. אין אַ קאָלווירט הינטער דזשאַנקאָי. און דזשאַנקאָי, קאָרעש[6],

---

[1] דערלאַנג, דערלאַנג. [2] טערמין. [3] אַזוי האָט מען אין לאַגער גערופן די אָפּעראַטיווע באַפּולמעכטיקטע. בוכשטעבלעך: מעכוטן. [4] בירגער. [5] באַראַק פון שטרענגן רעזשים. [6] דאָ געמיינט: ברודערקע.

איז דיר ניט יאַלטע און ניט סעוואַסטאָפּאָל. ס׳איז הוילער סטעפּ. דאָרטן, אַז סע גייט ווינטער אַ דריי די זאַווערוכע, קאָן מען די נאָז פון שטוב ניט אַרויסשטעקן. עס טרעפן טעג, אַז דו ווערסט מיט קיין מאַזשאַרע קוריי די שטוב ניט אָנהייצן. ס׳בלאָזט אויס. דער קאָלווירט האָט מיך איינמאָל געשיקט קיין דאָנבאַס קריגן אַ וואַגאָן קוילן. אַז איך האָב געבראַכט די קוילן, איז אין קאָלווירט געווען אַ גאַנצער יאָמטעוו. און איצט שטעל זיך פאָר, וויאַזוי מע האָט באַגעגנט אין לענינגראַד באַכן דורכרייַסן די בלאָקאַדע די עשעלאָנען קוילן, וואָס זייַנען געגאַנגען פון דאָנען. מיר זייַנען מיט דיר פראָנטאָוויקעס. מיר קאָנען ניט פאַרגעסן, אַז די עשעלאָנען קוילן פון אונדזער שאַכטע גייען קיין לענינגראַד. דאָס וויפלטע יאָר ביסטו שוין דאָ?

— באַלד דרייַ יאָר.

— אײַנגאַנצן? ביסטו, הייסט עס, אַהער געקומען, ווען דאָ איז שוין, קאָן מען זאָגן, געווען אַ קוראָרט. יאָ, קאָרעש, אַ קוראָרט: באַראַקן, נאַרעס, מאַטראַצן. איך אָבער האָב דאָ נאָך געטראָפן אַזוינס, אַז גלייַכער וועגן דעם ניט געדענקען. ווייסט אָבער, וואָס כ׳וועל דיר זאָגן? איך גרויס זיך מיט דעם.

— מיט וואָס?

— נו, פאַרשטייט זיך, אַז ניט מיט דעם, וואָס מע האָט מיך געמאַכט פאַר אַ „זעקאַ“, נאָר מיט דעם, וואָס איך האָב געבויט די שאַכטע, אין וועלכער מיר אַרבעטן מיט דיר, און דורכגעלייגט אין דער טונדרע די אײַזנבאַן פאַר די עשעלאָנען, וואָס גייען פונדאַנען קיין לענינגראַד. אָט אַזוי, קאָרעש.

זבערטשוק האָט זיך געלאָזט גיין מיטן פינצטערן שטרעק צו דעם ווערטיקאַלן סטוואָל[1] און אַליין ניט באַמערקט, וויאַזוי ס׳איז געשען, וואָס ער האָט זיך געטראָפן אין דער לאַווע, ווו די צוויי האָבן געשמועסט.

— כ׳שטער אייַך ניט?

— מיר האָבן ניט קיין סוידעס, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניטשעק.

„דער באָכער שפּאַסט, צי ער האָט ווירקלעך דערזען אין אים עפּעס אַזוינס, וואָס שיידט אים אונטער פון אַזעלכע, ווי ער און זייַן כאַווער“, — האָט קאַלמען אַ טראַכט געטאָן, דערלאַנגענדיק דעם יינגערן די האַנט.

— קאַלמען זבערטשוק, דער זעלבער גראַזשדאַנין נאַטשאַלניטשעק, וואָס איר. — און אײַנקוקנדיק זיך אינעם צווייטן, אינעם עלטערן, וואָס איז געזעסן אויפן אָנגעהאַקטן באַרג קוילן, געזאָגט: — און מיט אייַך זייַנען מיר, דאַכט זיך, אַלטע באַקאַנטע.

דער עלטערער האָט אָנגעשטעלט אויף אים דאָס שאַכטיאָרן־לעמפּל.

— מיר האָבן זיך מיט אייַך געטראָפן בײַ דער אינסטרומענטאַלקע.

ווי איטלעכער אין דער פרעמד, פלעגט אויך קאַלמען זבערטשוק זיך דערפרייען מיט יעדן לאַנדסמאַן. פאַר לאַנדסלײַט האָט ער פאַררעכנט ניט נאָר יענע, וואָס האָבן געשטאַמט פון זייַן היים, נאָר אויך די אָנגעפאָרענע דעמאָביליזירטע, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן פאַר באַפרייַען פוילן. מיט די דאָזיקע דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן און אָפיצערן האָט ער זיך באַפרייַנדעט מער, ווי מיט די פאַרבליבענע יידישע מישפּאָכעס, מעגלעך דערפאַר, וואָס זיי האָבן מיט אים געאַרבעט צוזאַמען אויף איין שאַכטע און ער האָט זיך מיט זיי געטראָפן טאָגטעגלעך, און עפּשער דערפאַר, וואָס זיי האָבן אים געבראַכט אַ לעבעדיקן גרוס פון דער ווייַטער היים, דערציילט, וואָס דאָרט טוט זיך איצט, ווי ס׳ווערט אויפגעבויט דאָס לעבן. אין די צוויי פאַרבליבענע מישפּאָכעס, ווען ס׳פלעגט קומען צו רייד וועגן דער ווייַטער היים, האָט מען שטענדיק אָנגעהויבן פונעם אָמאָל און פאַרענדיקט מיט דעם, אַז אויף בעסאַלמענס און כורוועס וועט מען פונסנייַ קיין לעבן ניט אויפבויען. ער האָט זיך דאָ שטענדיק געפילט, ווי אַן אָוול, וואָס איז געקומען זיך זעצן שיווע. דאָך איז ער בײַ זיי געווען אַן אָפטער גאַסט, ווייַל דאָ האָט ער זיך געקאָנט דורכריידן אויפן זינגעוודיקן פוילישן יידיש, נאָך וועלכן ער האָט געבענקט די אַלע יאָרן. צווישן די לאַגערניקעס, וואָס האָבן מיט אים געאַרבעט אין שאַכטע, זייַנען אויך געווען ניט ווייניק יידן. ווער זיי זייַנען, פונוואַנען זיי זייַנען, האָט קאַלמען ניט געוווּסט. ס׳איז אים עפּעס קיינמאָל ניט אויסגעקומען פאַרפירן מיט זיי אַ רייד, און אויסער דעם, האָט ער זיך געמוזט האַלטן פון זיי, ווי פון אַלע לאַגערניקעס, אָן אַ זייַט. אָבער איצט אין לאַווע האָט ער וועגן דעם פאַרגעסן.

נאָך דעם ווי קאַלמען האָט דערמאָנט דעם עלטערן „זעקאַ“, ווו ער האָט זיך מיט אים געטראָפן, האָט דער באַיאָרטער שאַכטיאָר, וואָס איז געזעסן אויפן באַרג קוילן, זיך אויך פאָרגעשטעלט:

— איסיי ניקאַנאָראָוויטש שאַפּראָוו, ביוושי[2] שיע שאַפּיראָ. וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר?

---

[1] שאַכטע־ברונעם.

[2] געוועזענער.

— גאָרניט.

— אײַך וווּנדערט, זע איך, וואָס אַ ייִד האָט זיך אַ נאָמען געגעבן ניקאָנאָראָוויטש און צוגע־טשעפּעט צו דער פאַמיליע אַן „אָוו“. יאָ? איר וועט דאָ באַגעגענען ייִדן, וואָס הייסן פּיאָטער פּיאָדאָראָוויטש מאַיאָראָוו, אַלעקסיי אַלעקסייעוויטש ריאַבאָוו, גריגאָרי איוואַנאָוויטש פּשעניצאָוו... מיט איין וואָרט, אַלץ אויפן „אָוו“. דאָס זײַנען אַלץ געוועזענע קריגסגעפאַנגענע. ווען ניט אָט דער „אָוו“, וואָלטן זיי שוין לאַנג אומגעקומען בײַ די פאַשיסטן. — ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, און דאָס ליכט פונעם בלייכן לעמפּל אויפן אײַנגעבויגענעם דאַשעק איז געפאַלן אויף זײַן פּאָנעם מיט די גרויסע שוואַרצע אויגן.

— איר רעדט ייִדיש? — האָט זבאַרטשוק געפרעגט.

— בײַ אונדז אין קאַלווירט האָבן אַפילו דײַטשן גערעדט ייִדיש.

— דײַטשן?

— אין אונדזערע ייִדישע קאַלווירטן פון קרים האָבן געוווינט קאַראַימער, בולגאַרן, דײַטשן, און ווער ניט? אַ פולנער אינטערנאַציאָנאַל. ווען מען איז פאַר דער מלחמה אַנגעגאַנגען, ווער מע איז. — און, ווענדנדיק זיך צו דעם יונגן שאַכטיאָר מיט די קורץ אונטערגעהאַקטע וואָנצע־לעך, וואָס האָבן זיך קוים אָנגעזען אויפן פאַרשטויבטן פּאָנעם, געזאָגט: — האָב קיין פאַריבל ניט, וואַזגען, וואָס מיר ריידן אויף מאַמע־לשון. ס׳איז דאָך אַ לאַנדסמאַן, אויך אַ ייִד.

— ווען מען אַרט עס, אויף וועלכער שפּראַך דו רעדסט. אָט איך, זעסטו, קען ניט מײַן אייגענע שפּראַך — אַרמעניש. כ׳בין געבוירן און אויסגעוואַקסן אויף דער לענע, און אין דער היים בײַ אונדז האָט מען קיינמאָל ניט גערעדט קיין אַרמעניש. גלייבן זיי אָבער מיר ניט, די לאַנדסלײַט מײַנע, טשודאַקעס. דאָס, וואָס איך קען ניט ריידן קיין אַרמעניש, האָט מיך איינמאָל גאַנץ טײַער געקאָסט! אָט דאָס איז געווען אַ געשיכטע, שוין איינמאָל אַ געשיכטע. — און ניט וואַרטנדיק, מע זאָל אים בעטן, טאַקע באַלד אַרויסגעלייגט:

— געווען איז דאָס אין די ערשטע כאָדאָשים פון דער מלחמה. איך בין דעמאָלט געווען אין אַ רעזערוו־פּאָלק. הינטער וואָראָנעזש זײַנען מיר געשטאַנען. אין אַ דאָרף קראַסנע. ס׳איז שוין געווען טיפער אָסיען. אַ בלאָטע מיט אַ קעלט, און הונגעריק זײַנען מיר געווען, ווי די וועלף. דער גאַנצער פּאַיאָק איז באַשטאַנען פון הונדערט פּופּציק גראַם סוכאַרעס און אַ קעסעלע שיטער געקעכטס אויף צווייען. איך האָב געהאַט אַ כאַווער, סערגיי. פלעגן מיר זיך אַרײַנכאַפּן אין די גערטענער און נישטערן, עפּשער האָט זיך דאָרט ערגעץ פאַרוואַלגערט אַ געפרוירענע קאַר־טאָפל, אַ מערל, אַ ציבעלע. איינמאָל, ווען מיר האָבן אַזוי גענישטערט אין אַ גאָרטן, דערזעען מיר פּלוצעם אָנפאָרן אַ מיליטערישע טייל. דורך קראַסנע פלעגן אָפט דורכפאָרן אויפן פראָנט מיליטע־רישע טיילן. יעדעס מאָל פלעגן מיר זיך לאָזן צום אָבאָז, צו דער קיך. אַמאָל פלעגט געלינגען אָנשטאָפּן אַ קעסעלע קאַשע, אַמאָל ניט. דאָס מאָל האָבן מיר ניט באַוויזן אַרויס פונעם גאָרטן, ווי דער קעכער האָט גענומען אונדז רופן צו זיך.

— וואָס שרײַט ער? — האָט געפרעגט סעריאָזשע.

דער קעכער האָט זיך געלאָזט לויפן צו מיר מיט אויסגעשטרעקטע הענט און עפּעס געשריגן צו מיר. נאָר כ׳האָב קיין וואָרט ניט פאַרשטאַנען און צעפּירט מיט די הענט.

— וואָס איז געשען? — האָב איך אים געפרעגט.

ער האָט מיך אָפּגעשטויסן פון זיך און בייז אַ געשריי געטאָן שוין אויף רוסיש:

— אַן אַרמענער, און שעמסט זיך ריידן אויף אַרמעניש?!

— איך פאַרשטיי ניט קיין אַרמעניש, — האָב איך צעטומלט געענטפערט.

— ס׳קאָן ניט זײַן! ניטאָ קיין אַרמענער, וואָס זאָל ניט פאַרשטיין אויף אַרמעניש. קום! — האָט ער זיך געווענדט צו סערגייען. ער האָט אים אָפּגעשניטן אַ האַלב לעבל ברויט, אָנגעשאָטן אַ פולע פילאָטקע מיט צוגעברוינטער הירזשענער קאַשע, דערלאַנגט אַ פּעקל מאַכאָרקע און אים אָנגעזאָגט, ער זאָל ניט וואַגן מיר געבן אַפילו פאַרייכערן. אָט אַזאַ געשיכטע.

— צווישן ייִדן קאָנט איר טרעפן אַ סאַך, וואָס פאַרשטייען ניט קיין ייִדיש, כאָטש עס גע־פינען זיך צווישן אונדז אַזעלכע, וואָס האַלטן, אַז דער, וואָס קען קיין ייִדיש ניט, איז קיין ייִד ניט, — האָט זיך אָנגערופן שאַפּיראָ. און, ווענדנדיק זיך צו קאַלמענען, געפרעגט: — איר זײַט, קענטיק, אַ פוילישער ייִד?

— יאָ, פון פוילן, — האָט קאַלמען צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. די שמאָלע פאַסן שײַן פונעם שאַכטיאָרישן לעמפּל אויפן דאַשעק האָבן איבערגערוקט דעם געדיכטן כוישעך אין לאַווע פון איין ווינקל אין צווייטן.

— און זײַט, זאָגט איר, אָפּגעווען די גאַנצע מלחמה אויפן פראָנט. אויב אַזוי, דאַרף איך אײַך ניט דערציילן, וואָס אַזוינס דער דײַטש איז. ווי אָבער, אַז כ׳וועל אײַך זאָגן, אַז אַ דײַטש,

איר פאַרשטייט, אַ דײַטש, און אַן אָפיצער נאָך דערצו, האָט מיך מיט נאָך איינעם אַ ייִדן געראַטעוועט פון טויט און ביידן אונדז אויסבאַהאַלטן דערנאָך בײַ זיך אין דײַטשלאַנד, בײַ זיך אפן מאַיאָנטעק?

— און ער האָט געוווּסט, אַז איר זײַט ייִדן? — האָט אויסגעשריִען וואַזגען.

שאַפּיראָ האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ, און די שײַן פונעם לעמפּל איז געפאַלן אף זײַן ביינערדיקן פּאָנעם:

— דאַכט זיך, מע דאַרף זיך איבעריקס ניט צוקוקן, מע זאָל דערקענען, אַז איך בין אַ ייִד, כאָטש רוסיש, ווי איר הערט, רייד איך, ווי אַן עכטער רוס.

— אַ דײַטש, זאָגט איר? — האָט זבערטשוק געפרעגט, דערמאָנענדיק זיך, ווי דער דײַטש אף דער גרענעץ האָט צו אים געשריגן: „דומער יודע, וואַנזיניקער יודע"...

— איר זײַט שוין באַלד ווי מײַן אויספאָרשער. יענער גלייבט אויך ניט. ווי האָט געקאָנט זײַן, אַז אַ דײַטש זאָל ראַטעווען אַ ייִדן. ס'איז אָבער געווען. איר פאַרשטייט! געווען.

— כ'ווייס, כ'ווייס, — האָט קאַלמען צוגעשטימט. נאָר שאַפּיראָ האָט אים ניט געהערט. זײַן קאָל איז געוואָרן שטרענגער.

— דערפאַר, וואָס מײַן אויספאָרשער האָט ניט געוואָלט זען אינעם מענטשן דעם מענטשן, האָט ער לײַדוויג זאָמערן, אַזוי האָט מען גערופן דעם דײַטש, וואָס האָט מיך געראַטעוועט, דערקלערט פאַר היטלערס אַ געהיימען אַגענט און מיך פאַר אַ פאַרעטער פונעם פאָטערלאַנד. פינף און צוואַנציק יאָר מיר געגעבן. איך זאָל ניט זײַן קיין פאַרעטער, — האָט דער אויספאָרשער געטײַנעט, — וואָלט איך ניט אַרײַנגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. איך וואָלט זיך דערשאָסן. און פאַרוואָס, זאָגט מיר, דאַרף איך מיט דער לעצטער קויל שיסן זיך און ניט דעם סוינע? פאַרוואָס? אין וועלכן סטאַטוט ווערט עס געזאָגט? און ווען כ'זאָל אפילע געווען דעמלט פאַרויסזען, וואָס מײַן צוקינפטיקער אויספאָרשער וועט פון מיר פאָדערן, וואָלט איך סײַווי עס ניט געקאָנט טאָן. אײַך איז אויסגעקומען אָנטיילנעמען אין אַ שלאַכט אף די גאַסן?

קאַלמען האָט שווײַגנדיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אף ניין.

— אין סעוואַסטאָפּאָל האָבן מיר זיך געשלאָגן פאַר יעדער שטוב. אין איינער אַ כורווע האָבן אף מיר אומגעריכט זיך אַרופגעוואַלגערט עטלעכע דײַטשן.

פאַרזיכטיק, ס'זאָל קיין שטיינדל ניט אַ שאָרך טאָן, האָט קאַלמען זיך צוגעזעצט אף די קוילן, געבנדיק מיט דעם ווי צו וויסן, אַז אים גייט ניט אָן, וואָס די באַנאַכטיקע וואַכטע האָט זיך געענדיקט און עס איז שוין צײַט גיין אַהיים. ער איז גרייט דאָ צו זיצן אין דער פײַכטער קעלט ביז שפּעט אין אָוונט און הערן. שיִע שאַפּיראָ האָט עס, ווײַזט אויס, דערפילט. פאַרגעסן, אַז די ברייגאַדעס קלײַבן זיך שוין באַם טליִענדיקן טעריקאָניק, האָט ער פאָרגעזעצט:

— איר זײַט ביידע פראָנטאָוויקעס, האָב איך אײַך ניט וואָס צו דערציילן, וואָס איז אַזוינס אַ באַלאַגערטע שטאָט, און נאָך אַזאַ, ווי סעוואַסטאָפּאָל. איך ווייס ניט, ווי איז געווען אין אַנדערע טיילן, בײַ אײַך, אַשטייגער, צי בײַ דיר, — האָט ער זיך געווענדט צו דעם אַרמענער, — נאָר אין אונדזער טייל זײַנען געווען אַ סאַך ייִדישע רויטאַרמייער. מיסטאָמע דערפאַר, וואָס קימאַט די גאַנצע יוגנט פון די קרימער ייִדישע דערפער איז געווען אין סעוואַסטאָפּאָל. וואָס פאַרא באַכערים זײַנען דאָס געווען! דעמבן, איינס אין איינס. און די עלטערע? אײַך, -- האָט ער זיך געווענדט צו זבערטשוקן, — דאַרף איך, דאַכט זיך, ניט דערציילן, וואָס איז אַזוינס אַ קאַצעוו, אַ פורמאַן, אַ טרעגער, און צווישן די ייִדישע פויערים פון קרים האָבן קיין געוועזענע קאַצאָווים, פורמאַנעס און טרעגער ניט אויסגעפעלט. דאָס זײַנען געווען יענע דעמבענע ייִדן, וואָס האָבן בײַ זיך אין די שטעטלעך בייס דעם בירגערקריג מיט האַלאַבאַליעס, דרענגלעך, העק באַגעגנט די באַנדעס. שיסן זיך האָב איך געדאַרפט!.. ניין, אויב שוין אומקומען, איז, ווי אונדזער פיניע צירלין, וואָס האָט, ווי די מאַטראָסן, זיך אַרומגעגאַרטלט מיט גראַנאַטן און זיך אַ וואָרף געטאָן אונטער אַ טאַנק.

אינעם שטרעק האָבן די קאַלטע ברודיקע טראָפּנס פון די ווענט און פונעם באַלקן געהאַלטן אַלץ אין איין ציילן די רעגעס. שאַפּיראָ האָט זיך אַ ווײַלע צוגעהערט צו דעם אומעטיקן, לאַנגווײַליקן טריף־טראַף, טריף־טראַף, און אָנווײַזנדיק זבערטשוקן אף וואַזגענען, ווײַטער גערעדט:

— מיר איז ניט אויסגעקומען, אָט ווי אים, זײַן אין אַשווענטשים. ס'איז אָבער גענוג געווען דורכגיין די צוויי הונדערט קילאָמעטער פון סעוואַסטאָפּאָל ביז פרײַדאָרף, אַז מע זאָל דערפילן און קיינמאָל אין לעבן ניט פאַרגעסן, וואָס הייסט זײַן אַ קריגסגעפאַנגענער בײַ די דײַטשן.

ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אף דעם באַרג שטיינקוילן, ווי ער זאָל מוירע האָבן זיך אַראָפּגליטשן. די בלייכע שײַן פונעם לעמפּל האָט צוזאַמען מיט זײַן שאָטן זיך אומרוּיִק געוויגט איבער די ווענט.

— די, וואָס האָבן מיט מיר דעמלט דורכגעמאַכט דעם דאָזיקן וועג און זײַנען געבליבן לעבן, וועלן עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. איר ווייסט, וואָס איז אַזוינס דער קרימער סטעפּ אין די הייסע זומערדיקע כאַדאָשים, ווען וואָכנלאַנג פאַרבלאָנדזשעט ניט קיין וואָלקנדל אין הימל און די זון גליט אָן פאַרן טאָג דעם שטויב אַף די וועגן, אַז מ׳קאָן זיך צו אים ניט צורירן... און אונדז האָט מען געטריבן באָרוועס אָן אַ טראָפּן וואַסער. ניט צוגעלאָזט נאָענט אַפילו אונטערן שאָטן פון די איינצלנע ביימלעך אַפן וועג. אַפן אַנדערן טאָג האָט אונדז אָנגעיאָגט אַ סוכאָוויי[1] און האָט אונדז שוין באַגלייט ביזן סאַמע לאַגער. אַ סוכאָוויי אַפן קרימער סטעפּ — דאָס איז אַ קאַלך־אויוון. אַלץ ברענט און סאַרפּעט. איך בין אויסגעוואַקסן אַפן קרימער סטעפּ, און דאָך האָב איך זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז כ׳וועל אויסהאַלטן. וויפל פון אונדז זײַנען דעמלט געבליבן ליגן אינעם גרויען אָנגעגליטן שטויב... איז עמעצער אָפּגעשוואַכט געוואָרן, האָט מען אים דערשאָסן.

— אונדז האָט מען אויך אַזוי געטריבן, — האָט זיך אָנגערופן וואַזגען, וועלכער האָט, ווי־ײַזט אויס, אויך פאַרגעסן, אַז די בריגאַדעס קלײַבן זיך שוין באַם טויער.

— אַז מע טרײַבט אונדז קיין פרײַדאָרף, האָב איך זיך אָנגעשטויסן ערשט אַפן דריטן טאָג, ווען מיר זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען סאַקי — אַ שטעטל באַם יאַם ניט ווײַט פון יעווּפּאַטאָריע. אין פרײַדאָרפער ראַיאָן זײַנען פאַר דער מילכאָמע געווען אַ סאַך יידישע דערפער, און ס׳איז מיר מיטאַמאָל דורכגעלאָפן אַ געדאַנק: אין די יידישע דערפער זײַנען געווען ווײַנגערטנער, איז עפּשער אין זכוס פון די ווײַנגערטנער, וואָס אונדזערע עלטערן האָבן פאַרפלאַנצט, האָט מען אונדז, די יידישע רויטאַרמייער, דערווײַל געלאָזט לעבן. אַראָפּנעמען די גערעטעניש קאָן יעדער. אָבער אײַנדעקן די ווײַנגערטנער אַף ווינטער איז שוין ניט אַזוי פּראָסט, דאָס דאַרף מען קענען. און אין דער זעלבער צײַט ריכט איך זיך יעדער רעגע דערהערן: „קאָמיסאַרן, קאָמוניסטן, יידן...‟ דער עלטערער פאַרוואַקסענער רויטאַרמייער, וואָס איז געגאַנגען לעבן מיר, האָט ווי אונטערגעהערט מײַנע געדאַנקען און אַ זאָג געטאָן:

— זיי פירן אונדז שיסן.

— פאַרוואָס קלערט איר אַזוי? — האָב איך אים געפרעגט, כאָטש איך בין געווען קימאַט זיכער, אַז דער שאָכן איז גערעכט.

— זיי טרײַבן אונדז טיפער אין סטעפּ און מײַדן אויס די יישוּווים. זיי ווילן ניט, מע זאָל וויסן, ווו אונדזער געביין איז אַהינגעקומען.

שווער און לאַנגווײַליק האָבן אינעם כווישעכדיקן שטרעק געטריפט פון די ווענט און פונעם באַלקן די קאַלטע ברודיקע טראָפּנס און אָנגעיאָגט אַן אומעט מיט זייער איינטאָניקן „טריף־טראַף‟, פּונקט ווי דער „היך־הער, היך־הער‟ פונעם אומרו אינעם גרויסן הילצערנעם זייגער באַנאַכט אין באַראַק.

— אַפן וועג צווישן דזשאַנקאָי און אונדזער קאָלווירט איז געווען אַ בעסאַלמען. ווען כ׳פלעג אַמאָל באַנאַכט דורכפאָרן פאַרבײַ דעם בעסאַלמען, האָב איך זיך ניט געקאָנט צווינגען ניט טראַכטן וועגן די טויטע. און דאָ, ווען די פאַרסאַרפּעטע גראָזן באַם וועג, די קנוילן קורײַ, וואָס דער סוכאָוויי האָט געטריבן איבערן סטעפּ, האָבן ווי ניט אויפגעהערט איבערכאַזערן דעם שאָכנס ווערטער: „זיי פירן אונדז שיסן, זיי פירן אונדז שיסן‟, האָב איך זיך געצוווּנגען ניט טראַכטן וועגן טויט. דער טויט איז געגאַנגען באַנאַנד מיט אונדז, און איך האָב געטראַכט וועגן וואָס נאָר איר ווילט אין דער וועלט, נאָר ניט וועגן טויט. ניט אַנדערש, אַז דעם מענטש איז פּאָשעט אוממעגלעך זיך פאָרשטעלן, אַז אין אַ רעגע צי אין אַ שאָ אַרום קאָן פּלוצעם אַף אייביק פאַרשווינדן פון אים דער טיפער בלויער הימל, דער ברייטער קײַלעכיקער סטעפּ.

## XXVI

בייסן דערציילן האָט שיִע עטלעכע מאָל באַטאַפּט די קעשענעס. געזוכט, ווי־ײַזט אויס, צו פאַרייכערן, ווי ער זאָל געווען פאַרגעסן, אַז דער ליפּטיאַר האָט אים אונטערזוכט, ווי יעדן איינעם, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אין שאַכטע, צי האָט ער בײַ זיך ניט קיין פּאַפּיראָסן און שוועבעלעך. גאָר־נישט ניט געפונען, האָט ער טיף אַרײַנגעצויגן אין זיך די קילע פײַכטע לופט פון דער לאַווע און לאַנגזאַם זי אַרויסגעלאָזט צוריק דורך די נאָזלעכער.

— איר וועט ניט גלייבן, — האָט ער ווײַטער דערציילט, — נאָר אין דעם דײַטשישן סאָלדאַט, וואָס האָט אונדז געטריבן אין דער סאַקאָנעסדיקער היץ, האָב איך פאַרגעזעצט, ווי דער

---

[1] אַ טרוקענער ווינט.

טאטע מײַנער האָט מיך געלערנט, זוכן דעם מענטשן. כ׳האָב געוואָלט פאַרשטיין, ווער איז ער, אָט דער, וואָס גייט לעבן מיר מיטן אָנגעשטעלטן אווטאָמאַט. ווער איז ער? איך געדענק, ווי יעדעס מאָל, ווען כ׳האָב געזען, ווי ער ווישט אויס מיטן טיכעלע דאָס פאַרפלאַמטע פּאָנעם אָדער ווי ער טראָגט צו די פליאַגע צום מויל, האָב איך בא זיך געטראַכט: „ער פילט דאָך אויך, ווי מיר, די היץ, דורשט. וואָס זשע איז אין אים פאַראַן אַזוינס, וואָס ער קאָן לעם הונגעריקע, פאַרשמאַכטע, אויסגעצערטע מענטשן זיך אַוועקשטעלן עסן, טרינקען, לאַכן, שפּאַטן? וואָס איז אין אים פאַראַן אַזוינס, וואָס ער קאָן קראַנקע, אויסגעמאַטערטע מענטשן אונטעריאָגן, שרײַען „שנעלער, שנעלער“, און ווען עמעצער שטייט אָפּ, אָנשטעלן אַף אים דעם אווטאָמאַט? ס׳קאָן דאָך זײַן, אַז ער, דער קאָנוואָיִר, וואָס גייט לעבן מיר, איז, ווי איך, געווען אַמאָל אַ פּויער, און אויב אפילע ניט קיין פּויער, איז ווי קאָן מען עס אַזוי רויִק טרעטן איבערן צײַטיקן ווייץ?

— כ׳האָב געזען שרעקלעכערס.

— וואַרט אַ ווײַלע, — האָט שיִע אָפּגעשטעלט וואַזגענען, — דאָ גייט אין עפּעס אַנדערש. איך בין געגאַנגען און געטראַכט: כ׳האָב דאָך דעם קאָנוואָיִר קיינמאָל אין לעבן ניט געזען. מיר האָבן קיינמאָל ניט געוווּסט און ניט געהערט איינער פונעם אַנדערן, און אויב ער איז אַ פּויער צי אַן אַרבעטער, האָבן מיר דאָך זיכער איינער דעם צווייטן קיין שלעכטס ניט געטאָן. און נאָך האָב איך געטראַכט: מיר זײַנען מיט אים אַן ערעך אין איינע יאָרן. האָט זיך געקאָנט פאַרשטעלן מײַן מוטער, אַז אין דעם זעלבן טאָג און, מעגלעך, אין דער זעלבער שאָ וועט פּונקט אַזאַ פרוי, ווי זי, געבוירן אַ זון, וועלכער וועט אָן אַ שום פאַרוואָס אומברענגען איר זון... מילכאָמע איז, פאַרשטייט זיך, מילכאָמע. מענטשן ברענגען אום איינער דעם צווייטן. אָבער אייפעלעך אין די וויגן, אַלטע, צעבראָכענע לײַט, וואָס קאָנען שוין אַליין ניט אַראָפּגיין פון בעט, זײַנען דאָך ניט קיין סאָלדאַטן, און אַנטוואָפנטע געפאַנגענע זײַנען דאָך אויך שוין ניט קיין סאָלדאַטן. וואָס זשע איז אַזוינס פאַראַן אינעם דײַטשישן קאָנוואָיִר, וועלכער שפּאַנט לעבן מיר, וואָס אים פאַרשאַפט פאַרגעניגן אָנקוקעטשן אָפן צינגל פונעם אווטאָמאַט?

דער ברענענדיקער פראָסט אין דרויסן, וואָס האָט געקרישלט די זעגן פון דער צירקוליאַרקע, פאַרבלויט און פאַרהאַרטעוועט די אָנגעוואַליעטע בערג שניי, איז, דוכט זיך, אַרײַנגעדרונגען אַהער, אין דער טיפער, ווײַטער לאַווע. ס׳איז אָבער געווען ניט יענע פראָסטיקע קעלט, פון וועלכער מע קאָן זיך אויסבאַהאַלטן. די דאָזיקע קעלט איז געווען אַן אַנדערע, אַן אינערלעכע. זי איז געווען באַקענט קאַלמענענען נאָך פון קינדווײַז, ווען ער איז אין אַ הייסן זומער־טאָג געלעגן באַהאַלטן מיט דער מישפּאָכע אַף אַ בוידעם בײַס אַ פּאָגראָם פון די ווײַסע פּאָליאַקן אין שטעטל.

פון דער ערשטער מינוט, וואָס שאַפּיראָ האָט אָנגעהויבן דערציילן, האָט דער יונגער וואַזגען דערפילט, אַז איסײַ וועט שוין גאָרנישט דורכלאָזן, גאָרנישט איבערהיפּערן. ווי אַלע שווײַגערס, קוים הייבט ער שוין אָן צו ריידן, מוז ער זיך אויסריידן ביזן סאָף.

— מיט יעדן טאָג האָבן זיך אונדז אַלץ אָפטער באַגעגנט אין וועג ווײַסע דערפער מיט רויטע דעכער פון טשערעפּיצע, מיט סילאָס־טורעמס אַף די קאָלווירטישע הויפן, מיט גרויסע געדיכטע ווײַנגערטנער. אין איינעם אַזאַ דאָרף, — האָט שאַפּיראָ ווײַטער דערציילט, — האָט מען אונדז פאַרנאַכט פאַרטריבן אין אַ גרויסן פאַרמיסטיקטן קאָלווירטישן הויף, וואָס איז געווען אַרומגעצאַמט מיט שטעכיק דראָט. די פּאָליציי, וואָס האָט איבערגענומען איבער אונדז די וואַך, האָט קיינעם פון די עטלעכע פאַרבליבענע רוסישע אײַנוווינער ניט צוגעלאָזט נאָענט. ס׳זײַנען אָבער ניט דורך קיין צען מינוט, ווי מיר האָבן שוין געוווּסט, אַז מיר געפינען זיך אין דאָברו־שינע. געווען אַזאַ יִדישער שרײַבער אין מאָסקווע, דאָברושין. כ׳האָב אים עטלעכע מאָל געזען און געהערט בא אונדז אין דאָרף. אַזעלכע מענטשן פאַרגעדענקען זיך אָפן גאַנצן לעבן. איינמאָל איז ער צו אונדז אַראָפּגעקומען פון מאָסקווע מיט נאָך אַ שרײַבער, פאַרגעסן די פאַמיליע זײַנע. אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט אַ געקרײַזלטן קאָפּ האָר און שיין, ווי די זון. און אַ מויל — פלאַם־פײַער. כ׳האָב נאָך אַזעלכע רעדנער ניט געהערט. געלייענט האָט ער אונדז, געדענק איך, וועגן אַ קאָניוך, וואָס רופט אוף די שקאַפּעס צו דער טוירע, און עפּעס וועגן איינעם אַ גײַ־שאַ־גײַ פון וואַרשע.

— ניט פּערעץ מאַרקיש? — האָט זבערטשוק אים אונטערגעזאָגט.

— וויִאַזוי האָט איר געזאָגט? פּערעץ מאַרקיש? דאַכט זיך, אַז יאָ. ליגן מיר אַזוי אינעם קאָלווירטישן הויף און וואַרטן אַף אונדזער גוירל. די אײַנוווינער פון דאָרף האָבן פונדערווײַטן געפּרווּט מיט אונדז ריידן. פון די באַזונדערע ווערטער, וואָס זײַנען דערגאַנגען צו אונדז דורכן דראָטיקן פּאַרקן, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין די יִדישע דערפער איז שוין קיינער ניט פאַרבליבן. מע האָט דאָרטן אַלעמען אויסגעשאָכטן. מיר האָבן זיך אויך דערוווּסט, אַז מיט אייניקע טעג צוריק האָט מען אַהער, אין דאָברושינע, געבראַכט צו טרײַבן פון סעוואַסטאָפּאָל אַ גרויסע

קאָלאָנע געפאַנגענע און זיי צעשיקט איבער די ייִדישע דערפער צונויפקלײַבן די גערעטעניש. קימאט אין יעדן ייִדישן דאָרף איז איצט א לאגער.

איינע א פרוי האָט זיך אונטערגעגאַנוועט נעענטער צום פארקן און שטיל געפרעגט:

— ייִדן זײַנען דאָ צווישן אײַך?

מיר האָבן געשוויגן.

— אין יענער קאָלאָנע זײַנען געווען עטלעכע ייִדן. איינער א באקאַנטער פּאָליציאַנט, פון אונדזעריקע טאקע, האָט מיר געזאָגט, אז ווי נאָר זיי וועלן אײַנדעקן די ווײַנגערטנער, וועט מען זיי אַלעמען דערשיסן.

קיין סאך ייִדן האָב איך צווישן אונדז ניט אָנגעציילט. מיר זײַנען געווען אזוי פארוואקסן, פארברוינט, פארשטויבט, אז ס'איז שווער געווען אונטערשיידן א ייִדן פון א קאראימער, און א טאָטער פון א קרימטשאק.

אף מאָרגן באגינען זײַנען צוגעפאָרן צוויי מאשינעס: א לאַסטמאשין מיט אווטאָמאטלער און א לײַכטע מאשין, פון וועלכער ס'איז ארויסגעגאנגען א הויכער דארער מענטש אין א גרוי־גרינעם פרענטש מיט א ברייטן באנט אפן ארבל.

— אופשטיין! — האָט ער נאָך פונדערווײַטן אויסגעשריִען מיט א הייזעריקער שטים. — אַלע קראנקע און פארוווּנדעטע דרײַ טריט פאָרויס!

קיינער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

דער איבערזעצער האָט זיך אומגעקוקט צו דעם אָפיצער, וואָס האָט ארומגעשפּאַצירט הין און צוריק לעבן דער מאשין, און העכער גענומען שרײַען:

— איך ווידערהאָל. אין ראיאָן־צענטער האָט די דײַטשישע מאכט אײַנגעאָרדנט א לאזארעט פאר די קראנקע און פארוווּנדעטע קריגסגעפאנגענע. די, וואָס נייטיקן זיך אין מעדיצינישער הילף, דרײַ טריט פאָרויס! נו, גוט! אויב צווישן אײַך זײַנען ניטאָ קיין קראנקע און קיין פארוווּנ־דעטע, וועלן מיר אײַך צעטיילן אף בריגאַדעס. צו הונדערט מאן אין א בריגאַדע. אין די קאָל־ווירטן, ווו איר וועט ארבעטן, זײַנען פאראן לאגערס. דאָרט וועט איר וווינען. פארשטאנען? די ייִדן ווערן געשיקט אין די בריגאַדעס, וואָס וועלן ארבעטן אין די ייִדישע דערפער, ווו ס'זײַנען פאראן ווײַנגערטנער. פארשטאנען? אכטונג! אַלע ייִדן ווערט באפוילן ארויסגיין פון דער ריי.

איינציקווײַז און צו עטלעכע מיטאמאָל זײַנען ארויס פון דער ריי א מאן צוואנציק.

— ווייניק. ווייניק. איך וואָרן, פאר אויסבאהאלטן א ייִדן קומט טויט־שטראָף. פארשטאנען?

צי ווײַל כ'האָב אין יענער רעגע געגלייבט, אז פונעם ווײַנגאָרטן וועט מיר געלינגען אנט־לויפן אין די בערג, צי ווײַל כ'האָב מוירע געהאט, אז צוליב מיר קאָן לײַדן דער שאָכן מײַנער, א באַאָרטער ווײַסרוס, — ס'האָט זיך צווישן אונדז געקאָנט אָפּזוכן א פארעטער, וואָס וואָלט מיך אויסגעגעבן, און עפשער האָט מיך געצווונגען ארויסגיין פון דער ריי דער טעמפּער בליק פונעם איבערזעצער, נאָר איך האָב געמאכט א שפאַן פאָרויס. צוזאמען מיט מיר זײַנען ארויס נאָך עטלעכע געפאנגענע.

— אַלע? איך צייל ביז דרײַ.

איך בין אויסגעוואקסן אפן סטעפּ. נאָר אזא שטילקײַט האָב איך דאָ נאָך קיינמאָל ניט געהערט.

— גוט, גוט, — און גענומען אונדז איבערשרײַבן.

מיטאמאָל האָט ער צוגערופן צו זיך איינעם פון די דערבײַשטייענדיקע פּאָליציאַנטן. ארויס־געכאפּט בא אים פון האנט די נאהײַקע און צוגייענדיק הארט צו מײַן שאָכן, דעם גוואר מיט דער געדיכטער בלאָנדער באָרד און ליכטיקע אויגן, איבערגעפרעגט:

— איז ווי, זאָגסטו, רופט מען דיך?

— אראָן איסאקאָוויטש איוואנאָוו.

— המ, המ. און דיך? — האָט ער זיך אָפּגעשטעלט לעבן א צווייטן רויטארמייער, א שניט טוענדיק די לופט מיט דער נאהײַקע. — נו?!

— איליא מאָיסייעוויטש פּעטוכאָוו.

— און דיך?

— אווראָם מאָרדכעוויטש סאפּונקאָוו.

איידער כ'האָב נאָך באוויזן זיך באגעגענען מיט די צוויי גרינע, ווי פארשימלטע, אויגן פונעם איבערזעצער, האָב איך דערפילט אפן לײַב א שארפן שניט פון דער נאהײַקע.

— נו, און דו האָסט זיך אויך צוגעקליבן א רוסישע פאמיליע?

— דער איז, פארשטייט זיך, א זשיד, — האָט, אָנווײַזנדיק אף מיר, זיך אָפּגערופן דער פּאָליציאַנט און ארײַנגעצויגן דעם לאנגן קאָפּ אין די שמאָלע אקסלען.

— און יענע ווער זײַנען? ניט קיין זשידעס?

דער איבערזעצער איז ווידער צוגעגאַנגען צו דעם גוואַר מיט דער געדיכטער בלאָנדער באָרד, וואָס האָט זיך אָנגערופן אַראָן איסאַקאָוויטש איוואַנאָוו, און אַרײַנגעשריִען אים אין פּאָנעם, ווי אַ טויבן:

— אַ יודע?
— יאָ. יודע.
— און דו ביסט אויך אַ יודע? — איז ער צוגעשפּרונגען צו אַ צווייטן.
— יאָ. מיר זײַנען ייִדן.
— ווער איז דאָס די מיר?
— מיר, די גיירים.
— ווער?

דער פּאָליציִאַנט האָט נאָך טיפער אַרײַנגעצויגן דעם קאָפּ אין די שמאָלע אַקסלען און אָפּגעגאַנגען אָן אַ זײַט, דער יעפרייטאָר זאָל צו אים ניט אויסלאָזן זײַן גרימצאָרן פאַר ניט קאָנען דערקלערן, וואָס איז עס אַזעלכעס אַ גער.

ווען דער איבערזעצער איז אַוועק צו דעם אָפיצער, וואָס האָט אַרומגעשפּאַצירט הין און צוריק לעבן דער מאַשין, האָט דער פּאָליציִאַנט זיך הויך אַף אַ קאָל אויסגעזידלט:

— וואָס מאַראַטשעט איר אַ קאָפּ? איר זײַט דען ייִדן?
— ווער דען זײַנען מיר?
— קאַצאַפּעס.
— ניין, מיר זײַנען ייִדן.
— ייִדן? ווערט מען מיט אײַך טאָן, וואָס מע טוט מיט ייִדן. — און אָנגעוויזן אַף די אויטאָמאַטלער.

אין שטרעק האָבן דורכגעפינקלט עטלעכע ווײַטע פײַערלעך און ניט געוואָרן, ווי פונקען אָפּן ווינט. דאָס איז פאַרשוווּנדן אינעם כוישעך דער עלעקטראָוואָז מיט די אָנגעלאָדענע וואַגאָנעטקעס קוילן. דער טויבער אָפּהילך פון די רעלסן, וואָס האָט דערגרייכט צו דער לאַווע, האָט פאַרשלונגען אין זיך דעם שטילן, אומעטיקן רויש פון די טראָפּנס, וואָס האָבן געטריפט פון די קאַלטע גליטשיקע ווענט.

שאַפּיראָ האָט עטוואָס געהעכערט די שטים:

— ס'איז שוין אַ יאָר צוועלף-דרײַצן דערין. וואָס האָב איך זיך פאַר די דאָזיקע יאָרן ניט אָנגעזען? נאָר דאָס, וואָס איז געשען דעמאָלט אין דאַברושינע, וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן, מע טאָר עס ניט פאַרגעסן. אין אַזאַ צײַט נעמען רוסישע מענטשן, וואָלזשאַנער, און גיבן זיך אָן פאַר ייִדן. זיי האָבן מינאַסטאַם אַפילע ניט געוווּסט, וואָס איז אַזוינס אַ ייִדיש שטעטל, ניט געהערט, אַז ס'איז געווען אַמאָל פּראַוואָזשיטעלסטוואָ, פּראָצענט-נאָרמעס, נאָר אַז פאַר אָנגעבן זיך פאַר אַ ייִדן קריגט מען איצט אַ קויל — דאָס האָבן זיי דאָך זיכער געוווּסט, פונקט ווי ס'האָבן וועגן דעם געוווּסט יענע רוסישע פּרויען, וואָס זײַנען צוזאַמען מיט די ייִדישע מענער געגאַנגען צום גרוב. דער טאַטע מײַנער זאָל געווען וויסן וועגן אָט די מענטשן, וואָלט ער זיכער געזאָגט, אַז דאָס זײַנען יענע צאַדיקים, אַף וועלכע ס'האַלט זיך די וועלט. כאָטש די גיירים האָט ער ניט גערעכנט פאַר קיין ייִדן. זייער איבערפאָרן פון דער וואָלגע אין די קרימער ייִדישע דערפער האָט אונדז אויסגעזען ווילד, און ניט דערפאַר, ווײַל זיי האָבן געדאַוונט פון אַ רוסישן סידער צי געמאַכט קידעש אין רוסיש. איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז פון דעם, וואָס אַ רוסישער מענטש וועט זיך אַ נאָמען געבן אַרן צי מוישע, וועט צוקלאַפּן אַ מעזוזע צו דער טיר און וועט שאַבעס ניט אַרבעטן, ווערט מען נאָך קיין ייִד ניט, פונקט ווי דער ייִד, וואָס פלעגט זיך שמאַדן, איז ניט געוואָרן קיין רוס פון דעם, וואָס ער איז געגאַנגען אין קלויסטער, זונטיק ניט געאַרבעט. ניט דורך דעם ווערט מען אַ ייִד, און ניט דורך דעם ווערט מען אויס ייִד. ווי קלערט איר?

זבערטשוק האָט אָנגעכמורעט דעם שטערן:

— אַ האַרבע שײַלע.

— פאַרשטייט זיך, אַז דעמאָלט האָב איך ניט געטראַכט וועגן דעם אַלץ. דעם גער, וואָס איז געשטאַנען לעבן מיר, האָב איך געזאָגט: „איר זײַט באַם זינען? וואָס טוט איר, מענטש אײנער?" ער האָט מיר געענטפערט: „פאַר דער מילכאָמע האָבן מיר זיך געהאַלטן פאַר ייִדן. זאָלן מיר זיך איצט אָפּזאָגן?" וואָס איז דאָ צו ריידן? לעבן ווילט זיך יעדן, און כ'קאָן ביז איצט ניט פאַרשטיין, ווי האָבן עס געקאָנט די אויספאַרשער באַשולדיקן אַ ייִדן אין פאַראַט בלויז דערפאַר, וואָס אים איז געלונגען זיך אויסגעבן ניט פאַר קיין ייִדן. איך זאָל געווען קאָנען ריידן טאַטעריש, וואָלט איך עפשער דעמאָלט ניט אַרויס פון דער ריי, פונקט ווי עס האָבן געטאָן אייניקע אַנדערע ייִדן. מיינט ניט, אַז אַלע גיירים האָבן דעמאָלט זיך אָנגעגעבן פאַר ייִדן. יעדן איינעם ווילט זיך לעבן, די זאַך איז אָבער אין דעם, וויאַזוי פאַרהיטן דאָס לעבן... מע דאַרף קאָנען לעבן ווי אַ מענטש

און שטארבן ווי א מענטש. אין סעוואסטאָפּאָל האָב איך געזען, ווי עס שטארבן מענטשן. פּיניע צירלין, וואָס האָט זיך ארומגעארטלט, ווי די מאטראָסן, מיט גראנאטן, שטייט מיר די גאנצע צײַט פאר די אויגן.

די עטלעכע מינוט, וואָס דער איבערזעצער האָט זיך פארהאלטן בא דער מאשין, האָבן גע־קאָנט זײַן די לעצטע מינוטן אין מײַן לעבן. כ'האָב ניט אופגעהערט טראכטן וועגן דעם זעלבן, וועגן וואָס כ'האָב געטראכט דעם גאנצן וועג, אז סע קאָן דאָך ניט זײַן, ס'זאָל פּלוצעם און אָף שטענדיק פארשווינדן אָט דער בלויער לויטערער הימל, די העלע ליכטיקע זון, דאָס יונגע סעדל אנטקעגן... וועגן דעם זעלבן האָט אין דער לעצטער רגע מיסטאמע געטראכט אויך פּיניע ציר־לין, ווען ער האָט זיך געוואָרפן אונטערן טאנק, און דאָס שוואַר פארווונדעטע דזשאנקאָיער מיידל, וואָס האָט געפונען אין זיך קויעך ארויס פון אונטער די הארוגים אין גרוב און זיך דערקלײַבן דורך די בערג צו אונדז קיין סעוואסטאָפּאָל. מירל האָט מען זי גערופן. זי איז דערנאָך אומגע־קומען. מיט א ביקס אין דער האנט איז זי אומגעקומען. צו וועמען קאָן מען פארגלײַכן דעם מענטשן? כ'האָב געהערט זאָגן, אז צו א בוים, וואָס שלאָגט זיך דורך אפילע דורך פעלדזן. ס'איז אָבער אלץ ניט דאָס.

צוזאמען מיטן איבערזעצער האָט זיך צו אונדז דערנעענטערט דער אָפיצער.

— ג־יירים און קאראימער זײַנען ניט קיין ייִדן! — האָט דער איבערזעצער אויסגעשריִען. — גיירים און קאראימער, צוריק אָף אײַערע ערטער. מארש!

נאָך איידער איך האָב באנומען, צו וועמען דער אָפיצער האָט זיך עס געווענדט, האָב איך דערפילט א שטארקן שטויס אין אקסל — מארש צוריק!

— דער איז ניט קיין גער, דער איז א יודע, הער אָבערלייטענאנט.

— ער איז אאויך א גער! — האָט דער אָפיצער שטרענג איבערגעשלאָגן דעם איבערזעצער און אים אָפּגעשיקט נאָך עפּעס צו דער מאשין. — דײַטש פערשטייסטו?

— עטוואס.

— זי זינד איין גער. פערשטייען זי?

— יא.

— פאמיליע־נאמען?

— איסיי נאכמענאָוויטש שאפּירא.

— שאפּראָוו. ניקאנאראָוויטש שאפּראָוו. פערשטייען זי? — און, פארצייכענענדיק עפּעס בא זיך אין נאָטיץ־ביכעלע, א געשריי געטאָן: — צוריוק! צוריוק!

צוזאמען מיט מיר האָט זיך אומגעקערט אין דעם ארומגעצאַמטן קאָלווירטישן הויף נאָך איין קריגסגעפאנגענער און אויך מיט א געענדערטער פאמיליע.

נאָך דעם, ווי מע האָט אונדז אלעמען איבערגעשריבן, פאנאנדערגעטיילט אָף בריגאדעס, זײַנען מיר אין דער באגלייטונג פון די אווטאָמאטלער אוועק אָף ארבעט — צונויפקלײַבן די גערעטעניש.

עס זאָל ניט פאלן קיין כשאד אָף אונדז, אָף די „גליקלעכע", האָבן די ייִדן, וואָס זײַנען געווען אין אונדזערע בריגאדעס, זיך געהאלטן מיט אונדז פונדערווײַטנס.

אין עטלעכע טעג ארום איז אָפּן פעלד, ווו מיר האָבן געארבעט, געקומען א לאסטמאשין מיט אן אווטאָמאטלער. ער האָט מיך און דעם צווייטן ייִדן מיט דער איבערגעענדערטער פאמיליע אוועקגעפירט אין ראיאָן־צענטער, קיין פרײַדאָרף. דאָרט האָט מען אונדז געמאָלדן, אז מע שיקט אונדז קיין דײַטשלאנד. דער אָבערלייטענאנט הער ליודוויג זאָמער נעמט אונדז צו זיך. מיר וועלן ארבעטן בא אים אָפּן מאיאָנטעק.

וואָס איז געוואָרן מיט די איבעריקע קריגסגעפאנגענע, מיט די עטלעכע ייִדן, צי איז זיי געלינגען אנטלויפן פון די ווײַנגערטנער, צי זיי זײַנען דאָרט אומגעקומען, ווייס איך ביז הײַנט ניט. גיכער פון אלץ זײַנען זיי אומגעקומען. און איך, ווי איר זעט, בין געבליבן לעבן. און דער־פאר, וואָס כ'בין געבליבן לעבן, האָט מען מיר אײַנגעטיילט א גאנצן פינף־און־צוואנציקער מיט נאָך פינף יאָר פון אויבן, דאָס הייסט אָן בירגער־רעכט.

קימאט צוויי מיט א האלב יאָר זײַנען מיר אָפּגעווען בא זאָמערן אָפּן מאיאָנטעק. די ערשטע צײַט איז געווען צו דערלײַדן. נאָך דעם אָבער ווי זאָמערס עלטערן האָבן דערהאלטן א מיטיילונג, אז זייער ליודוויג איז אומגעקומען אָפּן מיזרעך־פראָנט, האָבן זיי דעם גאנצן צאָרן אויסגעלאָזט צו אונדז. באָר וואָס האָבן מיר געקאָנט טאָן? אנטלויפן? וווהין? דאָ האָט מען שוין אונדז געקענט. קיינעם איז ניט אָנגעגאנגען, ווער מיר זײַנען. וועמען האָט געקאָנט קומען אָפּן זינען, אז א דײַ־טשישער אָפיצער זאָל אראָפּברענגען קיין דײַטשלאנד צוויי ייִדן און זיי אויסהיטן פון טויט! איך זע, איר גלייבט, דאכט זיך, אויך ניט, אז עס זײַנען געווען אזעלכע דײַטשן.

— פארוואָס?

— מײַן אויספאָרשער, זעט איר, גלייבט ניט און װילֿ ניט גלייבן. ס׳זײַנען אָבער געווען, געווען.

— אז איך אמפּער זיך מיט אײַך ניט, — האָט קאַלֿמען זבערטשוק זיך אָנגערופן. — מעגלעך, אז ס׳זײַנען געווען. ס׳זײַנען זיכער געווען. איך בין אָבער ניט אווראָם אָווינו.

— וואָס ווילט איר מיט דעם זאָגן?

זבערטשוק האָט זיך פארטראכט. אָט זיצט פאר אים נאָך איינער פון די, וועמען דער פינסקער ייִד וואָלט זיכער געפרעגט: „איר זוכט אויך דעם צאדיק אף אָפּראַטעווען סדאָם?“.

יאָ, ער, קאַלֿמען, האָט דעמלֿט געזוכט דעם צאדיק, אָן וועמען די וועלֿט האָט ניט קיין קיִעם. ער האָט אים דעמלֿט געפונען אינעם דײַטשישן זעלֿנער, וואָס האָט אים אומגעקערט פון דער גרענעץ, אינעם פלִיער, וואָס האָט זיך נידעריק דורכגעטראָגן איבער דעם לֿונינעצער וועג און ניט איבערגעלֿאָזט נאָך זיך קיין יעסוימים און אלמאָנעס. ווען ער איז אָבער מיט זײַן טײלֿ ארײַנגעטראָטן אין א באפרײַט רוסיש דערפֿלֿ און דערזען לֿיגן לֿעבן די פארברענטע הײַזער פארברענטע קינדער, וואָלטן זיבעציק מאָלֿ זיבעציק צאדיקים שוין ניט געקאָנט לֿינדערן אין זײַנע אויגן די שולד פון סדאָם.

# XXVII

אין לֿאַווע האָט אומגעריכט פארבלֿאָנדזשעט א באקענטער אומעטיקער ניגן, וועלֿכן קאַלֿמען האָט שוין ניט איין מאָלֿ געהערט אין שאכטע. צוזאמען מיטן ניגן האָבן אהער פארבלֿאָנדזשעט באזונדערע ווערטער פון א וואָכעדיקן שאכרעס.

שִיע שאפּיראָ האָט זיך אופגעהויבן.

— אַוווא, ווי ער פארגייט זיך עס, נעבעך! סארא היסלֿײַווּעס! שפּאלֿט מאמעש די האריזאָנטן. נו, נו... וואזגען, קלֿײַב נאָר צונויף די אינסטרומענטן. וויבאלד אונדזער יאָהאַן האָט זיך געשטעלֿט צום אָמעד, איז א סימען, אז די נאכט האָט זיך געענדיקט און מע קאָן זיך שוין קלֿײַבן אין דער זאָנע. אָט דער יאַן, צי „דער האלֿבער יאנקעוו“, ווי מיר רופן אים דאָ, איז אונדזער שאכטיאָרישער האָן. איר קאָנט לֿויט אים אָנשטעלֿן דעם זייגער. וואָס קוקט איר אזוי? ווער אָט דער יאַן? פון אײַערע, פון די פּוילֿישע. זיך אויסגעזוכט אין דער שאכטע א פארלֿאָזטע לֿאַווע און געמאכט פון איר א שולכל. ביז די אינדערפריִענדיקע וואכטע וועט זיך אראָפּלֿאָזן, האָבן מיר נאָך געננוג צײַט. אויב איר האָט כיישעק, קאָנען מיר צוגיין אין שולכל.

— מע דארף ניט, — האָט זיך ארײַנגעמישט וואזגען, — א מענטש מאָלֿיעט זיך, זאָלֿ ער זיך מאָלֿיען. מע דארף ניט שטערן.

— ער מאָלֿיעט זיך, זאָגסטו? עך, וואזגען, וואזגען! בא די דײַטשן אף די פּריאזשקעס פון די רימענס איז געווען אָנגעשריבן: „גאָט איז מיט אונדז“. זיי האָבן זיך אויך געמאָלֿיעט. זאָגט מיר, — האָט ער זיך געווענדט צו דעם פארוווּנדערטן זבערטשוקן, — סע שטייט טאקע אין די הייליקע ספאָרים, אז א באלֿטשוווע ווערט אלֿץ פארגעבן, אז ס׳איז גענוג, ער זאָלֿ זיך איין מאָלֿ א קלאָפּ טאָן אין ברוסט: אָשאמנו, באָגאדנו — און שאגאָם מארש גלֿײַך אין גאַנײדן! איר ווייסט, ווער אָט דער יאַן איז? אָט דער יאַן, דער האלֿבער יאנקעוו, איז געווען, זאָגט מען, בא די דײַטשן אָן אָפּיצער. יאָ, יאָ, א דײַטשישער אָפּיצער, און איצט, זעט איר, איז ער געוואָרן א באלֿטשוווע. דאַווענט דרײַ מאָלֿ א טאָג און פאסט אלֿע טאנייסים. הערט נאָר, סארא היסלֿײַווּעס, סארא רײַסן דעם הימלֿ!

דער שטילֿער אומעטיקער ניגן איז איבערגעגאנגען אין א שלֿוקערצדיקן געוויין.

קאַלֿמען און וואזגען האָבן זיך באמיט גיין שטילֿ, שִיע שאפּיראָ האָט געשפּאנט מיט ברייטע פעסטע טריט. דאָס שמאָלֿע פּאסיקלֿ שײַן פונעם לֿעמפּלֿ האָט זיך געוויגט איבער די ווענט און דעם באלֿקן פונעם פינצטערן שטרעק און זיך ענדלֿעך אָנגעשלֿאָגן אפן ארײַנגאנג אין א נידעריקער לֿאַווע. אינעם כוישעך, וואָס האָט געשפּארט פון דאָרטן, האָט געצאפּלֿט א שוואך פלֿעמלֿ, וואָס אָט האָט זיך עס באוויזן און אָט ווידער פארשוווּנדן.

דער באלֿטפּילֿע מיטן בלֿייכן לֿעמפּלֿ אפן אויסגעבויגענעם דאשעק פונעם היטלֿ איז געשטאַנען מיטן פּאָנעם צו דער מיזרעך־וואנט. ער האָט ניט באמערקט די דרײַ שאכטיאָרן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלֿט באם ארײַנגאנג. דער אומעטיקער וויינענדיקער ניגן האָט אים, קענטיק, אריבערגעטראָגן פונדאנען אין אן אנדער ווײַטער וועלֿט.

דער זעלֿבער וויינענדיקער ניגן האָט איבערגעטראָגן פונדאנען אין אן אנדער וועלֿט אויך אים, קאַלֿמען זבערטשוקן. ער האָט זיך מיטאמאָלֿ דערזען אין א ווײַטער שטאָט אף דער וואָלֿגע אפן צווייטן יאָר פון דער מילֿכאָמע, אין דער נאכט פון יאָמקיפּער.

ער איז דעמלט געלעגן אין א מיליטערישן שפיטאָל, וווהין מע האָט אים מיט איניקע וואָכן פריִער געבראַכט א שווער־פארווּנדעטן פון דער פאָדערשטער פאָזיציע. דער שפיטאָל איז געווען ארומגעצאמט מיט א הויכן פארקן. באם אריַינגאנג איז געשטאנען א וואך. און דאָך איז ניט געווען דער פאל, אז צו דעם אָוונטיקן באזוך פונעם דעזשורנעם דאָקטער זאָל עמעצער פון די קראנקע ניט פעלן אין פאלאטע.

אין דער נאכט אף יאָמקיפער האָט צו דעם באזוך פונעם דאָקטער אויסגעפעלט אין פאלאטע דער סאלדאט קאלמען זבערטשוק. וועגן דעם, אז ער איז אוועק אין שול, האָט געוווּסט נאָר איין מענטש, דער, וואָס האָט אויסבאהאלטן בא זיך אונטערן מאטראץ אָנטאָן פאר יענע, ווען די דאָקטוירים האָבן נאָך ניט דערלויבט גיין אין שטאָט. אפילע דער ניאניען, בא וועלכער ער האָט זיך צופעליק דערוווּסט, אז היַינט איז יאָמקיפער, האָט ער אויך גאָרנישט געזאָגט. דערוווּסט האָט ער זיך, אז היַינט איז יאָמקיפער, ווען די זון האָט זיך שוין געהאט געטרונקען אין דער וואָלגע.

קאלמען האָט שוין יאָרנלאנג געהערט צו די, וואָס קומען אין שול נאָר אין א יאָמטעוו און בא וועמען דאָס גאנצע דאווענען באשטייט, אייגנטלעך, אין „יעהיי שמיי ראבאָ‟, אין ענטפערן „אָמיין‟... אינגאנצן אָבער ניט גיין אין שול איז עפעס אויסגעקומען פריקרע. דער טאטע איז געגאנגען, דער זיידע איז געגאנגען... זאָל ער ניט גיין? זיַין דער, וואָס זאָגט זיך פון דעם איבּ־גאנצן אָפּ?.. אויסער דעם, איז געווען נאָך א סיבע, און די סאמע וויכטיקסטע, ער זאָל אויוּוער זיַין אף דער דיסציפלין און מיט א פארבאנדאזשירטן פוס איבערקלעטערן דעם פארקן: ער האָט זיך אוועקגעשלעפּט אין שול, עפשער וועט ער דאָרט טרעפן עמעצן פון זיַינע לאנדסליַיט, זיך עפעס דערוויסן וועגן דער וויַיטער היים.

דערקליבן האָט ער זיך אין שול שוין נאָך קאָלנידרע, ווען דער אוילעם איז זיך שוין קימאט פאנאנדערגעגאנגען. אינעם רעדל מענטשן, וועלכן ער האָט נאָך געטראָפן אין שול־הויף, האָט ער קיינעם פון זיַינע לאנדסליַיט ניט באגעגנט.

מיטאמאָל האָט דורך די צוגעמאכטע טיר־און־פענצטער זיך אריַינגעריסן אין הויף א פארשטיקט מאנצבלש געוויין. דאָס געוויין האָט זיך געטראָגן צום וויַיטן אויסגעשטערנטן הימל. אלע אין הויף זיַינען אנשוויגן געוואָרן. צווינטשנדיק איינער דעם צווייטן א גוט קוויטל, דערלעבן א מאפּאָלע אינעם צוירער פון דער וועלט, יִמאך־שמוי, איז מען זיך שטיל פאנאנדערגעגאנגען.

קאלמען איז אריַינגעהונקען אין שול.

אין דעם טונקל־באלויכטענעם בעסמעדרעש האָט ער געטראָפּן עטלעכע עלטערע מענטשן זיך שאָקלען איבער צעעפנטע ספאָרים. דורך דער האלב־גלעזערנער טיר, וואָס האָט געפירט אינעם קליינעם זיַיטיקן שולכל, פונוואנען ס׳האָט זיך געטראָגן דאָס פארשטיקטע געוויין, האָט ער דערזען שטיין בא א שטענדער מיט צאנקענדיקע ליכט א ווּקסיקן, ברייטפּלייציקן מאנצבל אין א קיטל. פונעם טאלעס איבערן קאָפּ האָט זיך ארויסגעזען בלויז זיַין לאנגע וויַיסע באָרד. די לאנגע שאָטנס פון זיַינע פארהויבענע הענט האָבן צוגעדעקט מיט זיך די ווענט און דעם באלקן פון שולכל.

ווי צוגעוואקסן צום אָרט, איז קאלמען געשטאנען לעבן אָט דעם מענטשן און אלץ ניט גע־קאָנט אופּכאַפּן די טפילע, וואָס נאָך יעדן וואָרט אירער פארגייט ער זיך אין א יעלאָלע, וואָס שפאלט די הימלען. אין זיַין טפילע האָט זיך ניט געהערט קיין געפאלנקיַיט. א דעמב אין א שטורעם איז געשטאנען פאר קאלמענען. א שטאָלצער און מעכטיקער איז געשטאנען דער מענטש פאר די צאנקענדיקע ליכט און געפירט א דין־טוירע מיט די הימלען, זיך אויסגעטיַינעט מיט דער וועלט.

— ווער איז אָט דער מענטש? — האָט קאלמען, שטיל צומאכנדיק הינטער זיך די האלב־גלעזערנע טיר פונעם שולכל, געפרעגט באם שאמעס, וואָס האָט צונויפגעקליבן די ספאָרים פון די טישן און שטענדערס.

— א קאָלווירטניק פון די עוואקוִירטע. אראָפּגעקומען אהער אף יאָמים־נוירָאִים עפעס פון א וויַיטלעכן דאָרף. אליין איז ער פון לעטלאנד. בא אים איז היַינט יאָרציַיט.

— אך, אזוי.

— יע,יע. בא אים איז היַינט יאָרציַיט. יאָרציַיט נאָך א שטאָט מיט יִדן, ראכמאָנע־ליצלאָן. א קאדעש־זאָגער נאָך א שטאָט אויסגעקוילעטע יִדן.

„און דער? וואָס קלאָגט דער? — האָט זבערטשוק, קוקנדיק איצט אפן בלייכן פאסיקל שיַין, וואָס האָט זיך אומגעוויגט אינעם כוישעך איבערן מיזרעך־ווענטל פון דער פארוואָרפענער לאווע, געפרעגט בא זיך. — נאָך וועמען זאָגט ער קאדעש? נאָך טאטעס און מאמעס, נאָך וויַיבער און קינדער, וואָס ער האָט צעשאָסן באם גרוב, פארברענט אין די אויוונס, צעזייט זייער אש איבער פעלדער? מיט וועמען פירט ער א דין־טוירע? מיט די קדוישים? בעט בא זיי מעכילע, זיי זאָלן

אים פאַרגעבן, וואָס ער איז געווען זייער מערדער, וואָס צוליב פאַרהיטן דאָס לעבן האָט ער צוזאַמען מיט די ראָצכים זיך געשלאָגן מיט די, וואָס זײַנען אַרויס באַפרײַען די וועלט. אַ באַל־טשוווע בא גאָט איז העכער פון אַ צאַדיק. עפּשער מיינט ער, „דער האַלבער יאַנקעוו", אַז מיט דעם, וואָס ער האָט פון דער לאַווע זיך געמאַכט אַ שולכל, פאַרקליבן זיך אַהער, ווי אין אַ הייל, און פּילט אָן דעם שטרעק מיט זײַנע קוילעס, וועט אים אַלץ פאַרגעבן ווערן? אָפן מענטשן איז אַ באַלשויפעט דער מענטש, נאָר דער מענטש!"

— אַזעלכע יידן, ווי איר זעט, זײַנען אויך געווען.

קאַלמען האָט אָף דעם גאָרנישט געענטפערט שאַפּיראָן. ער איז האַסטיק אַוועקגעגאַנגען פון דער לאַווע, ווי ער וואָלט ניט פאַרטרויט די אייגענע הענט, וואָס האָבן אָן זײַן ווילן זיך פאַר־פרעסט אין פויסטן.

לעבן דער קליעט האָט זבערטשוק זיך אָפּגעשטעלט, זיך אומגעקוקט אַהין, פונוואַנען ס'האָט זיך געטראָגן דער אומעטיקער ניגן, און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: „ניין, אַזעלכן טאָר מען גאָר־נישט ניט מויכל זײַן".

שיִע שאַפּיראָ איז אין אָט דער רעגע ניט אַרוף אפילע אָפן זינען, אַז פון דעם, וואָס ער האָט איבערגעכאַזערט וועגן יאַנען דאָס זעלבע, וואָס ער האָט געזאָגט וועגן זאַמערן: „אַזעלכע, ווי איר זעט, זײַנען אויך געווען", וועט זבערטשוק מאַכן אָן אויספיר, אַז ער, שיִע, איז גרייט אַלץ פאַר־געסן, אַלץ פאַרגעבן, ווײַל אָף דער מילכאָמע האָט אַלץ געקאָנט געשען: פונקט ווי ס'האָט זיך געקאָנט אָפּזוכן אַ לידוויג זאַמער, האָט זיך אויך געקאָנט אָפּזוכן אַ יאַן לונטער.

בא קאַלמענען האָט ווירקלעך אין די עטלעכע מינוט, וואָס ער איז געשטאַנען בא דער הייל פונעם באַלטשווע, זיך פאַרקליבן אַ כשאַד, אַז ניט אַלץ איז פּינקטלעך אַזוי, ווי עס דערציילן וועגן זיך די „זעקאָ". אַז אויך שיִע שאַפּיראָ האָט, ווײַזט אויס, עפּעס ניט דערזאָגט, פאַרשוויגן. אָט די עטלעכע מינוט בא דער הייל פונעם באַלטשווע פון אינטאַ האָבן געבראַכט דערצו, אַז ס'האָבן באַדאַרפט דורכגיין היפּשע עטלעכע כאָדאָשים, ביז זײַן באַקאַנטשאַפט מיט שיִען זאָל איבערגיין אין פרײַנטשאַפט.

געשען איז נאָכדעם אַזוי, אַז קימאַט אין דער זעלבער צײַט, ווען קאַלמען זבערטשוק האָט דערהאַלטן פונעם פּוילישן קאָנסולאַט אַ מיטיילונג, אַז ס'איז ווידער געעפנט די גרענעץ פאַר די פּוילישע בירגער, וואָס ווילן זיך אומקערן אַהיים, האָט מען שיִע שאַפּיראָן אַרויסגערופן אין ספּעץ־אָפּטייל פונעם לאַגער און אים געמאָלדן, אַז ער איז פולשטענדיק רעאַביליטירט. פאַרוואָס האָט שיִע שאַפּיראָ זיך באַלד ניט אומגעקערט צוריק קיין קרים און געבליבן אינעם צאָפנדיקן שטעטל אינטאַ, וואָס איז אײַנגעהילט אין רויך פון טעריקאָניקעס, וואָלט זבערטשוק זיך ניט אונטערגע־נומען ענטפערן. מעגלעך, ס'האָט אים געשראָקן, שיִען, דאָס אומקערן זיך אין אַ וועלט, פון וועל־כער ער איז שוין געווען אָפּגעוווינט, און עפּשער האָט ער פאַר די דאָזיקע יאָרן זיך אַזוי אײַנגע־לעבט אין דער שאַכטע, אַז ער וואָלט געבענקט נאָך דער סוידעספּולער שטילקײַט פונעם שטרעק, נאָכן רייעך פון די פריש אָנגעהאַקטע שטיינקוילן, פונקט ווי ער האָט דאָ די ערשטע צײַט גע־בענקט נאָכן פריש־אויפגעאַקערטן סטעפּ, נאָכן ווײַנגאָרטן.

אַזוי צי אַנדערש, נאָר שיִע שאַפּיראָ איז צוריק אין קרימער קאָלווירט ניט געפאָרן. ער איז אפילע ניט געפאָרן נעמען די מישפּאָכע, נאָר זי אַרויסגערופן אַהער, צו זיך.

דאָס איינציקע, וואָס קאַלמען קאָן זאָגן: שיִע איז ניט געווען קיין אויסנאַם. אַ היפּש ביסל מענטשן, וואָס מע האָט באַפרײַט פונעם לאַגער, זײַנען פאַרבליבן הי, און ניט דערפאַר, וואָס זיי האָבן ניט געהאַט וווהין צו פאָרן אָדער צו וועמען צו פאָרן, און אויך ניט דערפאַר, וואָס מע האָט זיי די יאָרן אין לאַגער פאַרעכנט פאַר פּראָדוציר־סטאַזש און דאָס האָט זיי געגעבן דאָס רעכט באַקומען דאָפּלטן געהאַלט, דאָפּלטן אורלויב, אַ פרײַע פּענסיע, ווי יעדן איינעם, וואָס אַרבעט אָפן עקסטן צאָפן.

— ניט אין דעם גייט עס. אַז דעם מענטשן איז ניט ניכע די אַרבעט, וועט מען אים מיט קיין שום געלטער ניט אײַנהאַלטן. איז די אַרבעט אָבער אים ניכע, בינדט זי צו דעם מענטשן אַזוי, אַז ס'איז אים ניט אָפּצורײַסן פון איר. אָט אַזוי פאַרשטיי איך דעם איניען, — האָט קאַלמען ניט איין מאָל איבערגעכאַזערט און דערבײַ יעדעס מאָל געבראַכט פאַר אַ בײַשפּיל זיך אַליין. אים האָט דען ניט צוגעבונדן צו זיך די שאַכטע? ניט זי האָט אים דען געמאַכט פאַר אַן אָרטיקן טוי־שעוו, בייס ער האָט געקאָנט פונדאַנען אַוועקפאָרן, וווהין נאָר ער האָט געוואָלט און ווען נאָר ער האָט געוואָלט?

דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַ סיבע, פאַרוואָס קאַלמען זבערטשוק האָט אויסגעקליבן פאַר זײַן שטענדיק וווין־אָרט דאָס פּאָליאַר־שטעטל אינטאַ, אָבער ניט די איינציקע סיבע. קאַל־מען זבערטשוק האָט זיך ניט אומגעקערט צוריק אין דער אַלטער היים, ווײַל צו יענער צײַט האָט ער שוין דערהאַלטן עטלעכע בריוו פון זײַנע לאַנדסלײַט, וועלכע ער האָט אַרויסגעבאַגלייט

פֿונדאַנען אַהיים. זיי האָבן אים געשריבן דאָס זעלבע, וואָס זײַן פּוילישער שאָכן פֿון קאַלושין, אַז קיינער פֿון זײַניקע האָט ביז איצט ניט געגעבן וועגן זיך צו וויסן און פֿון דעם איז געדרונגען, אַז ס׳איז קיינער ניט געבליבן.

די בריוו זײַנען געווען ניט פֿון פּוילן, נאָר פֿון ווײַטע לענדער אויף יענער זײַט יאַם און אָקעאַן. קאַלמען האָט קיינעם פֿון זײַנע לאַנדסלײַט ניט פֿאַרגעוואָרפֿן, לעמײַ זיי האָבן פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד, וווּ מע איז געבוירן און געוואַקסן. מעגלעך, אַז ער, קאַלמען, וואָלט אויך ניט געקאָנט אַנהייבן פֿונסנײַ אַ לעבן אין שכײנעס מיט קוואָרים פֿון אויסגעשאָכטענע קעהילעס. אָבער צו וואָס זיך לאָזן וואָגלען איבער דער וועלט זוכן אַ היים, ווען ער האָט זי שוין, די היים. און דעמאָלט, ווען די צוויי איבערגעבליבענע ייִדישע מישפּאָכעס און די עטלעכע באַפֿרײַטע פֿון לאַגער פּוילישע ייִדן האָבן זיך געקליבן אין ווײַטע וועגן, האָט קאַלמען זבערטשוק אָנגעגעבן פּאַפּירן אויף באַקומען אַ סאָוועטישן פּאַס.

פֿאַרבליבן איז אין אינטאַ נאָך איין פּוילישער ייִד, „דער האַלבער יאַנקעוו“. זבערטשוקן האָט עס ניט געוווּנדערט. ער האָט עס אַפֿילע דערוואַרט. אומדערוואַרט איז פֿאַר אים געווען בלויז דאָס, וואָס מע האָט אָט דעם יאַן לונטערן ביכלאַל אַרויסגעלאָזט פֿונעם לאַגער, און דערצו נאָך קימאַט אויף אַ גאַנץ יאָר פֿריִער, ווי שיִע שאַפּיראָ.

אויף דעם האָט אים שיִע געענטפֿערט:

— דיפּלאָמאַטיע, קאָנווענצן, „רויטער קרייץ“. פֿאַרגעסט ניט, אַז „דער האַלבער יאַנקעוו“ איז אַן אויסלענדער. און אויב מע לאָזט אַרויס פֿון די לאַגערס אַפֿילע די דײַטשן, איז פֿאַרוואָס זאָל מען פֿאַר יאַן לונטערן מאַכן אַן אויסנאַם, ביפֿראַט אַז ער איז נאָך דערצו אַ באַלטשוווע, און אַ באַלטשוווע, ווי איר זעט, ווערט אַלץ פֿאַרגעבן.

— איר זײַט זיכער אין דעם? אָט איר, אַשטייגער, האָט אים פֿאַרגעבן? און איך, ווי קלערט איר, וועל אַזעלכע ווען־ניט־איז פֿאַרגעבן?

— כאַפּט אים דער שוואַרציאָר! סאָפּקאָלסאָף פֿאָרט ער דאָך ניט קיין פּעערגע. מע האָט דאָך אים אַרויסגעלאָזט, ער זאָל פֿאָרן קיין פּוילן, און דאָרט געדענקט מען אַלץ.

— איז אָט טאַקע דערפֿאַר פֿאָרט ער דערווײַל קיין פּוילן אויך ניט.

דעם דאָזיקן אויספֿיר האָט קאַלמען זבערטשוק געמאַכט ניט פֿון דעם, וואָס יאַן לונטער האָט זיך געשטעלט בויען אַ שטוב, פֿאַרפֿירט אַ ווירטשאַפֿט. דאָס האָט ער געטאָן צוליב מיסכער. אַז ער וועט האַלטן באַם פֿאָרן, וועט ער אַפֿילע דעם טאַליעס־און־טפֿילין פֿאַרמיסכערן. יאַן לונטער, איז קאַלמען געווען זיכער, איז דערווײַל געבליבן הי, קעדיי איבערוואַרטן די צײַט, מענטשן זאָלן פֿאַרגעסן אײנעם שלעכטס, און ער זאָל זיך צוריק קאָנען ווײַזן צווישן ייִדן. „מענטשן האָבן אַ קורצן זיקאָרן“, — ווײַזט אויס, דערמיט וויל זיך יאַן לונטער טרייסטן. קאַלמענען האָט זיך צײַטנווײַז אויסגעגעבן, אַז יאַן לונטער פֿילט, אַז איבער אים הענגט אַ פּסאַק־דין, וועלכן קיינער וועט קיינמאָל ניט אָפּשאַפֿן. ער איז גילטיק אויף שטענדיק. ער, קאַלמען, האָט אויך אַרויסגעטראָגן זײַן פּסאַק־דין איבער אָט דעם בלאָנדן יונגנמאַן מיט די הימל־בלויע אויגן און דינע ליפּן: קיינמאָל ניט אַרופֿלאָזן אים צו זיך אויף דער שוועל און, דערמאָנענדיק זײַן נאָמען, צוגעבן: „ייִמאַך שמוי וועזיכרוי“. דאָס זעלבע האָט ער אויך געפּויעלט בײַ דער מישפּאָכע שאַפּיראָ, מיט וועלכער ער האָט זיך אַזוי באַפֿרײַנדעט, אַז בײַ שיִען איז אופֿגעקומען אַ געדאַנק אים באַקענען מיט דער ייִנגערער שוועסטער זײַנער, מיט ציוויען, וואָס וווינט אין מאָסקווע.

וועגן שיִעס פֿאַרטראַכט האָט קאַלמען זיך אָנגעשטויסן ניט דעמאָלט, ווען יענער האָט אים, באַגלייטנדיק אויף קוראָרט, מיטגעגעבן אַ בריוו צו דער שוועסטער, נאָר ווען ער, קאַלמען, איז שוין געווען אין מאָסקווע און איז אומדערוואַרט פֿאַר זיך אַליין פּלוצעם אַוועק בעטן, מע זאָל אים פֿאַרבײַטן די פּוטיאָווקע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי קליינלעך און נישטיק האָט איצט אויסגעזען שעווען איר נאָכיאָגן זיך נעכטן נאָך אַ בילעט אין לוזשניקי, איר פֿרייד, וואָס אַלעק איז דעם אָוונט געווען אין דער היים און ניט אין פּאַלאַץ, און דאָס, וואָס זי שלעפּט זיך אַצינד מיטן פֿאַרשנייטן אווטאָבוס צום ווײַסרוסישן וואָקזאַל, וווּ באָריס וועט אויף איר וואַרטן אײנעם דערבײַיִקן סקווער. זי האָט דערווײַל אַליין נאָך ניט באַנומען, וואָס איז מיט איר געשען פֿאַר די פּאָר שאָ, וואָס קאַלמען זבערטשוק האָט דערציילט וועגן זיך און דעם פֿעטער שיִען, נאָר, דאַכט זיך, אַז אַלץ, וואָס איר האָט נאָך נעכטן אויסגעזען וויכטיק און באַדײַטנדיק, האָט פּלוצעם אָנגעווירן אין אירע אויגן די מינדסטע ווערט.

(סאָף קומט)

**שלוימע טשערניאַווסקי**

# מײַנע גאָלדענע יאָרן

מײַנע יאָרן — אזוי ווי די רײַטער,
וואָס זיי האלטן באם צוים זי, די צײַט.
נאָר איך יאָג מיט זיי ווײַטער און ווײַטער,
מײַנע גאָלדענע יאָרן כ׳צעבײַט
ניט אף דרויב, ניט אף קליינלעכער קינע.
ניין, מײַן מענטשלעכע ווירדע איך טויש
ניט אף ביליקן לויב. ס׳איז מײַן בינע
זי, די וועלט מיט איר אייביקן רויש,
מיט איר הילך און פארבאָרגענע קלאנגען,
מיט איר גוטסקײַט, וואָס האָט ניט קיין ברעג.
און אין גליק איז בא איר ניט קיין מאנגל
בלויז פאר דעם, וואָס איז שטענדיק אין וועג.

ווי געבאָטן, איך לעב אין געראנגל
פאר מײַן גליק, וואָס עס זינגט זיך ניט אויס.
זאָל דער וועג זײַן א שווערער, א לאנגער,
ביז כ׳וועל פאלן צו ערדישער שויס...
פאר איר עמעסער שיינקײַט כ׳וועל קניִען,
פון דער פאלשער אנטלויפן כ׳וועל באלד,
ווײַל די פאלשקײַט פארוועלקט ביז איר בליִען
און דער עמעס ווערט קיינמאָל ניט אלט.
מײַנע יאָרן — אזוי ווי די רײַטער,
וואָס זיי האלטן באם צוים זי, די צײַט.
נאָר איך יאָג מיט זיי ווײַטער און ווײַטער,
און ווי גוט, וואָס די ווײַט איז נאָך ווײַט.

# דאָס זומער־שטיבעלע

דאָס זומער־שטיבעלע — סארא גאניידן —
שטייט אפן זאמדיק־דניעפערישן ברעג,
ווי גאָט באשאפן וואָלט עס פאר אונדז ביידן
און אויסגעמאָסטעט דאָרט פאר אונדז א וועג.
ניין, ס׳איז דער וועג מיט אונדזער שוויס
באגאָסן,
אין אונדזער האנט געזונגען האָט די זעג.
איצט שטייען טיר־און־פענצטער אופגעשלאָסן
פאר לויטערע, אָנוואָלקנדיקע טעג...
נו, איז באשערט דאָרט אָדעמען און כאוועען
(דאָס מיין איך מיך און מײַן געליבטע פרוי)
א גאנצן זומער מאָלצײַטן צו פראווען
און טרינקען דאָרשטיק פולע בעכער טוי;
ווי שמעטערלינגען פלאטערן און שוועבן,
און ווידער נעמען בא דער ערד איר לאסט,
איר פרייד, איר גליק און אלץ, וואָס ס׳גיט
דאָס לעבן,

און זײַן בא איר א טוישעוו, ניט קיין גאסט;
פארשײַט פון גרויסער פרייד, זיך לויפן לאָזן,
באהערשט פון אזא ערלעכן געפיל,
זיך אויסציִען פון ליבשאפט אף די גראָזן
און שווײַגן, שווײַגן גליקלעך אין דער שטיל.
און קוקן אפן הימל און ניט קלערן,
ווי ס׳ציִען זיך דאָרט וואָלקנדלעך א קייט
און, ווי א טויעלע, דער מאָרגנשטערן
פון גרויסער בענקעניש אנטרינט, פארגייט;
און נאקעט, ווי די מאמע ט׳אונדז געבאָרן,
ארײַן אין טײַך און שרײַען אף א קאָל,
און שנײַדן זײַנע וואסערן די קלאָרע,
אז בלאנקען, בייגן זאָל זיך עס, ווי שטאָל.
דאָס זומער־שטיבעלע — סארא גאניידן —
שטייט אפן זאמדיק־דניעפערישן ברעג,
ווי גאָט באשאפן וואָלט עס פאר אונדז ביידן.
א שאָד, א שאָד, דער זומער גייט אוועק.

# שנייעלעך

ווען שנייעלעך, שנייעלעך גייען א שער
און פריילעך א פריילעכס זיי טאנצן,
דאַן לייגט זיך א שנייעלע, פונקט ווי א טרער,
אף וויִעס אוועק און נעמט גלאנצן...

בעט איך אײַך, מענטשן, פאמעלעכן גייט
און האָט ניט אף מיר קיין פאריבל,
די ליכטיקע, זויבערע, שנייִיקע פרייד
ניט טאָפטשעט מיט אײַערע שטיוול.

זאָל זײַן א געוויטער, זאָל זײַן א זאווײ,
מיט באָמבעס זאָל קיינמאָל ניט האָגלען,
און שיטן עס זאָל נאָר א פוכיקער שניי
פון ליכטיקע, הימלשע לאָגלען...

און גיין זאָלן שנייעלעך, גיין אין א שער
און פריילעך א פריילעכס זיך טאנצן.
אויב פינקלען פון פרייד דארף אף וויִעס א
טרער, —
פון בלענדיקן שניי זאָל זי גלאנצן.

## קינד

אז ביסכאקל, אז ביסכאקל
איז דאָס קינד ווי א קאַבאַקל,
און ס׳איז ליכטיק ווי די זון,
און סע נעמט מיך שטאַרק ארום.

ביידע הענטלעך — פּוכקע קליין,
ביידע פיסלעך — פּוכקע שיין,
און די אייגעלעך — בלוי און טיף,
און א גאַנצן טאָג סע שטיפט.

און מיט קינדערלעך א כאַפּטע
גייט עס אין גערא‏נגל אָפּט דאָ.

נאָר ווען ס׳פירט ניט קיין מילכאָמע,
איז עס גוט ווי די נעשאָמע.

שאָענוויַיז סע שפּילט און ארבעט,
קיין איַינהאָרע
האָרעוועט.
רירעוודיק, ווי קוועקזילבער,
מיטן לאָפּעטקעלע שאָבט,
מיטן לאָפּעטקעלע גראָבט,
ארבעט וויל און פלינק,
געשיקט,
ארבעט — אָן אנטיק...

## ליבשאַפט

וואָס איז דאָס פאַר א קויעך,
וואָס מאַכט מיר יונג
דאָס האַרץ,
דעם מויעך?

וואָס איך איין קעהערעף־איַין
אלע ווייטעקן ניט סטיַיען?..
וואָס דו, ניט לאַנג ערשט

גאָר א פרעמדע,
פון מיַין זעל ביסטו מיר נעענטער?
און ס׳איז מיִען מיר זיך גרינג,
און איך פלאַטער און איך זינג,
און איך בין בעקויעך פלינק
קערן וועלטן,
קערן בערג
אף דער קיַילעכדיקער ערד.

## פיַיער

ווען עס שמייכלען
דיַינע אויגן,
מעג פאַרגיין
דער רעגנבויגן.

ס׳מעג די זון אליין
פאַרגיין,
ווען עס שמייכלען דיַינע ליפּן,
דיַינע פּערלדיקע ציין.

אזויפיל טעג,
אזויפיל יאָר
דו ביסט מיר ליב און טיַיער,
אזויפיל טעג,
אזויפיל יאָר
מיר שפּילן זיך מיט פיַיער...

## ס. ווערִיטע

# צי וועט ער קומען?

(פון א טאָגבוך)

...זינאַידע פעטראָוונע, די פאַרוואַלטערן פון דער געגנטלעכער ביבליאָטעק, האָט מיך זייער ווארעם באַגעגנט. זי האָט מיר געזאָגט:

— איר זעט אויס ווי א זיבעצניאָריקע.

איך האָב זיך פאַרויטלט און שטיל געענטפערט:

— צו זיבעצן יאָר פאַרענדיקט מען דען א הויכשול?..

זינאַידע פעטראָוונע האָט אראָפּגענומען די שפּאַקולן פון דער נאָז, א קוק געטאָן אויף מיר מיט א גוטן ווארעמען בליק:

— זייער גוט, וואָס איר זעט אויס אזוי יונג, לענאָטשקע, — און גלייך זיך פאַרכאַפּט: — יעלענע דאַווידאָווני... איר וועט מיר דערלויבן אייך רופן לענאָטשקע?

— געוויס, — האָב איך געענטפערט, און זינאַידע פעטראָוונע איז מיטאַמאָל מיר געוואָרן אזוי אייגן, אזוי נאָענט.

זי האָט אָנגעטאָן די ברילן, פאַריכט די האָר, וואָס זיינען ערטערווייַז שוין געווען גרויע, און ווידער איז אנטקעגן מיר בא דעם גרויסן שרייַבטיש געזעסן די פאַרוואַלטערן פון דער געגנט־לעכער ביבליאָטעק און מיט אן אָפיציעלן טאָן געזאָגט:

— איר וועט ארבעטן אין ביבליאָגראַפישן אָפּטייל, לויט אייער ספּעציאַליטעט.

געזעגענענדיק זיך מיט מיר, האָט זינאַידע פעטראָוונע מיך דערמונטערט מיט א גוטן בליק. מיט מוטערלעכער ווייכקייט האָט זי מיר געזאָגט:

— איר וועט ארבעטן אונטער מייַן אָנפירונג, לענאָטשקע.

פון איר בליק, פון איר טאָן איז מיר געוואָרן אזוי גוט אויפן הארצן... איך האָב שטארק (דוכט זיך, שוין צו שטארק) געדריקט איר די האַנט און א באַפליגלטע ארויס אויף דער גאַס, וו דער זומער האָט שוין געציילט זייַנע לעצטע טעג און דער הארבסט האָט זיך שוין געלאָזט פילן מיט א קיל ווינטל, מיט געלע בלעטער, וואָס זייַנען איינציקווייַז געפאַלן פון די ביימער. איך האָב א קוק געטאָן אויף דעם הימל, וואָס האָט אָנגעוווירן זייַן העלן זומערדיקן קאָליר, אויף דער זון, נאָך וועלכער א גרוי וואָלקנדל האָט זיך געיאָגט און דערווייַל נאָך ניט געקאָנט זי אָניאָגן, און שטיל, אין זיך געטומען דעקלאַמירן:

«Уж небо осенью дышало»[1]

און פּלוצעם האָב איך זיך צעלאַכט, דערמאָנט זיך זינאַידע פעטראָוונעס ווערטער: „איר זעט אויס, ווי א זיבעצניאָריקע, לענאָטשקע...“



...שוין באַלד פיר כאָדאָשים, ווי איך ארבעט אין ביבליאָגראַפישן אָפּטייל. זינאַידע פעט־ראָוונע העלפט מיר, לערנט מיך, אָבער זי טוט עס אזוי איידל, ווי זי וואָלט געווען מייַנע א שוועסטער.

אָט קומט א סטודענט פון פעדאַגאָגישן אינסטיטוט, ער בעט אונטערקלייַבן מאַטעריאַל וועגן פאַדייעווס בוך „יונגע גוואַרדיע“. אן אַספּיראַנט, וועלכער גרייט א דיסערטאַציע „גאָרקי אַלס דראַמאַטורג“, ווענדט זיך צו מיר, איך זאָל אָפּזוכן א רעצענזיע וועגן דער ערשטער פאָרשטעלונג פון גאָרקיס פּיעסע „אויפן דעק“.

איך זוך, גריבל זיך אין די ארכיוון, ווי איינער אין די יאַם־טיפענישן, וואָס זוכט פּערל. זינאַידע פעטראָוונע איז מייַן קאָמפּאַס, און איך בין גליקלעך, ווען מיר געלינגט אָפּצוזוכן עפּעס

[1] דער הימל האָט מיט הארבסט שוין געעטעמט (א פערז פון פּושקינס „יעווגעני אָניעגין“).

נייטיקס אין די צײַטונגען, זשורנאַלן, אַלמאַנאַכן, ביכער. אייניקע פון די דאָזיקע מעציִעס זײַנען צוויי און דרײַ מאָל עלטער פון מיר, נאָר מיר פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן דאָס דאָזיקע זוכן און נאָך מער דאָס געפינען...

יאָ, איך האָב גוט געטאָן, וואָס איך האָב זיך געלערנט אַף א ביבליאָגראַף. אין קומענדיקן יאָר, אין מײַ כוידעש וועט אַרויסגיין א ביבליאָגראַפישע זאַמלונג. איך וועל אויך האָבן אין איר א כיילעק.

זינאַידע פעטראָוונע זאָגט:

— ס׳וועט באַ אונדז זײַן א גרויסער יאָמטעוו, לענאָטשקע...

יאָ, איך האָב טאַקע גוט געטאָן, וואָס איך האָב ניט געפאָלגט מײַן עלטערע שוועסטער, וואָס האָט געפּרוווט מיך אָפּריידן פון דער „ניט־דאַנקבאַרער פּראָפעסיע".

— ביסט יונג און שיין, — פלעגט זי מיט מיר אײַנטײַנען, — וואָס דאַרפסטו זיך גריבלען אין שטויב, אין פאַרשימלטע פּאַפּירלעך... דיר וואָלט געפּאַסט א מער ראָמאַנטישע באַשעפטיקונג.



נעכטן, ווען איך בין געזעסן אין ביבליאָגראַפישן אָפּטייל און האָב דורכגעקוקט אַלטע זשור־נאַלן, איז צו מיר אין צימער אַרײַנגעקומען א בלאָנדער באָכער, ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס אַספּיראַנט פון פילאָלאָגישן פאַקולטעט פונעם היגן אוניווערסיטעט (יאַקאָוו פעטראָוויטש רופט מען אים, זײַן פאַמיליע איז מאַלץ) און מיט א בעטנדיקן שמייכל מיר געזאָגט:

— ראַטעוועט מיך, לענאָטשקע...

מיך האָט פאַרדראָסן, וואָס ער, א קנאַפּ באַקאַנטער מענטש, רופט מיך לענאָטשקע, האָב איך אַף אים א קוק געטאָן פון אונטערן שטערן, שטרענג און טרוקן געזאָגט:

— מײַן נאָמען איז יעלענע... יעלענע דאַווידאָוונע.

מײַן נײַער באַקענטער איז פון מײַן טאָן עטוואָס צעמישט געוואָרן און גענומען זיך פאַרענטפערן:

— אַנטשולדיקט, ניט געמיינט באַליידיקן, אַלע רופן אײַך לענאָטשקע.

האָב איך אַף אים ראַכמאָנעס געהאַט (א שיינער יונג, א שטאַלטנער, און אויגן האָט ער בלויע־בלויע), איך האָב אים דערמונטערט מיט א שמייכל און איבערגעפרעגט:

— הייסט עס, ראַטעווען אײַך?

— יאָ, יאָ... הײַנט אינדערפרי, — האָט ער פאַרגעזעצט, — האָט מען מיר אָנגעקלונגען און מיך באַאויפטראָגט לייענען א לעקציע צום הונדערטיאָריקן יובילײ פון לעוו ניקאָלײַעוויטש טאָלסטאָי.

— מיט וואָס זשע קאָן איך אײַך קומען צוהילף, יאַקאָוו פעטראָוויטש?

— קיין פרײַע מינוט איז ניטאָ, לענאָטש... אַנטשולדיקט, יעלענע דאַווידאָוונע. א לעקציע אין קולטור־הויז פון די מאַשינבויער, א פאָרטראָג אינעם קלוב פון די ענערגעטיקער, צוויי אַרטיקלען האָט מיר באַשטעלט די געגנטלעכע צײַטונג. זײַט אַזוי גוט, יעלענע דאַווידאָוונע, און קלײַבט מיר אונטער מאַטעריאַלן צו דער לעקציע וועגן לעוו טאָלסטאָי לויט אַט דער טעמע. — ער האָט מיר דערלאַנגט א פאַרשריבן בייגעלע פּאַפּיר.

— גוט, — האָב איך געענטפערט.

ער האָט מיר לאַנג געדריקט די האַנט, אַזוי גוט א קוק געטאָן אַף מיר, אַז דער ניט אָנגענע־מער אײַנדרוק, וואָס ער האָט געמאַכט אַף מיר באַם באַקענען זיך, איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן.



...הײַנט האָב איך זיך געפרייט, ווי א קליין קינד. מיר איז געלונגען צו געפינען טאָלסטאָיס א דערציילונג, וואָס איז נאָך ביז איצט ניט אײַנגעשלאָסן געוואָרן אין דער פולער אויסגאַבע פון זײַנע ווערק.

אין אַן אַלטער, פאַרגעלטער צײַטונג האָב איך אָפּגעזוכט אינטערעסאַנטע פּראַטים וועגן דעם לעבן פון לעוו ניקאָלײַעוויטשן.

די אַרבעט האָט מיך אַזוי פאַרכאַפּט, אַז אַפילע אין דער היים, באַ זיך אין צימערל, ווו איך וווין, הער איך ניט אויף צו טראַכטן וועגן זשורנאַלן, צײַטונגען, ביכער, קאַטאַלאָגן, אַנאָטאַציעס, וועגן דער לעקציע און אויך... וועגן דעם לעקטאָר.

נײן, נײן, ניט װעגן זײַנע בלױע אױגן, ניט װעגן זײַן מעלאָדישער שטים.

צי װעט זיך אים אײַנגעבן אױסבױען אינטערעסאַנט די לעקציע, צי װעט ער לעבעדיק און אינטערעסאַנט זי לײענען. אָט װעגן װאָס איך טראַכט.

יאַקאָװ פּעטראָװיטש קומט אָפּט אַרײַן אין ביבליאָגראַפישן אָפּטײל. יעדעס מאָל, װען איך זאָג אים אָן די בסורע, אַז איך האָב געפונען אַן אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל, דאַנקט ער מיר אַזױ, אַז מיר װערט אַזש װאַרעם אױפן האַרצן.

א פּאָר מאָל האָט ער מיך באַגלײט פון דער ביבליאָטעק אַהײם. איך שװײַג שױן, װען ער פאַרגעסט און רופט מיך לענאָטשקע. ער איז דאָך פּאַרט עלטער פון מיר אױף זעקס יאָר...

מיר שפּאַצירן לאַנג איבער דער גאַס, װוּ איך װױן. ס'איז א שטילע גאַס. אײנשטאָקיקע הײַזער, און א באַנק לעבן יעדן הױז. אָבער צו זיך אין צימער האָב איך אים נאָך קײן אײן מאָל ניט פאַרבעטן.



...אין זאַל איז שטיל. אַלע הערן אױפמערקזאַם דעם לעקטאָר. איך זיץ אין דער ערשטער רײ. לאָז קײן אױג ניט אַראָפּ פון יאַשען (אין געדאַנק דערלױב איך זיך אים רופן יאַשע). הער אים, װי זאָגט מען עס, מיט אָפענע מױל־און־אױערן. מיר דוכט זיך, אַז יעדעס װאָרט, װאָס דער לעקטאָר ברענגט אַרױס, איז געװענדט צו מיר.

אָט די ציטאַטע, װאָס יאַשע האָט נאָרװאָס געבראַכט, האָב איך מיט גרױסע שװעריקײַטן אױסגעפונען אין א זשורנאַל, װאָס דערשײַנט שױן ניט זינט דעם דרײַסיקסטן יאָר.

און אָט דערמאָנט יאַשע די דערצײלונג, װאָס איך האָב אָפּגעזוכט און װאָס איז נאָך ביז איצט ניט אײַנגעשלאָסן אין דער פולער אױפלאַגע פון טאָלסטאָיס װערק.

אָט ברענגט ער אַן אױסצוג פון א קריטיש אַרטיקל, װאָס לונאַטשאַרסקי האָט מיט דרײַ און פערציק יאָר צוריק געשריבן װעגן טאָלסטאָיען. דאָס דאָזיקע אַרטיקל האָב איך נאָך לאַנגע זוכע־נישן געפונען אין אַן אַלטן זשורנאַל.

װי שײן ער איז, יאַשע! װי גוט ער רעדט! איך װאָלט אַזױ געזעסן א גאַנצע נאַכט און נאָך א נאַכט און װאָלט געהערט און געהערט...

הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן װעקן מיך אױף פון דער פאַרטראַכטקײַט. מיר דוכט זיך, אַז דאָס אַפּלאָדירט מען אױך מיר, דעם ביבליאָגראַף פון דער געגנטלעכער ביבליאָטעק.

איך הער, װי מע רעדט צװישן זיך:

— א גוטע לעקציע!

— אַן אינטערעסאַנטע לעקציע!

דאָס לױבט מען אױך מיך. איך האָב דאָך א גרױסע און שװערע אַרבעט אױסגעפילט, גע־האָלפן יאַשען...

לעבן גאַרדעראָב שטײט יאַשע. ער שמײכלט צו מיר. פון זײַן שמײכל װערט מיר מיטאַמאָל אַזױ הײס, אַז איך בין גרײט אַרױסצולױפן אָן דעם מאַנטל אױף דער גאַס, אױפן פראָסט.

יאַשע פרעגט מיך:

— גײען מיר צוזאַמען?

איך קאָן ניט רײדן, איך ענטפער מיט א שאָקל פון קאָפּ.

מיר גײען איבער העל־באַלױכטענע גאַסן. יאַשע נעמט מיך אונטער דער האַנט. מיר גײען און גײען... דער שנײ סקריפּעט אונטער די פיס, דער פראָסט צופּט פאַר דער נאָז, בײַסט די באַקן. יאַשע רעדט עפּעס צו מיר, איך שװײַג. איך טוליע זיך צו אים...



עס איז שױן מאַרט. עס הױכט שױן מיט פרילינג. דער אָװנט איז א קילער, א פרישער. דער הימל אַן אױסגעװאַשענער און פול מיט שטערן. די לעװאָנע שלאָפט נאָך, ס'איז סאָף כױ־דעש. דערפאַר רוען ניט די בײמער אין פּאַרק. אַפילו באַנאַכט רוען זײ ניט. זײ לעבן, זײ עטע־מען. זײ גיסן זיך אָן מיט זאַפט און מיט קראַפט, און מיר דוכט זיך, אַז איך הער, װי די קנאָספּן פּיקן זיך אױס. אָט־אָט װעלן זײ זיך עפענען.

מיר זיצן אין פּאַרק, אין דער לינדן־אַלײ, אַקסל צו אַקסל, האַנט אין האַנט, רײדן און שװײַגן. ס'הײסט — איך שװײַג, און יאַשע רעדט און רעדט...

ער רעדט וועגן ליבע. וואָס איז אַזוינס ליבע? ער ציילט, גלעט און ציילט די פינגער פון מײַן האַנט, אַ פינגער נאָך אַ פינגער, רעדט הייס און איבערצײַגעוודיק. איך הער. איך טרינק די הייסע ווערטער זײַנע. דער קאָפּ דרייט זיך לײַכט, אין די אויערן רוישט. איך טראַכט: „ער האָט מיך ליב...“



...אין אַ כוידעש אַרום האָבן מיר זיך פאַרעגיסטרירט אין זאַגס. אָפּ אונדזער סימכע האָבן מיר אײַנגעלאַדן די סאַמע נאָענטע: יאַשע — זײַנע עלטערן, איך — זינאַידע פּעטראָוונען און מירע אַראָנאָוונען, די פּאַרוואַלטערן פון דעם אַבאָנעמענטן־אָפּטייל. מײַן עלטערע שוועסטער איז ניט געקומען. זי איז געווען אין סאָטשי.

די ערשטע צען טעג נאָך דער כאַסענע האָבן מיר געלעבט אין מײַן קליין צימערל.

דערנאָך האָט יאַשע מיר געזאָגט:

— צו וואָס וווינען מיט פרעמדע, דערצו נאָך אין אַן ענג צימערל? מײַנע עלטערן לעבן אין אַ גוטער דירע מיט אַ באַזונדערער קיך, און איך בין בא זיי איינער.

מיר איז אַ שאָד געווען זיך צעשיידן מיט מײַן צימערל אין דעם איינשטאָקיקן הויז אָף דער שטילער גרינער גאַס, וווּ איך האָב אַזויפיל איבערגעטראַכט און איבערגעלעבט, מײַן היימלעך צימערל, וואָס איז פול מיט מיידלשע טרוימען.

איך האָב זיך געהאַלטן אַן אייצע מיט מײַנע נאָענטע פרײַנט, מיט זינאַידע פּעטראָוונען און מירע אַראָנאָוונען. זינאַידע פּעטראָוונע האָט מיך אַרומגענומען און שטיל געזאָגט:

— יאַשע איז דאָך איינער בא זײַנע עלטערן.

מירע אַראָנאָוונע האָט מיך גענומען מוסערן:

— דו ביסט אַן עגאָיִסטקע, לענאָטשקע...

איך האָב געפאָלגט מײַנע עלטערע כאַווערטעס. איך האָב זיך געזעגנט מיט מײַן צימערל מיט אַ געפיל, ווי איך וואָלט זיך געלאָזט אין אַ ווײַטן אומבאַקאַנטן וועג.

זינאַידע פּעטראָוונע און מירע אַראָנאָוונע האָבן מיך אַרויסבאַגלייט צו שווער־און־שוויגער. מירע אַראָנאָוונע, וואָס שטאַמט פון כמעלניק און האָט געהאַט אַ זיידן אַ קלעזמער, האָט מיר געזונגען דאָס לידעלע „מעכוטענעסטע“. אַלע האָבן געלאַכט. איך האָב אויך געלאַכט, נאָר אָפּן האַרצן איז מיר געווען עפּעס שווער.



יאַשעס מוטער איז אַ קליינוווקסיקע, אַ מאָגערלײַביקע. די האָר פאַרבט זי, און דאָך קריכן אַרויס דאָ און דאָרט גרויע פּאַסמעלעך. זי האָט ליב אַ סאַך צו ריידן. איר באַליבטע טעמע — די מײַלעס פון איר זון.

גלײַך ווי איך קום פון דער אַרבעט, וואַקסט זי אויס אין אונדזער צימער און נעמט מאָלן מיט דער צונג, ווי אַ מיל מיט די מילשטיינער.

— מײַן יאַשע... ווען ער איז נאָך קיין יאָר ניט אַלט געווען, האָט מען שוין געזען, אַז עס וואַקסט אַ געני... צו פיר יאָר האָט ער שוין געלייענט. ווען דער בריוונטרעגער פלעגט ברענגען די צײַטונג, פלעגט יאַשינקע פרעגן: אַ פּעליטעאָן איז פאַראַן?.. צו פינף יאָר האָט ער שוין באַנוצט אַזעלכע מערקווירדיקע ווערטער, ווי ציוויליזאַציע, מעכאַניזאַציע, ראַציאָנאַליזאַציע...

יאַשעס פאָטער, אַ הויכער, אַ שווערלײַביקער, מיט אַ פליך איבערן גאַנצן קאָפּ, דערציילט אַלע מאָל, ווען מיר זעצן זיך צום טיש, וווּנדערלעכע געשיכטעס וועגן זון:

— צו צען יאָר האָט יאַשע געזאָגט: „איך וועל זײַן אַ דירעקטאָר און וועל פאָרן אין אַ „פּאָבעדאַ“... צו צוועלף יאָר האָט יאַשע געזאָגט: „איך וועל ענדיקן אָף אַקאַדעמיקער און וועל כאַסענע האָבן פאַר אַ קראַסאַוויצע“...

די ערשטע צײַט איז מיר געווען אָנגענעם הערן, ווי מע לויבט מײַן מאַן. אָבער אינגיכן זײַנען מיר דערווידער געוואָרן די לויבגעזאַנגען. איך האָב געזאָגט יאַשען:

— דער דעסערט האָט מיר דערעסן.

— וואָס פאַר אַ דעסערט? — האָט ער פאַרכידעשט געפרעגט און צוגענומען פון די אויגן די צײַטונג, וועלכע ער האָט געלייענט.

אַ מיִעסע טעווע בא אים: זיצט באַם טיש, עסט און קוקט אַרײַן אין אַ צײַטונג. אַלע האָבן שוין אָפּגעגעסן, שווער־און־שוויגער רוען נאָך מיטיק אינעם שכיינעסדיקן צימער (אונדזער

עס־צימער איז די קיך), און ער זיצט באַם טיש, קײַט און קוקט אין דער צײַטונג. מיר ווילט זיך דאַן אַרויסרײַסן די בלאַט פון זײַן האַנט און אים זאָגן: „פאַרוואָס עסטו ניט, ווי אַלע מענטשן!" איך באַהערש זיך אָבער. ניין, מיט אַזאַ מעטאָד וועל איך אים ניט אָפּגעווינען פון זײַן מידע. אַף זײַן פראַגע סטאַרע איך זיך ענטפערן רויִק:

— דער דעסערט? דרײַ מאָל אין טאָג אויסהערן וועגן דײַנע מײַלעס...

יאַשע האָט עפּעס אַ מורמל געטאָן און ווידער געגומען קוקן אין צײַטונג.

איך לאָז אים אַליין זיצן באַם טיש, גיי אַרײַן אין אונדזער צימער און באַרויִק זיך: „ער איז דאָך ניט קיין מאַלעך, אַ מענטש האָט מײַלעס און כעסרוינעס".

איך קוק אַף דער פאָטאָגראַפיע, ווו איך מיט יאַשען גייען אַרויס געאַרעמטע פון זאַגס, און דער קאַס גייט מיר אָפּ. איך טראַכט: „ער איז אַ גוטער. איך האָב אים ליב..."



וואָס מער איך קוק זיך צו צו יאַשען, אַלץ מער כעסרוינעס געפין איך אין אים. ער איז אַזוי אומבאַהאָלפן אינעם טאָגטעגלעכן לעבן. פאַרקאָכן טיי, פאַרבעטן דאָס געלעגער, אײַנשליסן דאָס עלעקטרישע אײַזעלע איז פאַר אים ווי אופהייבן אַ באַרג. די קליידער רייניקט אים די מאַמע. די שיך פוצט זי אים אויך. איך קאָן דאָס ניט צוזען. זאָג איך אים:

— זע נאָר דעם פּאַרעץ, די מאַמע טאַנצט אַרום אים, ווי אַרום אַ זוּיגלינג.

נעמט די מאַמע אים אונטער אירע פליגעלעך.

— מיר איז גאָרניט שווער. מײַן יאַשינקע איז אײדל דערצויגן.

יאָ, באַ מײַן טאַטן דאָוויד דעם שלאָסער האָב איך באַקומען גאָר אַן אַנדער דערציִונג. צו זיבן־אַכט יאָר האָב איך שוין געראַמט, געהאָלפן דער מאַמען און דער עלטערער שוועסטער וואַשן, קאָכן, באַקן. צו צוועלף־דרײַצן יאָר האָב איך שוין געטראָגן דעם אָל פון אַ שטוב (די מאַמע האָט געאַרבעט אַף דער טריקאָטאַזש־פאַבריק), און דאָך האָב איך זיך געלערנט אַף „אויס־געצייכנט", געפונען צײַט אַף צו לייענען, העלפן דעם פּיאָנער־אָנפירער אין אָטריאַד, און יעדן זומער האָב איך געאַרבעט אין בײַישטאַטישן סאָווירט.

מיך פאַרדריסט זייער, וואָס מײַן יאַשע איז, ווייך געערעדט, אַזאַ ניט געראָטענער (מײַן טאַטע וואָלט געזאָגט „אַ לוי־יוצלעך"). אָבער גלײַך נעם איך אים פאַרענטפערן — ער איז דאָך ניט שולדיק, שולדיק איז די דערציִונג...

יאָ, איך האָב ליב יאַשען און בין אים מויכל אַלע זײַנע כעסרוינעס.



...אַ מאָדנער מענטש איז ער, מײַן יאַשע. די דאָקטוירים, טײַנעט ער, ווייסן מער פון אַ טויטן. די פיזקולטורניקעס זײַנען די מערהײַט נאַראָנים און שמאַלע קעפּ. מוזיק האָט ער ניט ליב. עס טוט אים ווי דער קאָפּ, זאָגט ער, פון די סימפאָניעס און קאָנצערטן. דערפאַר אָבער האַלט ער פון אַנעקדאָטן, דאָס הייסט פון דערציילן אַנעקדאָטן. אָפט כאַזערט ער זיי איבער און לאַכט העכער פון אַלעמען פון זײַנע אייגענע אַנעקדאָטן. טאַטע־מאַמע קוועלן פון דעם זונס כאָכמעס. די שוויגער לויבט דעם זון פאַר די שכיינים:

— מײַן יאַשינקע איז אַזוי שאַרפזיניק.

איך קוק אַף דער פאַרבלענדטער מוטער, קוק און שווײַג. וואָס קאָן מען שוין באַ איר פּויעלן? איך בין דאָך אויך פאַרבלענדט געווען פון יאַשעס שיינע רייד, פון זײַנע בלויע אויגן, פון זײַן שטים.

און דאָך האָב איך אים ליב, יאַשען...



...איך האָב יאַשען געזאָגט, אַז אינגיכן ווערט ער אַ טאַטע. ער האָט מיר קאַלט געענטפערט:

— מע דאַרף צוװאַרטן, ביז איך וועל פאַרענדיקן די דיסערטאַציע.

איך האָב נאַיִוו געפרעגט:

— וויאַזוי קאָן מען עס צוואַרטן?

— דאָס וועלן דיר זאָגן די דאָקטוירים, — האָט ער מיר נאָך קעלטער געענטפערט. און מיר איז אויך קאלט געוואָרן אין יעדן אייווער. דאָס ערשטע מאָל האָב איך גאָר מיט אנדערע אויגן א קוק געטאָן אף יאשען.



...איך וויל האָבן א קינד. זאָל יאשע זיך בלאָזן אף מיר, זאָלן שווער־און־שוויגער קוקן קרום, וואָס איך ווידערשפעניק זייער געניאלן זון.

נאָר ניט דאָס ערגערט מיך. מער פון אלץ ארט מיך, וואָס מיט יעדן טאָג אנטוויש איך זיך אלץ מער אין מײַן מאן. איך שטרענג זיך אָן אף אויסצוגעפינען עפעס אזוינס, וואָס זאָל דעקן זײַנע כעסרוינעס. מיר ווילט זיך זען אין יאשען כאָטשבי עטוואָס ענלעכס אף דעם מענטשן, וועלכער האָט געלייענט די לעקציע וועגן טאָלסטאָיען, געפינען אין אים כאָטש א ברעקעלע פון יענעם יאשען, וועלכער איז אָנהייב פרילינג געזעסן מיט מיר אין פארק און אזוי הייס, אזוי שיין גערעדט וועגן ליבע.



און ווי ליב איך האָב מײַן זון!

אזא קלייניניקער, אזא שוואכינקער, אזא אומבאהאָלפענער, און איך האָב אים אזוי ליב!

מיר דוכט, אז פאר מיר האָט זיך געעפנט א נײַע וועלט. שווער־און־שוויגער זײַנען אויך שטארק צופרידן מיטן אייניקל און האָבן נאָך מײַן ערשטן צוזאמענשטויס מיט יאשען זיך איבערגעבעטן מיט מיר. אינעם לעבן פון די אלטע לײַט איז אויך פאָרגעקומען אן ענדערונג — זיי האָבן אן אייניקל... בלויז אין יאשע האָט זײַן לעבנס־שטייגער ניט געביטן. ווי שטענדיק, שטייט ער אוף שפעט, טוט זיך לאנג אָן, רייכערט, דערציילט א „פריש געבאקענעם" אנעקדאָט, לאכט העכער פון אלעמען און, ברומענדיק אונטער דער נאָז „טשיזשיק־פיזשיק" (די איינציקע מוזיק, וואָס אים געפעלט), גייט ער זיך וואשן. דערנאָך זעצט ער זיך צום טיש. די מאמע טאנצט ארום אים, און ער דרייט מיט דער נאָז, פראָוועט שטיק: מארינאד געפעלט אים ניט, פיש קאָן ער ניט אָנקוקן. די אלטע מאמע בוקט זיך פאר אים, פילט אויס זײַנע מעשוגאסן און גיט אים נאָך די שמאד:

— יאָ, יאָ, אלע עסן די דאָזיקע מײַכאָלים, און יאשינקע עסט ניט... אן איבערקלײַבער, מײַן יאשינקע.

מיך ערגערט שוין ניט ניט יאשע, ניט זײַן אופירונג און ניט זײַנע ווילדע שטיק. איך בין פארטאָן אין מײַן וועלט, וואָס איז פול מיט מײַן זון.



...הײַנט האָב איך זיך צעקריגט מיט יאשען. בייסן מיטיק האָט ער גענומען אָפשפעטן פון זײַנע כאווײרים אספיראנטן, פון די סטודענטן, פון די פראָפעסאָרן: דער איז א באגרענעצטער, יענער איז א פלאפלער.

אזוי האָט ער געשפעט און געלאכט. טאטע־מאמע האָבן אים געהאָלפן לאכן. מיך האָט זייער געלעכטער געשניטן ווי א מעסער. האָב איך בייז זיך אָנגערופן:

— אלע זײַנען באגרענעצטע, נאראָנים, דו איינער ביסט א טאלאנט, א געני.

יאשע האָט אף מיר א קוק געטאָן, ווי ער וואָלט מיך געזען דאָס ערשטע מאָל, האָט א שלײַדער געטאָן דעם גאָפל, עפעס א מורמל געטאָן צווישן די ציין (דוכט זיך, „דורא"[1]) און איז ארויס פון צימער. דער שווער האָט זיך פארכליניעט מיטן קאָמפאָט, וואָס ער האָט געזופט פון דער גלאָז, די שוויגער האָט זיך צעוויינט, גענומען טײַנען, אז אף יאשינקען דארף מען זײַן א מיוון. ווי קום איך, א געוויינלעכע פרוי, א ביבליאָטעקערשע, זײַן א מיוון אף אזא בריליאנט, ווי איר זון.

איך האָב זי געלאָזט וויינען און בין אוועק צום קינד. איך זיץ לעבן וויגל און פארגעס אין אלץ און אלעמען.

[1] נאר.



...היינט איז יאשע געקומען א שיינענדיקער. אין איינעם פון די רעפובליקאנישע זשורנאלן איז אָפּגעדרוקט זיינס אַן ארטיקל, א גרויס ארטיקל אף גאנצע צוואנציק זייטן, געשריבן אין אַן ערנסט אקאדעמישן טאָן. דאָס האָט, ווערליק יאשע האָט זיך בארימט, ניט געווירקט אף דער שיינקייט פון סטיל, אף דער שארפזיניקייט און טרעפלעכקייט פון די ארויסזאָגונגען.

— דער דאָצענט פישטשיקאָוו האָט געלויבט מיין ארטיקל, — האָט יאשע דערציילט, — „איר זייט, כאָווער מאליק, — האָט ער מיר געזאָגט, — א טיפער ליטעראטור־פאָרשער, אפילע בא טאָלסטאָיען האָט איר געפונען שוואכע מאָמענטן, כא־כא־כא...“

— עפּשער וועסטו אונדז, יאשינקע, דורכליייענען דיין ארטיקל? — האָט די מאמע מיט א ציטער אין קאָל זיך געבעטן באם זון.

יאשע האָט גענומען לייענען, ריכטיקער געזאָגט דעקלאמירן. טאטע־מאמע האָבן געשעפּט טייַנעג. דער פֿאָטער האָט פון גרויס אנציקונג געשמאָטשקעט מיט די ליפּן, די מאמע האָט גע־ווישט די אויגן און געקוקט אף איר זון, ווי מע קוקט אף א הייליקן...

פארענדיקט לייענען, האָט יאשע געוואָרפן א טריומפירנדיקן בליק אין מיין זייט (איך בין די גאנצע צייט געזעסן און האָב געשוויגן) און מיט א שמייכעלע א פרעג געטאָן:

— און וואָס וועט זאָגן אונדזער ביבליאָגראַף?

איך האָב געזאָגט דאָס, וואָס איך האָב געטראכט: דאָס ארטיקל איז ניט מער, ווי א ליטעראַ־רישער איבערזיכט.

יאשע האָט זיך אָנגעצונדן, ער האָט אזש א קריץ געטאָן מיט די ציין, א שליידער געטאָן מיר דעם זשורנאל אין פּאָנעם און ארויסגעלאָפן פון צימער.

זאָל ער לויפן, זאָל ער זיין אין קאָס. ער איז טאקע מיין מאן, אָבער דעם עמעס האָב איך ליב זאָגן אין די אויגן.



...מיין זון איז שוין אלט א יאָר. ער לויפט שוין ארום. מיין שוויגער זאָגט:

— גרישינקע וואקסט א געני, פונקט ווי זיין טאטע.

די ווערטער טוען מיר א שניט אין הארצן.

ניין, ניין, איך וויל ניט, ער זאָל זיין אזא, ווי זיין טאטע!

איך באהערש זיך און שווייַג. געגוג סקאנדאלן! איך האָב שוין יאשען געזאָגט: צו שפּעט האָבן זיך בא מיר געעפנט די אויגן...

און עפּשער איז נאָך ניט שפּעט? עפּשער וועל איך נאָך ווירקן אף אים?



...ס'איז אוועק נאָך א יאָר. פונוואנען נעמען זיך צו מיר קויכעס אף צו ארבעטן, פירן די ווירטשאַפט, דערציִען דעם זון. עמעס, אמערסטן גיט זיך מיט אים אָפּ די באָבע.

איך האָב געענדערט די טאקטיק. איך פּרוּוו ווירקן אף יאשען מיט גוטן. איך אפעליר צו אונדזער געוועזענער ליבע. איך ניץ אויס זיין ליבע צו גרישינקען. (יאשע האָט ליב דעם זון אף זיין אויפן). יאשע הערט מיך אויס און שוויַיגט, אָדער ער טוט אָן דעם מאנטל און גייט אוועק. איך זע דורכן פענצטער, ווי ער האלט דעם קאָפּ פאריסן, ווי ער גייט מיט געהיטע טריטעלעך, גלייַך ער וואָלט אָנגעטאָן קאָוועד די שטיינער פון טראָטואר, וואָס זייַנען פיס טרעטן אף זיי, און די מענטשן, וואָס ער שפּאַצירט צווישן זיי.

ניין, מיט אזא פארשוין וועסטו שוין גאָרנישט מאכן.

עפּשער זיך ווענדן צו דער געזעלשאפטלעכקייט פון אוניווערסיטעט? א פּאָטער, פארנעמט זיך מיט וויסנשאפטלעכער ארבעט... אף וואָס זיך קלאָגן? פרעמדע אויגן זעען דאָך ניט, וואָס עס טוט זיך אין זיין נעשאָמע.



בא דעם פילאָלאָגישן פאקולטעט פון היגן אוניווערסיטעט האָט זיך אָרגאניזירט א דריי־וואָכעדיקער סעמינאר פאר ביבליאָטעק־טוער. זינאידע פּעטראָוונע האָט מיך קאָמאנדירט אף דעם דאָזיקן סעמינאר.

— וועסט, לענאַטשקע, זײַן נעענטער צום מאַן, — האָט זי געשמייכלט.

איך האָב געשוויגן...

ניט איין מאָל האָב איך שוין בעדייע געהאַט אויסצוגיסן מײַן ביטער האַרץ פאַר זינאַידע פעטראָוונען, און יעדעס מאָל האַלט איך זיך אָפּ. איך האָב ליב זינאַידע פעטראָוונען, איך אַכט זי, אָבער מיר איז שווער, זייער שווער אַפילו פאַר איר עפענען דאָס האַרץ.

אַנדערע פרויען טוען עס, ריידן זיך אויס, וויינען זיך אויס, ווערט זיי גרינגער. און איך קאָן ניט. פון קינדווײַז אָן בין איך אַזאַ פאַרשלאָסענע. בײַ מײַן עלטערער שוועסטער פלעגט מײַן פאַר־שלאָסנקײַט אַרויסרופן גרויס פאַרדראָס און זי פלעגט מיך זידלען:

— פאַרביסענע!.. שלאַק!..

מײַנע כאַוועריטעס פלעגן זיך אויך באַליידיקן, וואָס איך דערצייל זיי ניט מײַנע סודעס (דערפאַר טאַקע האָב איך געהאַט אַזוי ווייניק כאַוועריטעס).

איך ווייס ניט, צי איז דאָס גוט, צי שלעכט, נאָר איך לעב אַלץ איבער אין זיך. מײַן מאַמע פלעגט זאָגן: „אַ קניפּ אין באַק, און די פאַרב זאָל שטיין"...



...שוין העכער אַ וואָך, אַז איך באַזוך דעם סעמינאַר. איך הער אינטערעסאַנטע לעקציעס און האָב אויך אַ מעגלעכקײַט נעענטער זיך צוקוקן צו מײַן מאַן דעם אַספּיראַנט.

אין אוניווערסיטעט קומט ער שפּעטער פון אַלעמען. צום אַלעם ערשטן לאָזט ער זיך גיין פון קאַבינעט צו קאַבינעט. מיט די פּראָפעסאָרן און דאָצענטן גריסט ער זיך פאַר דער האַנט, פרעגט אָפּן געזונט, שיט מיט קאָמפּלימענטן: „אײַער לעקציע איז געווען זייער און זייער אָן אינטערע־סאַנטע... דאָס אַרטיקל איז אַ טיף ערודירטס..."

ער נעמט צונויף אַרום זיך אַ גרופּקע אַספּיראַנטן און סטודענטן פון די עלטערע קורסן און דערציילט אַנעקדאָטן.

דערנאָך לאָזט ער זיך אַוועק איבער די אַאודיטאָריעס, קאַבינעטן. דאָ לייגט ער צו אַן אויער, דאָרט טוט ער אַ שמעק, דאָרט וואַרפט ער אַרײַן אַ וואָרט, דעם לויבט ער, יענעם טאַדלט ער. באַזונדערס איז ער צופרידן, ווען אים געלינגט אָנרייצן איין אַספּיראַנט אָף אַ צווייטן. דעמאָלט שטייט ער אָן אַ זײַט און קוועלט. ער לאָזט ניט דורך קיין איין פאַרזאַמלונג, קיין איין באַראַטונג. מעגלעך, אַז דערפאַר טאַקע קלײַבט מען אים אָפּט אויס אין פּרעזידיום.

באַם פּרעזידיום־טיש זיצט ער מיט אַ מינע פון אַ מענטשן, וואָס איז שטאַרק איבערגעלאָדן מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. די פּאָזע זײַנע איז עטוואָס אַ נאַכלעסיקע, ווי ער וואָלט דער־מיט וועלן אונטערשטרײַכן, אַז אים איז שוין דערעסן דאָס שטענדיקע זיצן אין פּרעזידיום.

נאָך יעדן רעדנער האַלט ער פאַר נייטיק אַרויסצוטרעטן מיט זײַנע באַמערקונגען, אויס־בעסערן אַ ניט פּינקטלעכע פראַזע אָדער אַ ציטאַטע פון דעם רעדנער, אַרײַנטראָגן קאָרעקטיוון אין דער רעזאָליוציע...

אָף איינער אַ באַראַטונג האָב איך געהערט, ווי איין אַספּיראַנט האָט געזאָגט דעם צווייטן:

— אָט אַ מאַזיק אָט דער מאַלץ! איך האָב גאָר ניט באַמערקט, אַז די ציטאַטע איז ניט פּינקט־לעך. אַ שאַרפער קאָפּ בײַ יאַשקען...

איך בין געזעסן, ווי אָף הייסע קוילן, קוים זיך אײַנגעהאַלטן ניט אופצושטיין און אויסרופן: „איר האָט דען קיין אויגן ניט? איר זעט דען ניט?.."



...מײַן זון ווערט אינגיכן דרײַ יאָר. ער רעדט שוין. ער וויל אַלץ וויסן און הערט ניט אויף צו פרעגן:

— פאַרוואָס?.. פאַר ווען?..

די באָבע פאַרגעטערט דאָס אייניקל, פונקט ווי דעם זון.

איך בין ניט איבעריק צופרידן, וואָס די באָבע האָט אַזוי שטאַרק ליב דאָס קינד.



הײַנט, ווען איך בין געקומען פון ביבליאָטעק, האָב איך געפרעגט גרישען:

— דער פּאַפּע איז נאָך ניט געקומען?

— ניט געקומען... ער איז אָף אַ מאָקרעפערענציע...

— ווו? ווו? — האָב איך א דערשטוינטע איבערגעפרעגט.
— אף א מאָקרעפּרעגציע. פאַרשטייסט ניט? די באָבע האָט מיך אויסגעלערנט נאָך א סאך שיינע ווערטער...
איך האָב צוגעדריקט גרישען צום הארצן און מיט ווייטעק געטראַכט: „וואָס וויל זי מאכן פון דעם קינד?"



די שוויגער מײַנע איז ניט שווער געווען צעקײַען גלײַך פון אָנהייב, כאָטש זי קאָן מאכן דעם אײַנדרוק פון א קלוגער, באַלעזענער און קולטורעלער פרוי.
זי פאַרבט די האָר און די ליפּן, באַנוצט אַזעלכע ווערטער, ווי „פּאַרדאָן", „מערסי", און יעדע ווײַלע, צי מע דאַרף, צי מע דאַרף ניט, שטעלט זי אַרײַן אין שמועס: „מיר, אינטעליגענטן"...
פאַר די שכנים באַרימט זי זיך, אז איר פאָטער איז געווען א גרויסער אַדוואָקאַט. ווען זי האָט געענדיקט די גימנאַזיע, האָט דעם פאָטערס א פרײַנט, א באַרימטער פּראָפעסאָר, פּאַרויס־געזאָגט, אז זי וועט מיט אירע פעיִקייטן ווײַט אָנשפּאַרן.
— איך בין געווען שיין, יונג און לײַכטזיניק, — לאָזט אויס מײַן שוויגער, — קאַוואַלערן האָבן זיך געדרייט אַרום מיר, ווי בינען אַרום האָניק. הײַנט אין טעאַטער, מאָרגן אין אָפּערע, דאָ אף א קאָנצערט, דאָרט טענץ, פּיקניקעס. אזוי איז אוועק די צײַט, אזוי האָב איך מײַן טאַ־לאַנט באַגראָבן...
איך האָב זיך גרינג דערקונדיקט, אז מײַן שוויגערס „ערודיציע" שטאַמט פון דעם זשור־נאַל „ניוואַ".
...ס'איז שוין שפּעטער אָוונט. שווער־און־שוויגער שלאָפן. יאָשע איז נאָך ניט געקומען פון אוניווערסיטעט (זיצט געוויס אין פּרעזידיום). איך האָב זיך אײַנגעמאָסטעט לעבן וויגל, קוק אף מײַן זון, וואָס שלאָפט רויק, און איין געדאַנק פּיקט מײַן מויעך: אַרויסקלײַבן זיך פונדאַנען, אָפּרײַסן יאָשען פון זײַנע עלטערן. גרישינקען אײַנאָרדענען אין א קינדערגאַרטן, אוועקנעמען אים פון דער „אינטעליגענטער" באָבען...
קאָן זײַן, ווען מיר זאָלן זיך אָפּטיילן פון שווער־און־שוויגער, וועט מיר געלינגען עטוואָס, כאָטשבי אף א האָר, ווירקן אף יאָשען, ער זאָל פאַרשטיין, אז ער איז א געוויינלעכער מענטש, ווי אַלע מענטשן.
יאָ, יאָ, אַרויסקלײַבן זיך פון דעם דאָזיקן הויז! איך וויל ניט, אז מע זאָל מײַן זון דערציִען אזוי, ווי מע האָט דערצויגן זײַן טאַטן.



...איך האָב אויסגענוצט דעם מאָמענט, ווען גרישינקע איז אוועק שפּאַצירן מיט זיידע־באָבע, און האָב געזאָגט יאָשען:
— וויפל איז דער שיר ווווינען בא טאַטע־מאַמע?
— האָ? וואָס? — האָט יאָשע איבערגעפרעגט. ער איז געשטאַנען קעגן שפּיגל און מיטן שפּיץ פינגער קאָלופּעט א פּרישטשיקל, וואָס האָט געהאַט די האָזע זיך זעצן אפן סאַמע שפּיץ פון זײַן מעיוכעסדיקער נאָז.
— איך זאָג, שוין צײַט זיך שטעלן אף די אייגענע פיס און ניט זיצן בא טאַטע־מאַמע אונ־טער די פליגעלעך.
יאָשע האָט זיך אוועקגעשטעלט אין א פּאָזע פון אן אָפּערע־אַקטיאָר, ווען ער גרייט זיך זינגען א פאַראַנטוואָרטלעכע אַריִע. ער האָט אופגעהויבן די האַנט און מיט א טראַגישן קאָל שטיל געזאָגט:
— אומזין! דאָס איז אן אומזין! פאַרלאָזן אַלטע טאַטע־מאַמע! מײַן האַרץ קאָן עס ניט אויסהאַלטן...
— ניט פאַרלאָזן, מירן זיי אָפּט באַזוכן, העלפן זיי מאַטעריעל, — האָב איך געפּרוווט ריידן רויִק, כאָטש פון זײַן פּאָזע און פון זײַן טראַגישן טאָן האָט מיר געשלאָגן צו דער גאַל.
— ניין, ניין! — האָט יאָשע גענומען שפּאַנען איבערן צימער. — איך קאָן דאָס ניט טאָן... איך בין ניט אזא עגאָיִסט, ווי דו. — ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט און פאַרגעזעצט שפּילן די ראָל: — וואָס פאַר א שלעכטס האָבן דיר געטאָן מײַנע עלטערן? זיי פאַרלויפן דאָך דיר דעם

וועג. דער טאטע גייט אין מארק, אין קראָם, טראָגט אין שטוב, ווי א פויגל, די מאמע קאָכט, ראמט, דערציט אונדזער זון...

— אָט גראָד דאָס וויל איך ניט, — האָב איך אנטשיידן געענטפערט.

— וואָס? — ער איז געבליבן שטיין א צעמישטער. — וואָס ווילסטו ניט?

— איך וויל ניט, אז דיַין מאמע זאָל דערציִען גרישינקען.

— אַ! — האָט ער היסטעריש אויסגערופן. — דיר געפעלט ניט?..

— יאָ, מיר געפעלט ניט...

— וואָס זשע, זי דערציט אים שלעכט?

— יאָ, און דיך האָט זי אויך שלעכט דערצויגן!

די פאמיליען־סצענע האָט זיך געענדיקט מיט טרערן.



די פאמיליען־סצענעס ווערן אלץ אָפטער. ווען גרישינקע איז אין שטוב, גייען מיר מיט יאשען ארויס אין סקווער, ניט וויַיט פון אונדזער הויז, זעצן זיך צו אָף א באנק און, קעדיי די מענטשן, וועלכע גייען פארביַי, זאָלן גארנישט ניט הערן און ניט באמערקן, ריידן מיר שטיל, אָבער מיט גיפט. יאשע קריצט מיט די ציין, שיפעט בייז:

— דו שפּילסט זיך מיט פיַיער! געדענק, דו שפּילסט זיך מיט פיַיער!



...ס'איז שפּעטער הארבסט. א מידע, אַן אופגערעגטע זיץ איך אין שטאָט־פּארק אָף א באנק אונטער א לינדן־בוים, און יאשעס שטים שניַידט מיַין געהער.

איך שטער אים, טיַינעט ער, פארענדיקן די דיסערטאציע, איך סאם אים אָפּ דאָס לעבן. איך פארקירץ די יאָרן זיַינע עלטערן.

איך קוק ניט אָף אים. איך קוק אָף דעם גרויען הימל, אָף דעם לינדן־בוים, אָף דער גרינער באנק, אָף וועלכער מיר זיצן, און דערמאָן זיך: טאקע אָט דאָ, אָף דעם זעלבן אָרט, אָף דער גרי־נער באנק אונטער דעם לינדן־בוים, בין איך געזעסן מיט יאשען, און ער האָט אזוי שיין, אזוי אופריכטיק געררעדט וועגן ליבע. צי איז דאָס טאקע געווען? צי איז יענער יונגער פרילינג־אוונט ניט מער ווי א כאָלעם?

א פיַיכט ווינטל רייַסט זיך אריַין אין פארק, שפּאצירט זיך דורך צווישן די ביימער. נאסע, געלע בלעטער שיטן זיך פון די ביימער אָף מיַין קאָפּ, פאלן אין דער גרויער מוטנער קאליוזשע ניט וויַיט פון מיר. די נאקעטע צוויַיגן פון דעם לינדן־בוים ציטערן... איך וויש אָפּ א טרער, ענטפער שטיל:

— יאָ, דו ביסט גערעכט! דו ביסט שטענדיק גערעכט. אָבער גרישינקען וועל איך איַיך ניט אָפּגעבן. ניט דיר, ניט דיַין מאמע. ניין, איך אליין וועל אים דערציִען...

איך האָב יאשען געלאָזט זיצן אין פארק און זיך געלאָזט אין ביבליאָטעק.

אין דעם ענגן צימערל, ווו עס ליגן די קאָמפּלעקטן פון די ציַיטונגען, האָב איך, באהאלטנדיק דאָס פּאָנעם אין די הענט, לאנג און ביטער געוויינט.



...היַינט האָט מען מיך ארויסגערופן אין אוניווערסיטעט. דער דעקאַן פון פילאָלאָגישן פאקולטעט האָט מיר געזאָגט:

— מיר רעקאָמענדירן איַיער מאן אונטעריכטן ליטעראטור אין זארעטשינסקער פּעדאגאָ־גישן אינסטיטוט. ווי איַיך איז באוווּסט, איז זארעטשינסק א יונגע שטאָט, אָבער זי וואקסט און ווערט פון טאָג צו טאָג שענער. זארעטשינסק איז א שטאָט פון מעטאלורגיע, כימיע און מא־שינבויונג.

— איך בעט מיר אנטשולדיקן, — האָב איך אויסגענוצט די פּויזע, וואָס דער דעקאַן האָט געמאכט, — פארוואָס דערציילט איר עס מיר?

— וויַיל איַיער מאן זאָגט זיך אָפּ פאָרן קיין זארעטשינסק.

— מיַין מאן זאָגט זיך אָפּ? פארוואָס?

— דערפאר וואָס איר ווילט ניט פאָרן. איר ווילט ניט, זאָגט ער, פארלאָזן איַיער שטעלע אין דער געגנטלעכער ביבליאָטעק.

— ער... ער... — איך האָב שיר ניט א געשריי געטאָן: „ער ליַיגט", אָבער איך האָב זיך גענומען אין די הענט, ווי וויַיט מעגלעך רויִק געזאָגט: — ער האָט איַיך ניט ריכטיק אינפאָרמירט.

— זײַט איר, הייסט עס, אײַנשטימיק פֿאָרן קיין זארעטשינסק?
— געוויס, א יונגע שטאָט... גרויסע פערספּעקטיוון...
— קאָנט איר דאָס באַשטעטיקן שריפֿטלעך? — האָט פֿאַרגעזעצט דער דעקאַן.
— וואָס זשע, איר גלייבט מיר ניט? — האָב איך א פֿאַרכידעשטע געפֿרעגט.
— ניט אײַך, אײַער מאַן גלייבן מיר ניט, — האָט מיט א זיפֿץ געענטפֿערט דער דעקאַן.
א דערשלאָגענע בין איך ארויס פֿון אוניווערסיטעט. א טרויעריקער געדאַנק האָט מיך גע־מאַטערט: „עך, יאשע, יאשע, מע האָט דיך שוין דאָ אויך דערקענט...“



זינאַידע פּעטראָוונע און מירע אראָנאָוונע האָבן געפּרוווט מיך אָפּריידן פֿון פֿאָרן קיין זארעטשינסק:
— יאשע פֿאָרט דאָך ניט...
איך האָב זיי ניט געפֿאָלגט. איך וועל פֿאָרן, א וואָרט איז א וואָרט.



...א שווערע סצענע האָט זיך אָפּגעשפּילט יענעם טאָג, ווען איך מיטן קינד זײַנען ארויסגע־פֿאָרן קיין זארעטשינסק. די באָבע האָט געכאַלעשט. יאשע האָט פֿארלוירן דאָס לעצטע ביסל בושע און אזוי געשריִען, אז אלע שכיינים האָבן עס געקאָנט הערן:
— געטן זיך!.. איך בין גרייט זיך געטן!..
— גוט, — האָב איך קאַלטבלוטיק געענטפֿערט, — גיב א מעלדונג אין דער היגער צײַטונג.
— איך וועל עס טאָן! — האָט יאשע זיך געקאָכט. — אָבער גרישען וועל איך דיר ניט געבן. איך און מײַן מאמע האָבן אים דערצויגן. דאָס וויסן אלע. יאָ, יאָ, אלע וויסן עס!
איך האָב גאָרנישט ניט געענטפֿערט. מיט דעם טשעמאָדאַן אין איין האַנט, מיט דעם דער־שראָקענעם קינד אף דער צווייטער האַנט, האָב איך אָן א זײַ־געזונט פֿארלאָזט יאשען, זײַנע עלטערן, דאָס הויז, ווו אזויפֿיל גאָלדענע טרוימען און ליכטיקע האָפֿענונגען זײַנען צונישט געוואָרן.



...איך האָב באַקומען א בריוו פֿון זינאַידע פּעטראָוונען. זי שרײַבט, אז אלע בענקען נאָך מיר. זי פֿרעגט, וויאַזוי גייט בא מיר די ארבעט, צי נייטיק איך זיך ניט אין קיין מעטאָדישער הילף פֿון דער געגנטלעכער ביבליאָטעק. צולעצט האָט זי צוגעשריבן:
„יאשע ארבעט אין דער געגנטלעכער צײַטונג אינעם אָפּטייל פֿון ליטעראַטור און קונסט. ער בלאָזט פֿון זיך. ער באַרימט זיך, אז אינגיכן וועט ער ווערן דער פֿארוואַלטער פֿון אָפּטייל. אָבער ווערדליק איך האָב געהערט, האַלט פֿון אים ניט דער קאָלעקטיוו. א כאַווער, וועלכער ארבעט אין רעדאַקציע, האָט מיר אנומלטן געזאָגט: „יאשע מאַלץ קאָן צונויפֿירן א וואַנט מיט א וואַנט. אונדזער קאָלעקטיוו וועט אזעלכן לאַנג ניט פֿארלײַדן...“
איך לייג צונויף דעם בריוו און טראַכט: „עך, יאשע, יאשע, דו ביסט אלץ דער זעלבער...“
מײַן ייִנגעלע פֿרעגט מיך:
— מאמע, פֿון וועמען איז דער בריוו?
— פֿון דעם פּאַפּאַ, טײַערינקער.
— ער וועט קומען, דער פּאַפּאַ?
— ער וועט קומען, זונעניו, ער וועט קומען, — באַרויִק איך אים...

# כאַנע ווײַנערמאַן

## אויגן

כ׳האָב אויגן ליב פון עכטע גוטע פרײַנט,
וואָס קאָנען מוטערלעך צום האַרץ דיך דריקן
און פאָטערלעך אַף גוטן וועג דיך שיקן,
זיך פרייען מיט דײַן פרייד און לײַדן פון דײַן פּײַן.

כ׳האָב אויגן ליב, וואָס קאָנען אויכעט זײַן
אַ פעסטער שטריק, דאָס אַלדאָסבייז דערשטיקן,
וואָס קאָנען אופרײַסן דעם סוינעס בריקן,
פאַרשקלאַפטע ברענגען אויסלייזונג און שײַן.

נאָר פײַנט איך האָב אָט יענעם מענטשנס אויג,
וואָס קוקט געפעלשט, האכנאָעדיק־פאַרנויגט
און טראָגט מיט זיך די קעלט פון בייזן ווינטער.

און כאָטש דאָס אויג אָט דאָס זעט אונדזער צײַט,
נאָר ס׳רופט ניט צו קיין מי און וועקט ניט צו קיין שטרײַט,
און שלעפט —
ניין, ניט פאָרויס,
נאָר בלויז אהינטער.

## ווען געפעלשט איז די ליבע

געקומען איז אַ וואָרעם צו אַ בוים צוגאַסט
און פרײַנטלעך זיך אין ליבע אים געשוואָרן.
געמיינט, אַז ס׳וועט דער בוים אים אופנעמען, ווי ס׳פּאַסט
פאַר אים,
דעם פויזנדיקן, אַנגעזויפטן וואָרעם.
נאָר ס׳האָט דער בוים צעוויגט זײַן גרינע קרוין
און אים פאַריאָגט פון זיך אין זומפּ געדיכטן.
ווײַל וואָס קאָן טאָן אַ וואָרעם אַף אַ בוים,
אויב ניט אים שעדיקן,
פאַרוויסטן און פאַרניכטן.

## די עוואָליוציע פון כניפע

אפרי׳ר זי קניט פאַר דיר אין פאָרכט, אין ציטער.
דערנאָך זי קומט צו דיר שוין
ווי אַ גאַסט אַ ליבער.
און ווען זי שפּאַנט דײַן שוועל פון האַרץ אריבער,
דאַן האָט זי איבער דיר
די העכסטע שליטע.

## ווען מע זעט דעם עק און ניט דעם קאָפּ

דער לעצטער בושל פליט בארוט
אין סאמע עק פון פויגל־סטײַע,
עס איז ניט אומרויִק זײַן בלוט,
ער האָט דאָ וועגווײַזער געטרײַע.

דערפאר איז פרעמד אים דער געפיל
פון זוכן, נישטערן און שפירן.
דערפאר זײַן בליק דעם עק בלויז פילט
און ניט דעם שטאָלצן קאָפּ פון פירער.

## ווען גלייבט מען

מײַן פרײַנט, ניט זעענדיק מיך יאָרנלאַנג,
האָט מיר געזאָגט:
„ביסט געװאָרן א ליבגעזאַנג!
זעסט אויסעט, ברודער, ווײַט ניט לויט די יאָרן,
דו שײַנסט — א מאָרגנשטערן, קיין אײַנהאָרע,
קיין קנייטשל ניט, קיין גרויע האָר, קיין שטרויכל,
דײַן טראָט איז פעסט, כאָטש שפאַן א טײַך אריבער.
אין דײַנע אויגן ברענט א יוגנט־שמייכל,
זעסט אויס א דעמב,
א ריז, א גיבער".

כ'האָב גלײַך א קוק געטאָן אין שפיגל קעגניבער,
און ס'האָט דער שפיגל מיר געזאָגט: „מײַן ליבער!
דו וועסט ניט האָבן קיין פאריבל, לאָמיר האָפן,
נאָר פאָרסט שוין פון יאריד, איך זאָג עס אָפן.
דו זעסט, ווי ס'איז דײַן פּאָנעם טיף צעאַקערט,
סע טרערט דײַן אויג, אף לײַב דײַנס — געלע פלעקן.
דײַן קאָפּ פארשנייט, פארשרומפן דײַנע באַקן,
דו נייטיקסט זיך אין אָנשפּאַר אף א שטעקן"...
— — — — — — — — — — — — —
איז וועמען גלייבט מען,
ווער געמאכט האָט שטארקער מײַנע פליגל, —
דעם כאַווערס ליגן
צי דער עמעס פונעם שפיגל?

## צום רעכילעסטרײַבער

נעם שנײַד מיך, גאזלען, בעסער מיט א מעסער,
נאָר שליס דײַן צונג אף זיבן פעסטע שלעסער.
דאָס מעסער קאָן בלויז שעדיקן אן איווער,
דײַן צונג
פארטרײַבט דאָס לעבן מײַנס אין קייווער.

## וואָרט און שווײַגן

דו רעדסט גרויסאַרטיק, ווירדיק, קלאָר,
דו קאָנסט קיין אוולע ניט פארבײַגיין.
נאָר דו פארגעסט,
אז ס'דארף דײַן וואָרט
גאָר זײַן די קרוינונג
פון דײַן שווײַגן.

## ווען רײן איז דײַן געוויסן

ניט טרייסט זיך, פרײַנט, אַז רײן איז דײַן
געוויסן, —
צו פרעמדער טיר דו קלײַבסט ניט צו קיין
שליסל.

אַז דו באַלאַכסט ניט בײזווילִיק קיין שאָכן
און ציסט זיך ניט צו פרעמד־פּאַרדינטע שוואָכים.
אַז פײַנט דו האָסט דעם אומרעכט און דעם ליגן,
אַז דו פאַרגינסט דעם כּאוועס רום און זיגן...
מיט דעם אַליין ז'ניט רײן נאָך דײַן געוויסן, —
דו רײַס ארויס פון גאַנעווס האַנט די שליסל.

פאַרשעם אָט דעם, וואָס לעסטערט בײז דעם
שאָכן,
דו שענד אָט דעם, וואָס לעבט מיט פרעמדע
שוואָכים.
צעטרעט די פעסט פון אומרעכט און פון ליגן
און קרוין דעם העלד, וואָס שאַפט דעם רום
פון זיגן.
דו שטעל אין קאָן דײַן קויעך און דײַן וויסן —
און דעמאָלסט זאָג,
אַז רײן איז דײַן געוויסן.

## ווען שײנקײַט

ווען דו באַגעגנסט ערגעץ־ווו א שײנע פרוי,
איז ווייס,
אַז אויך נאָך איר די גרײַזע עלטער לויערט.
ווען ס'איז דײַן פרוי געוואָרן אַלט און גרוי,
איז גלייב,
זי איז אויך איצט
די שענסטע צווישן פרויען.

## ניט גלייב

קאָנסט גלייבן: ס'האָט איין עק איעדער שטעקן,
אַז ס'האָט דער שאָטן ניט קיין שווארצע פלעקן,
אַז שעפּע טראָגט דעם זאַנג דער שווערער האַגל,
אַז מיטלײַד טראָגט דער שפּארבער אין זײַן נאָגל.

קאָנסט גלייבן: ס'האָט א קראָ א ווײַסן פליגל,
א שווארץ געוויסן האָט דײַן פרײַנט פון וויגל,
אַז ס'קאָן אַף ברייטע יאַמען דיר ניט פרײַ זײַן,
אַז ס'קאָן דײַן פרוי אפילע דיר ניט טרײַ זײַן.

נאָר איינס ניט גלייב, מײַן פרײַנט, מײַן
הייס־געגאַרטער,
אַז דו ביסט שוואַך
און ס'איז דײַן סוינע שטאַרקער.

דווירע כאַראַל

# קינדער-לידער

## ציגעלע

טופּע, טופּע, ציגעלע,
פונעם בארג.
א גאנצן טאָג ארומגעטופּעט,
איז דיר קארג?

א גאנצן טאָג די פיסעלעך
האָסט רוען ניט געלאָזט,
בארג־אראָפּ צום וואסערל
געלאָפן מיטן גראָז.

געבוצקעט זיך מיט ציגעלעך,
געמאכט האָסט קונצן, שטיק.
זע, די זון פארגייט שוין באלד,
צײַט אהיים צוריק.

## איקינן דערגאָרטן

אויסגעוואשן, מונטער־פריש,
זיצן קינדערלעך באם טיש.
אף די טישן קווייטן געלע,
און די גוטע זון די העלע
האָט צעשפּילט זיך
אף די טעלער,
אף די גלעזער,
אף די הענט,
אף די טישן,
אף די ווענט.

און די קינדער — אלץ פארגעסן,
און זיי טרינקען און זיי עסן.
נאָכן עסן, ניט געזאמט,
שפּילן קינדערלעך אין זאמד.
הייס דער זאמד
און הייס די לופט,
קוקן קינדערלעך ארוף:
— נאָך איין ווײַנשל בא דעם פּלויט
פאר דער נאכט געוואָרן רויט.

●

ווײַנשל רויטע,
בלעטער גרינע.
ארום ביימער זשומען בינען.
כאפּן קינדער צווײַגן גרינע,
טרײַבן אָפּ פון בוים די בינען.
פלוצלינג הערט מען —
יאשע שרײַט
פונעם גאָרטן פון דער ווײַט:

— כעוורע,
קומט אהער אפגיך,
שײַע וויל ניט פאָלגן מיך.
קומט אהערצו,
זעט נאָר, זעט,
אף די ציבעלעס ער טרעט. —
ווערט א טומל,
א געלויף,
אלע קומען זיך צונויף.

— האָסט געגראָבן?
האָסט געזייט?
וואָס זשע טרעטסטו אף דער בייט?
ציבעלע האָט פײַנט געוויס,
אז מע טרעט זי מיט די פיס.

נאָכן וואַרמעס — קינדער שלאָפן,
אלע פענצטער זײַנען אָפן.
בלוי דער הימל,
זאמד איז טרוקן,
אין די פענצטער צווײַגן קוקן.

אין דער הייך א פויגל זינגט,
אפן בוים א וועווריק שפּרינגט.
גרויסע צווײַגן,
צווײַגן קלענסטע —
שטייט די וועווערקע אין פענצטער,
שטייט פארוואונדערט,
קוקט און זעט:
ס'שלאָפט א מיידעלע אין בעט.
אין דער לענג פון צימער שטייען
ווײַסע בעטעלעך אין רייען,
אין די בעטלעך
קינדער שלאָפן,
איז די וועווערקע אנטלאָפן.

●

# זיכרוינעס

# מיט מאָריס ווינטשעווסקין

איך וויל דאָ דערציילן וועגן אייניקע מײַנע באַגעגענישן מיטן גרויסן ייִדישן רעוואָליוציאָנערן דיכטער מאָריס ווינטשעווסקי.

אין 1925 איז מאָריס ווינטשעווסקי געקומען פון די פאַרייניקטע שטאַטן צוגאַסט קיין סאָוועטנפאַרבאַנד. ניט געקוקט אַף זײַן עלטער און שוואַכן געזונט־צושטאַנד, האָט ער אונטערגענומען אַ גרויסע און לאַנגדויערנדיקע רײַזע איבער די שטעט און שטעטלעך פון געוועזענעם ייִדישן טכום, קעדיי מיט די אייגענע אויגן זען, וואָס עס איז פאַר די יאָרן פון דער רעוואָליוציע פאָרגעקומען אינעם לעבן פון די ברייטע אַרבעטער־מאַסן.

פאַר אונדז אַלעמען איז ווינטשעווסקי געווען די לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון דער געשיכטע פון דער ייִדישער רעוואָליוציאָנערער, סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דאָס האָט ער נאָך אין סאָף פון די 70־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, צוזאַמען מיט אַרן ליבערמאַנען, געוואָרפן די ערשטע זוימען פון רעוואָליוציאָנערן געדאַנק אין דער ווינער סאָציאַליסטישער צײַטשריפט „האמת" (האָעמעס), דערנאָך געגרינדעט אין קעניגסבערג אַ כוידעש־זשורנאַל „אספת חכמים" (אַסיפאַס כאַכאָמים) פאַר סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, שפּעטער, אין לאָנדאָן, די ייִדישע צײַטשריפטן „דער פּוילישער ייִדל", „דער אַרבייטער־פרײַנט" און אַנדערע.

דערנאָך קומען צענדליקער יאָרן רעוואָליוציאָנערע אַרבעט, פריִער אין לאָנדאָן, דערנאָך אין ניו־יאָרק. איינצײַטיק איז געוואַקסן און האָט זיך אַנטוויקלט זײַן גרויסער פּאָעטישער טאַלאַנט. ער האָט געשאַפן לידער, וואָס זײַנען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פאָלקס־געזאַנגען.

די ליד „דער פרײַהײַט־גײַסט" איז געוואָרן, ווי באַוווּסט, די ייִדישע מאַרסעליעזע. רײַך איז געווען די פּאָעטישע פּאַליטרע פונעם גרײַזן אײַדעלן רעוואָליוציאָנער און דיכטער, וואָס איז אין יענע יאָרן געקומען צו אונדז.

זײַן נאָענטסטער מאַרשרוט איז געלעגן פון בערדיטשעוו קיין ווינניצע און פון ווינניצע קיין אָדעס. איך האָב געהאַט דאָס גליק צו פאַרברענגען מיט ווינטשעווסקין אַ היפּשן טייל פון אָט דער צײַט. אַף מיר איז אַרופגעלייגט געוואָרן די פליכט — באַגלייטן אים, זאָרגן וועגן זײַנע לעבנס־באַדערפענישן אין משך פון זײַן פאַרברענגען בײַ אונדז אין ווינניצע. איך האָב אים באַדאַרפט אויך אָפּפירן קיין אָדעס און דאָרט „איבערגעבן אים" אין די הענט פון די אָדעסער טוער.

אין ווינניצע האָט ער פאַרבראַכט אַ וואָך צײַט. איך בין מיט אים אומעטום מיטגעגאַנגען און מיטגעפאָרן. אין אייניקע פאַלן האָב איך דערציילט פאַר דער אַודיטאָריע וועגן זײַן רעוואָליוציאָנערן און דיכטערישן וועג. מאָריס ווינטשעווסקי איז אַרויסגעטראָטן אַף פיל אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען אין ייִדיש און אין רוסיש. ער האָט זיך געטיילט מיט זײַנע אײַנדרוקן וועגן דער רײַזע איבערן סאָוועטנפאַרבאַנד, דערציילט וועגן דער לאַגע און קאַמף פון די אַרבעטער־מאַסן אין אַמעריקע, וועגן זייער קולטור. מע האָט אים אויפגענומען מיט ענטוזיאַזם. אַף די באַגעגענישן פלעגן געוויינלעך אַרויסטרעטן מיט פאָרלעזונגען און רעציטאַציעס שילער און אַרטיסטן.

אַ רירנדיקן צוזאַמענטרעף האָט ווינטשעווסקי געהאַט מיט די שול־קינדער אין ווינניצע. די שילער האָבן אים אָנגעטאָן אַ פּיאָנערישן האַלדזטוך. דער דירעקטאָר פון דער 5־טער שול א. ס. כיטערמאַן — אַ מענטש מיט אַ טעאַטראַל־קינסטלערישן געשמאַק — האָט צוגעגרייט מיטן אָנטייל פון די עלטערע שילער אַ ספּעציעלע קינסטלערישע פּראָגראַם. אין נאָמען פון די שול־קינדער האָט אים זייער האַרציק באַגריסט איינער פון די עלטסטע שילער, — דאָס איז גראָד געווען מײַן ייִנגערער 14־יאָריקער ברודער דאָוויד (אין 16 יאָר אַרום איז ער העלדיש געפאַלן אין די ערשטע שלאַכטן פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע). דערנאָך האָט מען אינסצענירט ווינטשעווסקיס פּרעכטיקע ליד „לעמפּעלעך". אַף דער סצענע איז באַוויזן געוואָרן, ווי אַף די גאַסן און סקווערן פון דער גרויסער שטאָט ברענען טונקעלע לעמפּעלעך, און זייער טונקעלער שײַן גייען דורך בילדער פון מענטשלעכע לײַדן, פון עלנט און נויט, הונגער און פּײַן. ערגעץ הינטער דער סצענע שטייט אַ שילער און מיט זײַן קלינגענדיקן קאָל פרעגט ער אַלעמאָל:

איז וואָס דערציילט איר, לעמפּעלעך?
איר דערציילט געשיכטעלעך, מײַסעלעך אַ סאַך...

עס האָט זיך געענדיקט די פאָרשטעלונג. דער אַלטער דיכטער איז געזעסן מיט אַן אָנגעבויגענעם קאָפּ, גערירט פון דעם, וואָס ער האָט געזען.

— רופט מיר אַהער דעם דיכטער... דעם דיכטער... — זאָגט ער מיר מיט אַ זקײנישער שטים.

איך ברענג אים צו פירן דאָס ייִנגל. ווינטשעווסקי נעמט אים אַרײַן אין זײַן שויס, קושט אים, גלעט אים האַרציק לאַנג־לאַנג...

אַף אַ צווייטער באַגעגעניש האָט אַ יונג מיידל געזונגען מ. ווינטשעווסקיס באַרימטע ליד „דרײַ שוועסטער":

...אין ענגלאַנד איז דאָ אַ שטאָט לעסטער,
אין לאָנדאָן פאַראַן אַזאַ סקווער,
אין סקווער קומען טעגלעך דרײַ שוועסטער,
דרײַ שוועסטער, זיי קען וועד־ניט־ווער...

די ליד האָט דערמאָנט דעם דיכטער יענע ווײַטע יאָרן, ווען ער האָט געוווינט אין לאָנדאָנער ווײַטשעפּל, צווישן דער ייִדישער אָרעמשאַפט. דאָרט טאַקע האָט ער פאַרפאַסט אָט די טרויעריקע ליד. ער איז געווען שטאַרק גערירט,

וואָס מע זינגט די ליד איצט. אים האָט זיך געוואָלט אלע־מען באַדאַנקען פאר דעם, וואָס מע פאַרגעסט ניט זײַנע אַלטע פּאָעטישע שאַפונגען.

באַזונדערס אינטערעסאַנט זײַנען פאר מיר געווען יענע מאָמענטן, ווען ווינטשעווסקי פלעגט נעמען דערציילן בלעטלעך פון זײַן לאַנגן לעבנסוועג, וועגן זײַנע וואַנדע־רונגען איבער לענדער און באַגעגענישן מיט מערקווירדיקע פערזענלעכקייטן — מיט ענגעלסן, פּאָל לאַפאַרגן, ארן ליבערמאַנען, יאַנקעוו גאָרדינען און פיל אַנדערע.

ווי געזאָגט, איז ווינטשעווסקי געפאָרן פון וויניצע קיין אָדעס. כאָטש אפן אָדעסער וואָקזאַל זײַנען מיר אָנגעקומען פאַרטאָג, איז דער פּעראָן שוין געווען פול מיט דעלעגאַ־ציעס פון פאַרשיידענע קאָלעקטיוון. ווען דער גרייז־גראָ־ער דיכטער איז ארויס פון וואַגאָן, האָט דער פאַרזאַמל־טער אוילעם האַרציק באַגריסט אים און אונטערן אַקאָמ־פּאַנעמענט פון א ספּעציעלן אָרקעסטער געזונגען דעם אינטערנאַציאָנאַל.

אין דעם טאָג פון מײַן אָפּפאָרן צוריק קיין וויניצע בין איך געקומען אין האָטעל זיך געזעגענען מיטן באַליבטן דיכטער. ער האָט מיך וואַרעם באַגעגנט:

— אָט, מײַן בערן־טרײַבער איז געקומען... זעצט זיך, וואַרט אויס א ווײַלע, מיר וועלן נאָך שמועסן א ביסל.

די „ווײַלע" האָט זיך פאַרצויגן אף א פּאָר שאָ. מאָריס ווינטשעווסקי האָט מיר דערציילט נאָך א פּאָר בלעטלעך פון זײַן לעבנס־געשיכטע, ער האָט זיך געטיילט מיט אײַנדרוקן פון זײַן רייזע.

— ווען איך בין נאָך געווען יונג, — האָט ער גע־זאָגט, — האָב איך אָנגעשריבן איינע פון מײַנע ערשטע שריפטן אונטערן נאָמען „יהי אור" (יעהי אויר) — זאָל ווערן ליכטיק. איך האָב אין איר אויסגעדריקט מײַן יוגנטלעכן טרוים וועגן מענטשלעכן גליק... אצינד, אין דער גרייזער עלטער, נאָך דעם, ווי איך האָב באַזוכט אייער וווּנדערלעך לאַנד, ווילט זיך מיר אָנשרײַבן א נײַ ווערק און עס אָנרופן „ויהי אור" (ווײַהי אויר) — עס איז געוואָרן ליכטיק...

ער האָט זיך אופגעהויבן פון שטול, איז צוגעגאַנגען צום גרויסן פענצטער, אין וועלכן עס האָט אַרײַנגעקוקט א שטיק טונקל־האַרבסטיקער הימל, און זיך אָנגערופן:

— אָט איר זײַט נאָך יונג, איר וועט נאָך זען פיל פראַכטפולס. איך... איך אָבער בין שוין אַלט, אַלט און שוואַך... — ער האָט זיך ווידער פאַרטראַכט, דערנאָך אָנגעהויבן מיט א מונטער, פעסט קאָל לייענען זײַן באַ־ווּסטע ליד, וואָס ער האָט געשאַפן מיט יאָרן צוריק, ווען מע האָט אין גרויסן ניו־יאָרק געפײַערט זײַן 60־יאָריקן יובילײ, „מײַן אייניקלעכער פאַרלאַנג". אין דער ליד רעדט דער דיכטער וועגן זײַן לעצטן פאַרלאַנג באַם אומפאַר־מײַדלעכן אַוועקגיין פון דער וועלט:

— איך וויל נאָך זען:
א זונען־אונטערגאַנג א קלאָרן,
א שטערן־רײַכן אָוונט אין זײַן פּראַכט,
מיט פייגעלעך, וואָס פּיפּציגען אין כאָרן,
באַזינגענדיק דעם טאָג, וואָס ווערט געבאָרן,
באַגריסנדיק די מענטשהײַט, וואָס דערוואַכט...
און דאַן, דו ליבע, זיסע וועלט, גוט־נאַכט!

אין 1932 האָט א פילטויזנטקעפּיקער אוילעם אין דעם ריזיקן און טומלדיקן ניו־יאָרק באַגלייט אין זײַן לעצטער רו דעם גרויסן דיכטער, דעם מוטיקן קעמפער, אײדעלן מענטשן, וואָס האָט אין זײַן האַרץ געטראָגן ביזן סאָף פון זײַן לעבן דעם טרוים וועגן פרײַהײַט און ליכט פאַר דער מענטשהײַט, — מאָריס ווינטשעווסקין.

שמואל אָרטענבערג



# מאָריס ראָזענפעלד און אייב קאַהאַן



יטן באַוווּסטן יידישן דיכטער מאָריס ראָזענ־פעלד האָב איך זיך באַקאַנט אומגעריכט און אף א ניט געוויינלעכן אופן.

פרילינג 1923 יאָר. איך בין שוין צוויי יאָר אין אַמע־ריקע. פאַר אַן אַרויסטרעטונג אף א מיטינג פון אַרבע־טער אין ניו־יאָרק קעגן קו־קלוקס־קלאַן האָט מען מיך ארויסגעיאָגט פון דער שוך־פאַבריק, וווּ איך האָב געאַר־בעט אַלס שטעפּער. איך בין געבליבן אַרבעטסלאָז. מײַן עלטערער ברודער, בא וועלכן איך בין געווען א באַר־דער, דה. געהאַט א ווינקל מיט וואַרעמעסן, האָט שוין א יאָר צען געוווינט אין אַמעריקע. נאָר ער איז נאָך אַלץ געווען א נידעריק־באַלוינטער אַרבעטער און אויס־האַלטן מיך ניט געקאָנט. לויט אַן אָנאָנס אין צײַטונג בין איך אָנגעקומען אַרבעטן צו א פאַרמער. עס האָט מיך אָבער געצויגן אין שטאָט אַרײַן צו מײַן אַרבעט. און אין א פּאָר כאָדאָשים אַרום האָב איך זיך אומגעקערט קיין ניו־יאָרק.

ס'איז געווען אַרום עלף אזייגער באַנאַכט, ווען איך בין צוגעקומען צו מײַן ברודערס דירע אף ברוקלין. די טיר איז געווען פאַרמאַכט. א קוויטעלע האָט מודיע געווען, אַז דער ברודער וווינט שוין דאָ ניט מער, ער האָט זיך איבערגעקליבן קיין בראָנקס[1]. א צערשטוינטער, בין איך געבליבן שטיין: וואָס איז געשען? צי דען איז מײַן ברו־דער פלוצעם רײַך געוואָרן? אין בראָנקס וווינען דאָך געוויינלעך מענטשן פון מיטעלן גראַד, אָבער ניט קיין אַרבעטער; גיי שלאָף זיך איצט אין שפּעטער נאַכט קיין בראָנקס. נאָר קיין אַנדער ברייִרע האָב איך ניט געהאַט. איינס אזייגער באַנאַכט האָב איך זיך דערקליבן צו אַן איינשטאָקיקער הײַזקע אין בראָנקס. געעפנט האָט מיר די שוועגערן, א שטאַרק פאַרהאָרעוועטע און אויסגע־צערטע פרוי. דער ברודער איז אין דער היים ניט געווען. דער באָס האָט אים געשיקט מיט אַן איניען קיין באָס־טאָן. אף די שפּיץ פינגער האָט מיך די שוועגערן אַרײַנ־געפירט אין אַן אָרעם מעבלירטס, קליין זאַלכל, מיר אָנגע־וויזן אף א קאַנאַפּע, ווו איך קאָן זיך אָפּרוען, א שעפּטשע געטאָן אין אויער, איך זאָל ניט מאַכן קיין גערודער... מאָרגן וועט זי מיר אַלץ דערקלערן, און איז אַוועק אין

---

[1] ברוקלין און בראָנקס — שטאָט־ראַיאָנען אין ניו־יאָרק.

א זייטיק צימערל. איך האב זיך גענומען אויסטאן, איינצייטיק באטראכטנדיק דאס זאלכל.

אפן טיש איז געלעגן שרייב־געצייג, אן א שיר זשורנאלן — יידישע און ענגלישע. אין א ווינקל איז געשטאנען אן אלטער צענעמענער שראנק, אנגעטאסעוועט מיט ביכער. וואס הייסט זאס? ווי קומט דאס צו מיין ברודער און ווי קומט מיין ברודער אהער?

גייענדיק פארלעשן די שיין, האב איך אף דער וואנט באמערקט א פארטרעט פון א דערוואקסן אויסגעדארט יינגעלע, וואס האט געקוקט אף מיר מיט גרויסע בעטנדיקע אויגן. אזעלכע יינגעלעך פלעג איך אפט באגעגענען אף די מערק אין איסט־סייד, זיי פלעגן שטיין לעם די פעדלער און בעטן: „שענקט א באנאנע"...

דער פארטרעט איז געווען ארייגעטאן אין א שווארץ לאקירט רעמל, מיט א שווארצן טוך ארומגענומען. אפן ראנד פון פארטרעט איז מיט קאליגראפישע אויסיעס געווען אויסגעפירט: „מיין יינגעלע". וואלט איך דעמלט צו מיינע ניינצן פארהארעוועטע יאר געווען מער באהאוונט אין דער יידישער ליטעראטור, וואלט איך געוויס זיך אנגעשטויסן, וועמעס איז דאס „מיין יינגעלע".

באנאכט. א פיינלעך־נאגנדיק געקרעכצערײַ האט מיך אופגעוועקט פון שלאף. „ווו בין איך דא?" כ'בין אראפ פון געלעגער, אינסטינקטיוו זיך געלאזט אהין, פונוואנען כ'האב געהערט א מענערשן קרעכץ. נאר פארבלאנדזשעט, זיך פארטשעפעט בא עפעס, איבערגעקערט א בענקל. פלוצעם האט זיך דערהערט א קלאפ פון א שטעקן. עס עפנט זיך א טיר, און דאס געקרעכצערײַ מיטן קלאפערײַ רוקן זיך ארײַן אין פינצטערן זאלכל, און, ווי מיר האט זיך געדאכט, גלייך אף מיר. כאטש איך בין געווען ניט קיין שרעקעוודיקער, נאר איבערן לייב איז מיר דורך א גרויל. ווען דער קרעכצנדיקער זאל ניט געווען אנצינדן די שיין, וואלט איך געוויס אנגעהויבן שרייען. פאר מיר איז אין אונטערשטן גרעט געשטאנען א מענטש בא די זעכציק, פון מיטעלן ווקס, מיט אן אנגעדראלן קרענקלעך פאנעם. א געדיכטע קודלע האר האט, ווי א פאריק, באדעקט זיין גרויסן קאפ.

דער צעשטרייטער בליק פונעם מענטשן האט זיך דורך די ברילן אין מיר איינגעגעסן. מיט א וויינענדיקער שטים, ווי א קינד, וואס פעסטעט זיך, האט ער א פרעג געטאן:

— ווער זייט איר?

איך האב אין איילעניש און אין שרעק פאר אט דעם מענטשן אפגיך אויסגעשאטן, ווער איך בין.

— און איך בין... — האט ער אויסגעקרעכצט, — מאריס ראזענפעלד. — און ניט לייגנדיק אף מיר מער קיין שום אכט, האט ער זיך צוגעזעצט צום טיש און גענומען עפעס שרייבן. עטלעכע מינוט האב איך נאך געהערט דאס סקריפען פון דער פען, און כ'בין אנשלאפן געווארן.

אינדערפרי, ווען איך האב זיך אופגעכאפט, איז אין זאלכל קיינער ניט געווען. די שיין האט געברענט. ווייזט אויס, ער האט פארגעסן זי פארלעשן. אפן טיש איז געלעגן א ליד אונטערן קעפל „איך גלייב דיר". און לעם איר, אף א באזונדער בייגעלע פאפיר, א פאלגנדיקער בריוו:

„גענאסע אייב קאהאן, איך שיק אייך די דאזיקע ליד. ניט געקוקט דערויף, וואס איר זייט שטארק בארויגעז אף די באלשעוויקעס, כאטש קיין קינד האבן זיי אייך ניט געקוילעט, בעט איך דאך זי לאזן דרוקן. איך וואלט אליין צו אייך געפארן, נאר איך בין שטארק קראנק.

מיט גרוס

מאריס ראזענפעלד".

די שוועגערן האט מיר דערציילט, אז דער באוווסטער דיכטער איז שוין א סאך יארן געפערלעך קראנק. די הייזקע מיט די דריי צימערן און א פיצעלע גערטנדל האבן אים געקויפט אלס מאטאנע די יידישע ארבעטערארגאניזאציעס, וועלכע האבן אים שטארק געאכטעט. ער איז איינזאם, און קעדיי עמעצער זאל אף אים אכטונג געבן, האט מען אפגעדרוקט אן אנאנס אין דער צייטונג, אז ווער עס נעמט זיך אונטער נאכגיין נאך א קראנקן מענטשן, וועט זיך באנוצן מיט א קווארטיר אומזיסט. פאר מיין ברודער, וואס פלעגט א דריטל פון זיינע פארדינסטן אויסצאלן דירעגעלט, איז דאס געווען ווי געווונטשן, און ער האט זיך גלייך אהער איבערגעקליבן.

נאך דעם, ווי די שוועגערן האט געמאכט פרישטיק פאר אים און פאר אונדז, האט זי זיך אנגעהויבן קלייבן אין וועג. דער דיכטער האט, קרעכצנדיק, ארייגעלייגט די ליד און דעם בריוו אין א קאנווערט, אנגעשריבן: „פערזענלעך דעם רעדאקטאר" און דערלאנגט דער שוועגערן.

ווען זי איז שוין געשטאנען אף דער שוועל, האט ער זי נאכאמאל צוגערופן, אנגענומען זי פאר דער האנט:

— אוי, אוי, זאג אים דארט, טאכטער, ער זאל עס לעמאן־האשעם דרוקן.

ווען זי איז אוועק, האט ראזענפעלד, קרעכצנדיק, זיך צוגעשלעפט (דער לינקער פוס איז בא אים געווען געליימט) צו א מאפע, וואס איז געהאנגען אף דער וואנט, און, אנווייזנדיק מיטן פינגער אף מאסקווע, א זאג געטאן:

— זאלן זיי וויסן, אז מאריס ראזענפעלד איז מיט זיי, ער גלייבט זיי.

גאר פלוצעם האט ער א קלאפ געטאן מיטן שטעקן:

— ער וועט ניט וועלן, דער מעשומעד, ער וועט גיכער לאזן דרוקן „דאס בינטל בריוו" און קאוונערס יענסטעלעבענדע־פעליעטאנען, איידער א ליד וועגן רוסלאנד.

און ווענדנדיק זיך צו מיר, ווי גלייך איך וואלט האבן א שייכעס צום איניען:

— איר קענט אים נאך ניט, יונגערמאן. אייב קאהאן איז דאס סאמע נידערטרעכטיקסטע אף דער וועלט. איר וועט אים ערשט דערקענען שפעטער. אזא פיגמיי, שטעלט ער זיך קעגן ראטן־רוסלאנד.

מאכטלאז האט ער זיך אראפגעלאזט אף דער קאנאפע. א צייט איז ער געלעגן ווי אין הינערפלעט. איך בין געשטאנען און מיט ווייטעק און פארדראס באטראכט דעם בארימטן, נאר עלנטן און צאנקענדיקן דיכטער. איך בין גרייט געווען לויפן צו אט דעם אייב קאהאנען און אים פאלן צו די פיס אדער שטיקן און ווארגן, אבי ער זאל אפדרוקן די ליד און ניט פארשאפן קיין שמערצן אט דעם מענטשן.

אין א צייט ארום האט מאריס ראזענפעלד געעפנט די אויגן, זיך ארומגעקוקט, אופגעהויבן דעם שטעקן פונעם דיל, צוגעשלעפט זיך צום טישל און גענומען עפעס שרייבן, נאר באלד מיט כאס און קרעכצעניש צעריסן דאס בלעטל:

— מ'וועט סייווי ניט דרוקן...

ער האט זיך אופגעהויבן, מיך אנגעכאפט פאר אן ארבל און זיך געלאזט צום גערטנדל, ווו עס זיינען געוואקסן מערעלעך, סאלאט און אנדער גרינוואורג. לאנג

באטראכט דאָס גערטנדל, א טיפן זיפץ געטאָן, ווי ער וואָלט זיך דערמיט געזעגנט, און ווידער סטאם א זאָג געטאָן:

— מ׳וועט סײַווי ניט דרוקן...

צו מיטיק האָט זיך די שוועגערן אומגעקערט, אָפּגעגעבן אים צוריק דעם קאָנווערט און א צעטעלע. ער האָט איבער דעם געטאָן א לויף מיט די אויגן, מיט א ראשער באַוועגונג א שלײַדער געטאָן עס אָף דער ערד, גענומען טאַפּטשען מיטן געזונטן פוס און ניט מיט זײַן קאָל געשריגן:

— פאשיסט! מוסאָליני! מעשומעד! גאנגסטער!

דראָענדיק מיטן שטעקן, האָט ער זיך א לאָז געטאָן צו דער טיר:

— איך וועל גיין, מיטן שטעקן וועל איך אים דערלאַנגען!

נאָר ער איז אנידערגעפאלן.

קאָנטיק, אז דאָס איז געווען אן אָרדנטלעכע אטאקע פון זײַן קרענק. איך און די שוועגערן האָבן אים מיט גרויס מי אופגעהויבן און אוועקגעטראָגן אין צימער. די שוועגערן האָט אים עפּעס אײַנגעגעבן, און ער איז רויִק אנשלאָפן געוואָרן.

זי האָט מיר דערציילט, אז אייב קאהאן האָט געהייסן איבערגעבן ראָזענפעלדן, אז ער זאָל מער די באַלשעוויקעס קיין לויבגעזאאנגען ניט שרײַבן, ער וועט זיי ניט דרוקן.

נאָך דעם דאָזיקן פאל האָט דער דיכטער איבערגעריסן די באַציִונגען מיטן „פאָרווערטס“ און אָנגעהויבן שיקן לידער אין „מאָרגן“־זשורנאל. אָבער אויך דאָ האָט ער געהאט געגוג שמערצן, ביז מע פלעגט אים אָפּדרוקן א ליד.

דעם 22 יון 1923 איז מאָריס ראָזענפעלד געשטאָרבן.

ג. קאָסאָי

---

# כראָניק

## אלעקסיי סורקאָוו וועגן שמועל ראָסינען

צום צוואנציקסטן יאָרטאָג פונעם ניצאָכן איבערן היטלעריסטישן דײַטשלאנד איז אינעם פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל“ דערשינען א גרויסע זאמלונג „סאָוועטישע דיכטער, וועלכע זײַנען אומגעקומען אין דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע“. אין איר זײַנען פארטראָטן אכט און פערציק פּאָעטן פון פארשיידענע נאציאָנאליטעטן.

אינעם פאָרוואָרט צום בוך שרײַבט, צווישן אנדערס, אלעקסיי סורקאָוו: „איך לייען די פארעפנטלעכטע אין דער זאמלונג לידער פונעם ייִדישן דיכטער שמועל ראָסין, וואָס איז צוזאמען מיט די מאָסקווער אָפּאָלטשענצעס אוועק אפן פראָנט און אומגעקומען אין וויאזמער־סמאָלענסקער „קעסל“... דאָס איז געווען א מענטש מיט א ציכטיקער, קינדיש־אופריכטיקער נעשאָמע און פון א גרויסן ליכטיקן פּאָעטישן טאלאנט“.

## געווידמעט זעליק אקסעלראָדן

דעם 6 מײַ איז אין דער רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד“ פאָרגעקומען א ליטעראַרישע באגעגעניש, געווידמעט דעם 60־טן געבורטסטאָג פונעם דיכטער זעליק אקסעלראָד.

דער הויפּט־רעדאקטאָר ארן ווערגעליס האָט אין זײַן ארײַנפיר־וואָרט הויך אָפּגעשאצט זעליק אקסעלראָדן אלס אייגנארטיקן און טאלאנטפולן ליריקער, אלס צארטן דיכטער און געזעלשאפטלעכן טוער.

מיט א גרעסערער רעדע איז ארויסגעטראָטן די קריטיקערן ריווקע רובין. זי האָט, צווישן אנדערן, דערציילט, אז אין 1932, ווען עס איז דערשינען ז. אקסעלראָדס ערשט ביכעלע לידער, האָט שמועל האלקין אָנגעשריבן אף דעם אזא ווידמונג: „יעדעס בלעטעלע באזונדער — א הויפן פאלנדיקער שניי, און אלע זיי צוזאמען — רײַפער ווינטער“.

מיט דערינערונגען זײַנען ארויסגעטראָטן מוישע טייף און ייִסראָעל סערעבריאני. די דיכטער מאָטל גרוביאן, מענדל ליפשיץ און איטשע באָרוכאָוויטש האָבן פאָרגעלייענט לידער, געווידמעט זעליק אקסעלראָדן.

זייערע איבערזעצונגען פון אקסעלראָדס לידער האָבן געלייענט יעלענע אקסעלראָד און אלעקסאנדער רעוויטש.

די ארטיסטן ווערא ליפּאָוועצקאיא האָט מיט קינסטלערישן טאקט אויסגעפילט א קורצע פראָגראם פון אקסעלראָדס ווערק.

## אן אינטערעסאנטע לעקציע

דער באקאנטער סאָוועטישער סעמיטאָלאָג — קאנדידאט פון פילאָלאָגישע וויסנשאפטן קלאַוודיִא סטארקאָווא האָט אין קאָנפערענץ־זאל פון לענינגראדער אינסטיטוט פאר די פעלקער פון אזיע און אפריקע געלייענט א לעקציע פונעם ציקל „די געשיכטע פון בייס־דאָוויד“.

אין איר ארויסטרעטונג האָט זי אנאליזירט דעם היסטאָרישן ווערט און ליטעראַריש־קינסטלערישן ניווא פון די ביבל־דערציילונגען וועגן דער אוראלטער געשיכטע פונעם ייִדישן פאָלק. די לעקציע האָט ארויסגערופן א שטארקן אינטערעס בא די אָנוועזנדיקע.

## אפן בלויען עקראן

די נאָוואָסיבירסקער טעלעוויזיעסטודיע האָט אין איר פראָגראם „נעמען, געשעענישן, דאטעס“ אויסגעטיילט א באדײַטנדיק אָרט דעם 75־טן געבורטסטאָג פון שלוימע מיכאָעלסן. טויזנטער טעלעוויזיע־צושויער האָבן מיט אינטערעס געקוקט די פראגמענטן, אין וועלכע עס איז באוויזן, וויִאזוי מיכאָעלס שפילט די ראָלן „טעוויע“ און „קיניג ליר“. דער דיקטאָר האָט אויך פאָרגעלייענט די זיכרוינעס פונעם באוווּסטן רעזשיסער יורי זאוואדסקי וועגן שלוימע מיכאָעלסן.

## אונדזער ווונטש

די פּראָגרעסיווע ייִדישע דיכטערן פון די פאראייניקטע שטאטן סאָרע פעל־יעלין איז אלט געוואָרן 70 יאָר. די ייִדישע פּרעסע האָט ברייט אָפּגעמערקט אירע פארדינסטן אלס דיכטערן, פובליציסט און קעמפערן פאר שאָלעם.

די רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד“ פאראייניקט זיך צו דער גרויסער צאָל באגריסונגען און ווינטשט דער דיכטערן סאָרע פעל־יעלין שעפערישע דערפאָלגן און אריכאס־יאָמים.

הערש רעמעניק

# י.־ל. פּערעץ און שאָלעם־אַלייכעם

## די שעפֿערישע פּאָלעמיק צווישן פּערעצן און שאָלעם־אַלייכעמען

גלײַך נאָך דעם, ווי עס איז דערשינען דער צווייטער באַנד פון דער „יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק", האָט שאָלעם־אַלייכעם געליטן א מאַטעריעלע קאַטאַסטראָפע און איז געצוווּנגען געווען ארויספאָרן קיין אויסלאַנד, כדי צו ראַטעווען זיך פון די קרעדיטאָרן.

אזוי ווי די „יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק" האָט שוין ניט עקזיסטירט, האָט פּערעץ, וואָס זײַן אויטאָריטעט און ווירקונג אין דער נײַער יידישער ליטעראַטור איז פאַר דער צײַט האַסטיק אויסגעוואַקסן, אָנגעהויבן ארויסגעבן אין 1891 זײַן „יידישע ביבליאָטעק".

פּערעצעס נײַע אויסגאַבע האָט שאָלעם־אַלייכעמען אויסגעדאַכט צו זײַן ווי א מין ארויסרוף. באַזונדערס איז ער געווען דערצאָרנט דערפון, וואָס פּערעץ האָט אָנגערופן די נײַע אויסגאַבע קימאַט מיטן זעלבן נאָמען, וואָס זײַן אויסגאַבע. מיר קאָנען פאַרשטיין שאָלעם־אַלייכעמס אַגמעסנפּעש און זײַן פאַרדראָס, וואָס ער קאָן מער ניט ארויסגעבן די באַליבטע „יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק".

נאָר ווי שווער ס'איז ניט געווען שאָלעם־אַלייכעמס געמיט־צושטאַנד, איז פּערעץ דאָך ניט געווען שולדיק דערין. אפילו ווען שאָלעם־אַלייכעם זאָל געווען פאָרזעצן ארויסגעבן זײַן יאָרבוך, וואָלט דאָס דאָך ניט באַטײַט, אַז פּערעץ האָט ניט קיין רעכט ארויסגעבן זײַן „יידישע ביבליאָטעק". ביפראַט נאָך, אַז ס'איז שוין אריבער קימאַט צוויי יאָר, און שאָלעם־אַלייכעם האָט נאָך אַלץ ניט געהאַט קיין מעגלעכקײַט צו באַנײַען זײַן יאָרבוך. וואָס שײַך דעם נאָמען, מיט וועלכן פּערעץ האָט אָנגערופן זײַן אויסגאַבע, קאָן מען גראָד אין דעם אײַנזען א פּאָזיטיוון מאָמענט, פּערעצעס ווילן צו פאָרזעצן די פאַרבינדונג מיט שאָלעם־אַלייכעמס „יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק".

שאָלעם־אַלייכעם איז אָבער געווען אופגעבראַכט, און אין 1892 האָט ער ארויסגעלאָזט דעם „קאָל־מעוואַסער" צו דער „יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק", וווּ ער האָט געעפנט א פּאָלעמיש פײַער קעגן פּערעצן. אין א קאָרעספּאָנדענץ פון טעטרעוויץ, וואָס מיר געפינען דאָרט, לייענען מיר:

„ליבע, טײַערע רעדאַקציע!

נייג אָן דײַן אויער און פאַרנעם די רייד פון די טעטרעוויצער מאַסקילים — א ווינט פון זייער בויך האָט זיי צעקוועטשט און די געדערים טוען בא זיי ברומען פונעם שאַלקאַפּטיקײַט, וואָס איז געטאָן געוואָרן צווישן יידן. אומײַסע שעהאַיאָ קאָך האַיאָ: פונעם ערשטן טאָג אָן, וואָס האָט אָנגעהויבן ארויסצוגיין אײַער בוך „די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק", זײַנען מיר אײַערע אבאָנענטן; פלוצעם דערהערן מיר פאַראיאָרן, אַז עס גיט זיך ארויס אין אַן אַנדער שטאָט א בוך קימאַט מיט דעם אייגענעם נאָמען, וואָס אײַער בוך, האָבן מיר אינדערגיך אויסגעשריבן דאָס בוך; מיר טוען א קוק אין בוך — ס'איז גאָרניט אײַער בוך! מיר זוכן דעם נאָמען שאָלעם־אַלייכעם — נישטאָ!"[1]

ס'וואָלט אָבער געווען א פעלער צו מיינען, אַז שאָלעם־אַלייכעם האָט אין „קאָל־מעוואַסער" געפירט נאָר א פּערזענלעכן קאַמף קעגן פּערעצן. דער קאַמף איז אויך איצט געווען א פּרינציפּיעלער. אונטערן פּסעוודאָנים „קריטיקוס דער צווייטער" שרײַבט שאָלעם־אַלייכעם א רעצענזיע אף פּערעצעס ביכל „פּאָעזיע". קריטיקירנדיק פּערעצעס דיכטונג פאַר דעם, וואָס „אויבנוף קומט דאָס אויס א ביסל טונקל, ווײַטלעך פון פאַרשטאַנד, עפּעס ווי א מין שפּרוך פון א מעכאַשעף, אָדער א סגולע צו צאָן־ווייטעק", זעצט פאָר שאָלעם־אַלייכעם זײַן פריערדיקן שעפערישן דיאַלאָג מיט פּערעצן. דער שאַרפער טאָן איז, מעגלעך, באַפאַרבט מיט פּערזענלעכן פאַרדראָס, אָבער אין טאָך איז דאָס א שטרײַט, וואָס איז נעגייע די וועגן פון דער יידישער ליטעראַטור. דאָס איז צו זען פונעם גאַנצן מאַטעריאַל אין „קאָל־מעוואַסער", וואָס איז אין גרונט געווענדט קעגן שאָלעם־אַלייכעמס לאַנגאָנעדיקע ליטעראַרישע קעגנערס: קעגן שאָמערן, קעגן „יידישעס פאָלקסבלאַט", קעגן פאַרמיסטיקן די יידישע ליטעראַרישע שפּראַך מיט פרעמדווערטער, וואָס האָבן געדראָעט צו פאַרהאַלטן איר אַנטוויקלונג. אין א ריי מאַטעריאַלן פאַראָדירט שאָלעם־אַלייכעם דאָס מיסברויכן מיט סלאַווישע עלעמענטן, מיט דײַטשמעריזמען, מיט העברעיזמען. שאָלעם־אַלייכעם האָט פאָרגעזעצט זײַן דויערנדיקן קאַמף פאַר א פאָרגעשריטענער יידישער ליטעראַטור און פאַר א ריינער יידישער ליטעראַרישער שפּראַך.

אינטערעסאַנט, אַז פּערעץ האָט רעאַגירט העכסט פּרינציפּיעל אף שאָלעם־אַלייכעמס אָפענער ארויסטרעטונג קעגן אים. אין א בריוו צו ב. גאָרינען שרײַבט ער וועגן שאָלעם־אַלייכעמס „קאָל־מעוואַסער": „שאָלעם־אַלייכעם טרעט צו ארויסגעבן דעם דריטן באַנד, דערווײַל האָט ער ארויסגעגעבן דעם „קאָל־מעוואַסער", צוזאַמענגעשטעלט אויסשליסלעך קעגן מײַן אומגליקלעכער פּערזאָן". אָבער פּערעץ שטעלט זיך ניט אָפּ אף די פּערזענלעכע פראַגן. אים אינטערעסירן דעריקער שעפערישע פּראָבלעמען, און ער געפינט אין זיך מוט אָפּצושאַצן ריכטיק שאָלעם־אַלייכעמס קינסטלערישע דערגרייכונגען. ער שרײַבט ווײַטער: „אין „קאָל־מעוואַסער" זײַנען גוט דאָס געדיכט „וויגן־ליד" און אויסגעצייכנט איז אָנגעשריבן דער פאַרס „לאָנדאָן"".[2]

דער שטרײַט צווישן פּערעצן און שאָלעם־אַלייכעמען האָט זיך אָבער אַנטפּלעקט ניט נאָר אין אָפענער פּאָלעמיק,

[1] „קול מבשר צו דער „יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק", אָדעס, תרנב, ארויסגעגעבן פון שאָלעם־אַלייכעם, ז. 27.

[2] י.־ל. פּ ע ר ע ץ. בריוו און רעדעס. זז. 167—168.

סאָף. זע אָנהייב „סאָוועטיש היימלאַנד", נומ. 5, 1965.

נאָר אויך, און עפּשער דעריקער, אין זייער ליטעראַרישער פּראַקטיק. שאָלעם־אַליכעם איז געווען א רעאַליסט, פּערעץ איז אויך געווען א רעאַליסט, אָבער זײַן רעאַליזם, ווי געזאָגט, איז געווען פאַרבונדן מיט ראָמאַנטיזם, סימבאָליזם, עקספּרעסיאָניזם.

מיר וואָלטן געגעבן א פאַרקריפּלט בילד פון פּערעצעס שאַפונג, ווען מיר זאָלן אומבאַדינגט שלעפּן אף אונדזער גרויסן קלאַסיקער קליידער פון אַן אָרטאָדאָקסאַלן רעאַליסט. פּערעץ אליין האָט אף זיך געזאָגט, אז ער איז „א פאַרפאַלענער ראָמאַנטיקער", און אין דער זעלבער צײַט שרײַבט ער אין זײַנע זיכרוינעס, אז ער איז ניט קיין ראָמאַנטיקער. אין דעם איז דיווירקלעכע דיִאַלעקטיק פון פּערעצעס איינהײַטלעכקײַט.

ס'איז ניט וויכטיק, צי האָבן פּערעץ און שאָלעם־אַלייכעם באַוווּסטזיניק קעגנגעשטעלט איינער דעם צווייטן זייער שאַפונג. מיר קאָנען זיך פאָרשטעלן א פּאָלעמיק פון קינסטלער ניט אין ארטיקלען און רעדעס, ניט פּובליציסטיש, נאָר לויטן אינערלעכן טאָן, לויטן שעפערישן צוגאַנג און לויט דער קינסטלערישער לייזונג פון באַשטימטע לעבנס־פּראָבלעמען. אנאַלאָגישע בײַשפּילן זעען מיר, לעמאָשל, אין דער רוסישער ליטעראַטור: דאָסטאָיעווסקי און טורגעניעוו („שיידים" קעגן „רודין"), טשערנישעווסקי און טורגעניעוו („וואָס טאָן?" קעגן „פאָטערס און קינדער"), טאָלסטאָי און טשערנישעווסקי („קריג און פרידן" קעגן „וואָס טאָן?").

די קינסטלערישע פאַרמעסטונג צווישן פּערעצן און שאָלעם־אַלייכעמען, די שעפערישע פּאָלעמיק צווישן זיי האָט געפונען אַן אויסדרוק אין דער אידייִש־קינסטלערישער אינטערפּרעטאַציע פון געשטאַלט. און ניט פּאַשעט פון געשטאַלט, נאָר פונעם פּאָזיטיוון, צענטראַלן העלד פון דער ליטעראַטור. פּערעץ און שאָלעם־אַלייכעם האָבן געגעבן אף אָט דער פּראָבלעם פון העלד פאַרשיידענע ענטפערס.

די פּראָבלעם פון העלד איז געווען פאַר פּערעצן און שאָלעם־אַלייכעמען די וויכטיקסטע אין יענעם פּעריִאָד. די עפּאָכע פון די 90־ער יאָרן האָט געשטעלט אָט די פּראָבלעם פון פּאָזיטיוון העלד ניט בלויז פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור. אזוי אָדער אנדערש האָבן אָט די פּראָבלעם געשטעלט און געלייזט אויך גאָרקי און טשעכאָוו. אין דער ייִדישער ליטעראַטור — פּערעץ און שאָלעם־אַלייכעם.

אין דער ליד „אויסגעשטאָרבן" קלאָגט זיך פּערעץ: „עס זאָל קלינגען „גאַנץ קרוינפוילן" — עס זאָל שאָקלען זיך די וועלט!.. איך האָב גראַמען און אידייען, ליידער האָב איך ניט קיין העלד! עפּשער ווייסט איר, בניי־ראַכמאָנים, ווו איך קריג א העלד א פײַנעם".

ווו קריגט מען „א העלד א פײַנעם" — דאָס איז געווען די צענטראַלע אויפגאַבע פאַר פּערעצן. עס איז שוין לאַנג פּעסטגעשטעלט, אז די ליד „אויסגעשטאָרבן" איז א פראַגמענט פון פּערעצעס א פּאָעמע אָדער אפילע פון א גאַנצן ציקל פּאָעמעס אונטערן אלגעמיינעם קעפּל „ווו נעם איך א העלד?" דאָס האָט געזאָלט זײַן א ראָמאַנטישער העלד, וואָס איז העכער פון דער וואָכעדיקער גרויער ווירקלעכקײַט און געפינט זיך אין וועלט פון טרוימען.

דאָ וועט זײַן צום אָרט דורכפירן א פּאַראַלעל צווישן פּערעצעס „מאָניש" און שאָלעם־אַלייכעמס „סטעמפּעניו", וואָס זײַנען ביידע פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דעם ערשטן בוך פון „דער ייִדישער פאָלקס־ביבליִאָטעק".

דער ראָמאַנטישער העלד מאָניש, וואָס זײַן פּראָטאָטיפּ איז געווען פּערעץ אליין, לײַדט א קאַטאַסטראָפע, און צוזאַמען מיט אים קומט אום די גאַנצע ארכאַיִש־ראָמאַנטישע וועלט. עס האָט זיך אַנטפּלעקט פּערעצעס שעפערישער מעטאָד, מיט וועלכן ער האָט אָפּגעשפּיגלט אף א ראָמאַנטישן אויפן רעאַלע דערשײַנונגען. רעכט אף ליבע אין די באַדינגונגען פון פאַרצויגענעם מיטלאַלטער און נויטווענדיקײַט צו צערײַסן די צוימען פון אסקעטיזם — אָט דאָס איז געווען דער אידייִשער אינהאַלט פון „מאָניש".

אנדערש האָט געטראַכט וועגן העלד פונעם לעבן און פון דער ליטעראַטור שאָלעם־אַלייכעם. פאַר אים איז דער העלד, איבער וועלכן פּערעץ האָט געטראַכט אין יענער צײַט, ניט געווען קיין העלד, און אוואַדע ניט קיין ראָמאַנטישער העלד. פאַר שאָלעם־אַלייכעמען איז אַן אילוי ביכלאַל ניט געווען קיין העלד ניט פון לעבן און אוואַדע ניט פון דער קונסט. אין „א בריוו צו א גוטן פרײַנט" האָט שאָלעם־אַלייכעם אָנגעוויזן: „שרײַבנדיק פאַרן פאָלק און ריידנדיק מיט אים אף זײַן שפּראַך, מוז מען אים געבן אזעלכע בילדער און פאָרשטעלן אזעלכע פאַרשוינען, וואָס זײַנען אים גוט באַקאַנט, דאָס הייסט די העראָיען באַדאַרפן זײַן גענומען פון זײַן ספערע, דאָס הייסט פון זײַן גראַד, טאַקע פונעם פאָלק אליין. און ווער עס איז באַקאַנט מיט אונדזער פאָלק, דער ווייסט, אז העלדן געפינען זיך צווישן אונדזער האַמוין־אַם א סאַך מער אַלס בא אונדזער העכערן קלאַס, וואָס מע רופט דאָס אָן „אינטעליגענציע"[1].

שאָלעם־אַלייכעם האָט סאָף 80־ער — אָנהייב 90־ער יאָרן זיך שוין אויסגעפאָרמירט אַלס גרויסער רעאַליסט, און דעריבער איז אויך געווען באַשטימט זײַן הויפּטהעלד, דאָס צענטראַלע געשטאַלט פון זײַן שאַפן. פון איין זײַט, איז דאָס געווען דאָס „קליינע מענטשעלע", דער וואָכעדיקער מענטש מיט זײַנע צוויי קעגנזעצלעכע פאַרקערפּערונגען — מענאַכעם־מענדל און טעוויע. פון דער צווייטער זײַט, האָט דער רעאַליסט שאָלעם־אַלייכעם אויך געשאַפן ניט קיין „וואָכעדיקן", נאָר א „יאָמטעוודיקן", א טרוימערישן, א ראָמאַנטישן העלד. דאָס איז געווען דאָס געשטאַלט פונעם קינד און פונעם טאַלאַנטירטן פאָלקס־מענטשן, העם באַגאַבטן זינגער, שפּילער, אקטיאָר. אין יענער צײַט, ווען צווישן פּערעצן און שאָלעם־אַלייכעמען האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע שעפערישע פאַרמעסטונג, די אָפענע און פאַרשטעלטע פּאָלעמיק, איז סטעמפּעניו געווען שאָלעם־אַלייכעמס פּאָזיטיווער העלד. פאַר שאָלעם־אַלייכעמען איז ניט געשטאַנען קיין פראַגע, „ווו נעם איך א העלד?" פּערעצעס ראָמאַנטישן העלד האָט שאָלעם־אַלייכעם קעגנגעשטעלט דעם באַגאַבטן פאָלקס־קינסטלער, אויך א ראָמאַנטישן טרוימער, נאָר אין דער זעלבער צײַט — א דורכויס רעאַליסטיש געשטאַלט.

אינטערעסאַנט איז דאָס, וואָס פּערעצעס ליד „אויסגעשטאָרבן" האָט ארויסגערופן א פּאָלעמישן ענטפער גאָר פון אַן אנדער זײַט. אף איר האָט זיך אָפּגערופן מאָריס ווינטשעווסקי, וועלכער האָט אין זײַן ליד „זיי לעבן נאָך" פאָרגעלייגט פּערעצן, ער זאָל זיך ווענדן מיטן פּאָנעם צו דער „נײַער וועלט" און דאַן וועט ער ניט דאַרפן זוכן

---

[1] שאָלעם־אַלייכעם. א בריוו צו א גוטן פרײַנט. די „ייִדישע פאָלקס־ביבליִאָטעק", א בוך פאַר ליטעראַטור, קריטיק און וויסנשאַפט, ארויסגעגעבן פון ש. ראַבינאָוויטש, צווייטעס בוך, קיִעוו. זז. 307—308.

קיין העלד: „העלדן וועסטו געפינען מאסן, העלדן צווישן אַרבעטסלײַט, וועלכע אָפּפערן געלאסן לײַב־און־לעבן אין דעם שטרײַט“.

עס וואָלט אָבער געווען גאַנץ איבערפלעכלעך צו מיינען אפן סמאַך פון געזאָגטן, אַז שאָלעם־אַלייכעם האָט געשילדערט פאָלקס־געשטאַלטן אַלס צענטראַלע העלדן פון דער ליטעראַטור און פּערעץ ניט. פּערעצעס שאַפונג איז ניט ווייניקער פאָלקסטימלעך און דעמאָקראַטיש, ווי שאָלעם־אַלייכעמס, און די הויפּט־העלדן פון זײַנע ווערק, אַפילע פון די סאַמע ראָמאַנטישע, זײַנען פאַרשטייער פונעם פּאָשעטן פאָלק. דאָ האַנדלט זיך ניט אין דער שטופע פון דעמאָקראַטיזם און פאָלקסטימלעכקײַט, נאָר אינעם אויפן פון שילדערן דעם העלד, אינעם שעפערישן מעטאָד. בא שאָלעם־אַלייכעמען זײַנען די געשטאַלטן — פאַרקערפּערונגען פון אָביעקטיווע רעאַליטעטן, זיי זײַנען ווי פולשטענדיק אָפּגעטיילט פון זייער באַשעפער און לעבן א זעלבשטענדיק לעבן, אַף וועלכן דער אווטאָר האָט קיין שליטע ניט. מענאַכעם־מענדל, טעוויע, מאָטל באַוועגן זיך אין זייער סאָציִאַל־היסטאָרישער סוויווע, אין זייער אייגענעם קרײַז, לויט דער אימאַנענטער לאָגיק פון זייער אייגענער עקזיסטענץ. בא פּערעצן זײַנען די געשטאַלטן ניט קיין פאַרקערפּערונגען פון אָביעקטיווע רעאַליטעטן, נאָר דעריקער אומרויִקע שטרעבונגען און זוכונגען פונעם קינסטלערס גײַסט. פּערעצעס העלדן לעבן ניט, אַלס קלאַל (אויסער, עפּשער, אין א צענדליק נאָוועלן) אין קיין רעאַלער צײַט, נאָר אין אויסגעדיכטעטע, אויסגעטרוימטע צײַט־אָפּשניטן, וואָס האָבן ניט קיין קאָנקרעטן היסטאָרישן אַנטוראַזש. נאָך מער, פּערעצעס העלדן גייען אַמאָל פרײַ אַריבער פון דער זינדיקער ערד אפן הימל, און דאָרטן פילן זיי זיך גאָר ניט שלעכט. די געשטאַלטן פון פּערעצעס ווערק האָבן ניט קיין לעבנס־שיקזאַלן. זיי פילן לעראַוו אויס אַן אונטערטעניקע פונקציע פון דעם אווטאָרס גײַסט־אויסשטראַלונגען. קיינער אינטערעסירט זיך ניט מיטן גוירל פונעם קירזשנער „בערל קאָלבאַס“, ווײַל ער האָט קיין גוירל ניט, ער איז ניט מער ווי א פונקציע פון פּערעצעס אידיי. דאָס זעלבע בערל כאַנטשעס („דער מעשוגענער באַטלען“), באָנציע שווײַג און אַנדערע געשטאַלטן. פּערעץ האָט געשאַפן געשטאַלטן פון לעבעדיקע מענטשן, וואָס זײַנען פאַרבליבן אין דער ליטעראַטור ווי טיפּן און כאַראַקטערן, ווי קאָלאָסאַלע פאַראַלגעמיינערונגען. געשאַפן אָבער האָט ער זיי מיט אַנדערע מיטלען, איידער שאָלעם־אַלייכעם. אָבער אין דער זעלבער צײַט זײַנען פּערעצעס געשטאַלטן ניט מער ווי פּלאַנעטן, וואָס דרייען זיך אַרום דער זון און וועלן זיך שוין אייביק דרייען אין איר אָרביטע. זיי וועלן זיך שוין קיינמאָל ניט אָפּרײַסן פון איר, בייס שאָלעם־אַלייכעמס געשטאַלטן זײַנען זעלבשטענדיקע זונען, זעלבשטענדיקע שטערן מיט א זעלבשטענדיקן אָרט אין אַלוועלט.

## צוויי שרײַבער — צוויי שפּראַך־סטילן

אויב די צוויי גרויסע קינסטלער זײַנען געווען פאַרשיידן לויט זייער קינסטלערישער טראַקטירונג פון באַשטימטע טעמעס, לויט זייער שעפערישן מעטאָד, — צי האָבן זיי געקאָנט זײַן ניט פאַרשיידן לויט זייער שפּראַך־סטיל? פאַרשטייט זיך, אַז ניט! פאַרקערט, אויך אין דער שפּראַך אַנטפּלעקן זיך די שעפערישע כעלוקע־דייעס צווישן ביידע קינסטלער, די פאַרשטעלטע שטרײַטן פון זייער קינסטלערישן נוסעך.

מע האָט שוין אָן א שיר גערעדט וועגן דעם, אַז פּערעץ איז לאַקאָניש אין דער שפּראַך און שאָלעם־אַלייכעם איז באַריידעוודיק. קיינער וויל זיך אַפילע ניט פאַרטראַכטן, אַף וויפל איז דאָס ריכטיק און צי איז דאָס ריכטיק ביכלאַל. און צי איז דאָס שוין אַן אַבסאָליוט פעסטגעשטעלטער עסטעטישער פּאָסטולאַט, אַז לאַקאָניזם איז גוט און באַריידעוודיקײַט — שלעכט?

אין דער ווירקלעכקײַט איז דער דאָזיקער געזעץ גאָר קיין געזעץ ניט און ער ווערט ניט באַשטעטיקט אין דער ליטעראַריש־קינסטלערישער פּראַקטיק. טשעכאָוו איז געווען לאַקאָניש, טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי — באַריידעוודיק. ווער זשע איז „בעסער“ — טשעכאָוו אָדער טאָלסטאָי? טשעכאָוו אָדער דאָסטאָיעווסקי?

די פראַגע באַשטייט, אַזויאַרום, ניט דערין, וואָס איין שרײַבער איז באַריידעוודיק און דער צווייטער ניט, נאָר אין דער אידייִש־שעפערישער פונקציע, וועלכע עס פילן אויס בא דעם אָדער יענעם שרײַבער לאַקאָנישקײַט אָדער ניט־לאַקאָנישקײַט.

בא פּערעצן און שאָלעם־אַלייכעמען זײַנען די קינסטלערישע שפּראַך־עלעמענטן פון זייערע בעסערע ווערק פונקציִאָנעל באַדײַטנדיק אין אַלע אַנטפּלעקונגען. וועגן דער לאַקאָנישקײַט פון פּערעצן איז איבעריק צו ריידן. זײַן גרונט־זשאַנער איז געווען די נאָוועלע, וואָס פאָדערט מאַקסימאַלע געפּרעסטקײַט. אָבער אויך שאָלעם־אַלייכעם איז אין זײַן נאָוועליסטישער שאַפונג גענוג לאַקאָניש און געפּרעסט, און די אַזויגערופענע באַריידעוודיקײַט איז דורכויס פונקציִאָנעל. „מענאַכעם־מענדל“, „טעוויע דער מילכיקער“, „מאָטל“ זײַנען לויט זייער פּראָבלעמאַטיק, לויט זייער פאַרנעם אין צײַט, לויטן סאָציִאַל־היסטאָרישן און פילאָסאָפישן אינהאַלט און לויט דער קינסטלערישער טיפקײַט עפּאָפּייִשע ווערק. און זיי זײַנען קלאַל ניט צעצויגן, האַגאַם יעדער פּערסאָנאַזש רעדט, וויפל ער וויל.

ס'איז אָבער פאָרט פאַראַן אַן אונטערשייד, און א פּרינציפּיעלער אונטערשייד, אין דעם שפּראַך־סטיל, אין דער סטיליסטיק און פּאָעטיק פון פּערעצעס און שאָלעם־אַלייכעמס ווערק. אין פּערעצעס שפּראַך איז דער זאַץ א קורצער, אָפט אַן אַפאָריסטישער. גראַמאַטיש איז דאָס דער אייניפאַכער זאַץ, אָפט — דער עליפּטישער, וווּ געוויסע זאַץ־עלעמענטן זײַנען דורכגעלאָזט. און דאָס האָט די פונקציע צו שאַפן דעם אײַנדרוק פון ניט־דערזאָגטקײַט, פון קאָלערליי אָנדײַטונגען, רעמאָזים אַף אומקלאָרע אַסאָציִאַציעס. בא שאָלעם־אַלייכעמען איז דער זאַץ פאַנאַנדערגעוויקלט, עס ווערט דערזאָגט אַלץ ביזן סאָף. די פונקציע פונעם פאַנאַנדערגעוויקלטן קאָמפּליצירטן זאַץ איז — איבערגעבן די רייד פונעם פאָלק, דעם פאָלקסנוסעך און נאָך מער — זײַן האַנדלונג, פּסיכאָלאָגיע, שטייגער.

אָט די פאַרשיידענע פונקציעס פון דער שפּראַך בא פּערעצן און שאָלעם־אַלייכעמען זײַנען פאַרבונדן מיט די פאַרשיידענע צוגאַנגען פון די שרײַבער צו דער ווירקלעכקײַט, מיט זייערע פאַרשיידענע שעפערישע מעטאָדן.

שאָלעם־אַלייכעמס שפּראַך אין זײַנע נאָוועליסטישע ווערק איז קימאַט שטענדיק אָביעקטיוו, ס'איז די שפּראַך פונעם פּערסאָנאַזש, זי אַנטשפּרעכט זײַן פּסיכאָלאָגיע, זײַן סאָציִאַלער לאַגע, זײַן פּראָפעסיע, זײַן אַרט דענקען און רעאַגירן אַפן אַרום. אָפט שטעלט זיך שאָלעם־אַלייכעם אײַנגאַנצן ווי אין א זײַט און גיט דאָס וואָרט אויסשליס־

לעך זײַנע העלדן: מענאַכעם־מענדלען, שיינע־שיינדלען, טעוויען, מאָטלען, דעם קאָמיוואָיאַזשאָר אאַ. עס וואַרפט זיך גלײַך אין די אויגן די דיפערענצירטקײַט פון די רייד בא די פּערסאָנאַזשן, זייער שפּראַך־אינדיווידואַליזאַציע. בא דעם אַלגעמיינעם איינהײַטלעכן סטיל פון שאָלעם־אַלייכעמס שפּראַך, וועלכן „מע דערקענט פאַר א מײַל“, איז אָבער איינציַיִטיק דערמיט אומעגלעך צו פאַרבײַטן די שפּראַך פון איין פּערסאָנאַזש מיט דער שפּראַך פון א צווייטן. האַגאַם שאָלעם־אַלייכעמס הויפּט־העלדן רײדן קימאַט אַלע אָף דער פאָלקס־שפּראַך, נאָר זי איז בא זיי ניט איינע און די זעלבע. שיינע־שיינדלס בריוו, אירע ווערטלעך און ריידעניש זײַנען, אָן סאָפעק, פאָלקלאָריש, ס׳איז אָבער ניט די ווערטלעך פון טעוויע דעם מילכיקן. אַפילע דער טעמפּ פון ריידן, די אינטאָנאַציע איז א גאַנץ אַנדערע בא פאַרשיידענע טיפּן און געשטאַלטן פון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק: בא טעוויען איז דאָס אַרט ריידן האַרכאָוועדיק, באַדאַכט, פאַרקלערט, מיט א נייגונג צו פילאָסאָפירן, מיט אָפּווענדונגען אין א זײַט, מיט באַטראַכטן דעם סיידער־האָוילעם, די נאַטור. בא מענאַכעם־מענדלען איז די שפּראַך דינאַמיש, ס׳איז די שפּראַך פון א מענטש, וואָס פאַרכלינעט זיך, ס׳פאַרכאַפּט אים דעם אָטעם פון די טעמפּן פונעם שטאָטישן לעבן, פונעם טומל, פונעם הו־הא אָף דער בירזשע.

די אָביעקטיווע, אינדיווידואַליזירטע שפּראַך פון די פּערסאָנאַזשן איז דער סאַמע בוילעטסטער אויסדרוק פון שאָלעם־אַלייכעמס שפּראַך־רעאַליזם.

שאָלעם־אַלייכעמס בעסטע ווערק זײַנען מערסטנטייל געשריבן אין דער מאָנאָלאָגישער פאָרם. זײַן מאָנאָלאָגיסט — דאָס איז א מענטש, וואָס רעדט שטענדיק צו אַן אַאודיטאָריע. א גרעסערער אָדער א קלענערער. אַמאָל אַפילע צו אַן אַאודיטאָריע פון איין מענטשן, נאָר עמעצער מוז הערן דעם מאָנאָלאָגיסט. שאָלעם־אַלייכעמס מאָנאָלאָגישע פאָרם איז ניט קיין דערציילונג, וואָס גייט אין נאָמען פון דער ערשטער פּערזאָן, ווי, לעמאָשל, אין פּושקינס „דעם קאַפּיטאַנס טאָכטער“ — דאָרטן פאַרבײַט גריניאָוו פּושקינען, און זײַן שפּראַך איז די שריפטלעכע שפּראַך, זי איז געווענדט ניט צו א צוהערער, נאָר צו א לייענער. שאָלעם־אַלייכעמס פּערסאָנאַזש האָט שטענדיק אין זינען דעם צוהערער, ער פאַרלויפט אים דעם וועג, שטעלט די פראַגן, וואָס יענער וואָלט אים געקאָנט פאַרגעבן, ער ענטפערט אים און ענטפערט פאַר אים, ער פירט מיט אים א שמועס, און, ווי פּאַראַדאָקסאַל ס׳זאָל ניט זײַן, איז דאָס לויטן טאָך גיכער א ד י אַ ל אָ ג, ווי א מאָנאָלאָג.

און לעצטנס, וועגן איינעם פון די וויכטיקסטע שפּראַך־עלעמענטן בא שאָלעם־אַלייכעמען. וועגן זײַן ה ו מ אָ ר. שאָלעם־אַלייכעמס הומאָר איז דאָך דעריקער וואָרט־הומאָר. זעלבסטפאַרשטענדלעך, בא שאָלעם־אַלייכעמען זײַנען פאַראַנען אויך קאָמישע טיפּן, דאָס הייסט כאַראַקטער־הומאָר; עס איז פאַראַן אויך קאָמיזם פון סיטואַציע. נאָר דעם בעסטן אויסדרוק געפינט שאָלעם־אַלייכעמס הומאָר אין וואָרט.

פּערעצעס דערציילערישע שפּראַך טראָגט א ס ו ב י ע ק־ ט י ו ו ן כאַראַקטער. זי איז שטענדיק די שפּראַך פונעם אווטאָר, אָבער ניט פונעם פּערסאָנאַזש. אויסערלעך און פאָרמעל ריידן, פאַרשטענדלעך, פּערעצעס פאַרשוינען צווישן זיך אָף זייער שפּראַך, אין טאָך אָבער איז דאָס די שפּראַך פונעם אווטאָר — אומעטום קאָן מען גלײַך דערקענען פּערעצעס שפּראַך. דער ביאַלער רעבע און דער בריסקער ראָוו, דער אַרענדאַר און דער פּאַרעץ, דער גוויר און דער אָרעמאַן, דער פישער און דער מעלאַמעד, די פרוי און דאָס קינד, דער מאַסקיל און דער כאָסיד, דער הײַנטצײַטיקער אינטעליגענט און דער פאַרצײַטיקער אַלטפרענקישער מיטלאַלטערלעכער באַלמעלאָכע — כאָטש אַלע ריידן פאַרשיידן, נאָר אין אַלעמענס רייד איז פאַראַן דאָס, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר פּערעצן — אַלע ריידן לאַקאָניש, טיפזיניק, פילדײַטיק, רעמאָזימדיק, אָפּגעהאַקט, אַפאָריסטיש — און דאָס איז ניט נאָר אין די ראָמאַנטישע ווערק, נאָר אויך אין די רעאַליסטישע.

פּערעץ וואָלט ניט געקאָנט אויסדריקן זײַן אידייען־וועלט, ווען ער זאָל ניט געווען זײַן קיין גרויסער קענער און פאָרשער פון דער פאָלקס־שפּראַך. די פּאָעטישע פאָלקס־שפּראַך איז, אייגנטלעך, געוואָרן דער צענטראַלער פאָקוס, ווו עס גייען זיך צונויף און קרייצן זיך איבער אַלע ליניעס פון פּערעצעס קונסט. פּערעץ פאַרוואַנדלט זיך אַליין אין א פאָלקס־דערציילער, אין א פאָלקס־שילדערער, אין א פאָלקס־מאָלער, אין א פאָלקס־דענקער. זײַנע אידייען און געדאַנקען, זײַנע זעונגען און פאַנטאַזיעס, זײַנע טרוימען און פּראָטעסטן באַקומען אַדאַנק דעם די פולשטענדיקע איבערצײַגונגס־קראַפט.

פּערעצעס קינסטלערישע שפּראַך איז מ אָ נ אָ ל אָ ג י ש. ווען ניגער האָט דערקלערט קאַטעגאָריש, אַז פּערעצעס שפּראַך איז דיאַלאָגיש און שאָלעם־אַלייכעמס מאָנאָלאָגיש, האָט ער באַמערקט בלויז די אויסערלעכע פאָרם אין דער שפּראַך פון ביידע שרײַבער. אין טאָך איז פּערעצעס שפּראַך מאָנאָלאָגיש, ווײַל די פּערסאָנאַזשן פון זײַנע ווערק ריידן אָף דער שפּראַך פונעם פאָלקס־דערציילער, וועלכער איז די קינסטלערישע פאַרקערפּערונג פונעם אווטאָר גופע. נאָר פּערעצעס מאָנאָלאָג איז דאָס, וואָס ווערט אָנגערופן א י נ ע ר ל ע כ ע ר מאָנאָלאָג. די שפּראַך פונעם דערציילער איז אידענטיש צו דער שפּראַך פונעם קינסטלער.

און, לעצטנס, פאַר פּערעצן איז כאַראַקטעריסטיש ניט הומאָר — ווי בא שאָלעם־אַלייכעמען, נאָר איראָניע און ס א ט י ר ע.

סײַ פּערעץ, סײַ שאָלעם־אַלייכעם האָבן געהאַט א מעכטיקן אײַנפלוס אָף דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער שפּראַך. אינעם רעאַליזם פון דער שפּראַך איז באַשטאַנען שאָלעם־אַלייכעמס אופטו. אָן שאָלעם־אַלייכעמען וואָלט ניט מעגלעך געווען בערגעלסאָנס „באַם דניעפּער“ מיט זײַן דראַמאַטישער פאָלקס־שפּראַך, ס׳וואָלט ניט מעגלעך געווען איציק קיפּניסעס פאָלקסטימלעכער און הומאָריסטישער שפּראַך־סטיל.

אינעם ראָמאַנטיזם פון דער שפּראַך איז באַשטאַנען פּערעצעס אופטו. אָן פּערעצעס אינערלעכן מאָנאָלאָג וואָלט ניט געקאָנט זײַן בערגעלסאָנס אינערלעכער מאָנאָלאָג, די מאַניר פון לאָזן דעם פּערסאָנאַזש שווײַגן אָנשטאָט ריידן. און אָן פּערעצעס שפּראַך־סוביעקטיוויזם וואָלט ניט געקאָנט זײַן דעם ניסטערס שפּראַך־סטיל, וואָס באַגייט זיך שוין אינגאַנצן אָן די רייד פון די פאַרשוינען און באַנוגנט זיך מיטן אווטאָרס שפּראַך.

## אייניקע סאַכאַקלען

פּערעץ און שאָלעם־אַלייכעם זײַנען רײַף געוואָרן אַלס קלאַסיקער אין די 90־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז שוין פאַר אַלעמען געוואָרן קלאָר, אַז צו מענדעלען זײַנען צוגעקומען נאָך

צווי קלאַסיקער. און דאָס איז געווען קלאָר אויך פּערעצן און שאָלעם־אלייכעמען. אויב פריִער האָבן זיי נאָך אין פּאָלעמישן אזארט געקאָנט אָפּלייקענען איינער באם צווייטן ריזיק־גרויסע באגאבונג, איז דאָס אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט שוין געווען אוממעגלעך. פּערעץ און שאָלעם־אלייכעם האָבן אליין געזען, אז די ליטעראַטור און דאָס פּאָלק האָבן אנערקענט זיי ביידע, אז זיי ביידע זיַינען באליבט און כּאָשעוו באם פּאָלק. און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אז דער אָפענער שטריַיט איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן. פּערעץ און שאָלעם־אלייכעם האָבן אָפן אָנגעהויבן קעגנזיַיטיק צו אנערקענען דאָס, וואָס איז שוין געווען א פאַקט פון דער ליטעראַטור און פונעם פאָלקס־לעבן.

אין 1901 יאָר איז פיַיערלעך אָפּגעמערקט געוואָרן פּערעצעס 50־ער געבורטסטאָג און 25 יאָר פון זיַין ליטעראַרישן שאַפן. שאָלעם־אלייכעם האָט צוגעשיקט א באַגריסונג, וואָס איז מערקווירדיק לויט איר אופריכטיקיַיט און פּרינציפּיעלקיַיט. אנערקענענדיק פּערעצעס פאַרדינסטן, זיַין באַדיַיטונג אלס גרויסן קינסטלער פון פאָלק, שטריַיכט ער אייַנציַיטיק אונטער די איינהיַיט פון ציל, ווי אויך די פאַרשיידענע וועגן, מיט וועלכע זיי ביידע גייען צו דעם דאָזיקן ציל:

„צוויי שמידן קלאַפּן מיט צוויי ערליי
האַמערס אין אייַזן,
צוויי אַרבעטער האָרעווען מיט צוויי ערליי
געציַיג איבער איין אַרבעט.
צוויי ליטעראַטן שפּאַנען פון צוויי ערליי
פּונקטן צו איין ציל,
צוויי ליטעראַטן שריַיבן מיט צוויי ערליי
פּענעס צוליב איין פאָלק“.

עס וואָלט אָבער געווען נאַיִוו צו מיינען, אז דערמיט האָבן זיך געענדיקט אלע פּרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשיידנהיַיטן צווישן פּערעצן און שאָלעם־אלייכעמען. אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט זיך פאָרגעזעצט דער וויכּוח צווישן ביידע שריַיבער. און אנדערש האָט דאָס ניט געקאָנט זיַין, וויַיל זיי זיַינען געבליבן פאַרשיידן לויט זייערע שעפערישע מעטאָדן און לויט זייער קוק אף די אויפגאַבן און אף די וועגן פון דער יידישער ליטעראַטור. די מאָדערניסטישע טענדענצן פון פּערעצעס שאַפונג האָבן נאָכן דורכפאַל פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע זיך פאַרשטאַרקט, און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אז אָביעקטיוו, מערסטנטייל קעגן זיַין ווילן, איז ער געוואָרן דער אויטאָריטעט, אף וועלכן עס האָבן זיך סוימעך געווען יענע ניַיע און יונגע עלעמענטן פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס זייער שאַפונג איז געגאַנגען אונטערן צייכן פון דעקאַדאַנס.

אָט די דאָזיקע ראָל פון פּערעצן האָט מערער פון אלץ באַאומרויִקט שאָלעם־אלייכעמען, וועלכער האָט, ווי פריִער, געזען בלויז איין ריכטיקן וועג פאַר דער יידישער ליטעראַטור — דעם רעאַליסטישן.

בלויז אין די לעצטע יאָרן פון זייער לעבן האָבן פּערעץ און שאָלעם־אלייכעם אָנגעהויבן צו פאַרהאַלטן זיך מער פריַינטלעך. אָבער אויך דאַן זיַינען זיי אלס קינסטלער געווען גאַנץ אנדערשדיק און פאַרשיידן!

די געשיכטע פון דער וועלט־ליטעראַטור ווייסט פון פיל ליטעראַרישע קאַמפן און שטריַיטן צווישן גרויסע שריַיבער. אין אזעלכע פאַלן שטרעבט די ליטעראַטור־וויסנשאַפט אויפצודעקן זייער אידייִשן, עסטעטישן טאָך און דערמיט דערקלערן אויך די פּערזענלעכע אַנטיפּאַטיעס פון די שריַיבער, און ניט פאַרקערט, ווי עס איז ביז איצט געטאָן געוואָרן בענוגע פּערעצן און שאָלעם־אלייכעמען. דער פיליסטער איז שטענדיק גרייט איַינזען אין ליטעראַרישע שטריַיטן פון גרויסע שריַיבער פּערזענלעכע, עגאָאיִסטישע מאָטיוון. דערמיט וויל ער אראָפּזעצן דעם געני ביזן ניוואָ פון א געוויינלעכן פיליסטער. דערויף האָט נאָך פּושקין געענטפערט מיט צאָרן, אז דעם געני קומט אמאָל אויס צו זיַין קליינלעך, עגאָאיִסטיש, אָבער אפילו דאַן איז ער קליינלעך און עגאָאיִסטיש אף אן אנדער אופן, ניט אזוי, ווי דער פיליסטער.

פּערעץ און שאָלעם־אלייכעם האָבן אין זייערע עסטעטישע שטריַיטן אין זינען געהאַט די אינטערעסן פון דער ליטעראַטור. זייערע דיסקוסיעס, זייערע קאָנפליקטן זיַינען געווען שעפעריש פּרוכטבאַר און האָבן מיטגעווירקט דער דערפאָלגריַיכער אנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור. איצט, אין א האַלב יאָרהונדערט אַרום נאָך זייער טויט, קאָנען מיר זאָגן, אז שאָלעם־אלייכעם און פּערעץ האָבן פון ליטעראַטור־היסטאָרישן אַספּעקט דערגאַנצט איינער דעם צווייטן דערמיט, וואָס זיי זיַינען געווען שעפעריש, קינסטלעריש און עסטעטיש פאַרשיידן. מיט זייערע פאַרשיידענע שעפערישע מעטאָדן, קינסטלערישע מיטלען, עסטעטישע אָנשויונגען האָבן זיי געעפנט ניַיע האָריזאָנטן פאַר דער יידישער ליטעראַטור, וועלכע גייט ביז איצט מיט זייערע וועגן.

אי. טרעמבאָווליא

# אייכמאן אין יערושאָלאיִם

די אמעריקאנער זשורנאליסטקע כאנע ארענדט, א קאָרעספאָנדענט פון דער צײַטונג „ניו־יאָרקער“, איז בײַגעווען אין 1961 יאָר אפן פּראָצעס איבער אייכמאנען. אין מעשעך פון די ווײַטערדיקע צוויי יאָר האָט זי צוגעגרייט צום דרוק דעם בוך „אייכמאן אין יערושאָלאיִם“, וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן דורך א לאָנדאָנער פארלאג.

ווען די וועלט־מילכאָמע האָט זיך פארענדיקט, האָט אייכמאן מיט זײַן הויפט־שעף קאלטענברונער זיך געפונען אין די עסטרײַכישע אלפן. דערנאָך, האָבנדיק בא זיך דאָקומענטן אף אן אנדער נאָמען, איז ער ארײַנגעפאלן אין געפענקעניש צו די ענגלענדער. פון געפענקעניש איז ער מיט דער הילף פון זײַנע פרײַנט אינגיכן אנטלאָפן און האָט אָפגעארבעט מיט א פאלשן פאס בא א צוויי יאָר אין א וואלד־ווירטשאפט הינטער האמבורג. פון דאָרט האָבן אים זײַנע פרײַנט אריבערגעפעקלט קיין איטאליע, ווו א געוויסע צײַט האָט אים אויסבאהאלטן א פראנציסקאנער גאלעך, וואָס האָט זייער גוט געוווּסט, אז ער באהאלט אויס דעם פארברעכער אייכמאנען, וועלכער איז פארמישפעט צום טויט דורכן נירנבערגער פראָצעס. דער זעלבער פראנציסקאנער גאלעך האָט באזאָרגט אייכמאנען מיט פאלשע דאָקומענטן און געהאָלפן אים אריבערפאָרן קיין ארגענטינע. דאָרט האָט אייכמאן אונטער א פרעמדן נאָמען געארבעט עטלעכע יאָר אלס אן אגענט פון אן אויטאָמאָביל־קאָמפאניע, און אהין איז צו אים געקומען דאָס ווײַב מיט די קינדער פון דײַטשלאנד.

דעם 11 מײַ 1960 האָבן די עמיסארן פון ייִסראָעל געהיים, אף אן אעראָפלאן, ארויסגעפירט דעם פארכאפטן אייכמאנען פון בוענאָס־אײַרעס (ארגענטינע) קיין יערושאָלאיִם, ווו ער האָט נאָך א לאנגדויערנדיקער אויספאָרשונג זיך געשטעלט פארן געריכט דעם 11 אפרעל 1961.

דער אומגעבראכטער פרעזידענט פון אמעריקע דזשאָן קענעדי, ווען מע האָט אים מיטגעטיילט, אז מע האָט געפאקט אייכמאנען און מע וועט אים מישפעטן אין יערושאָלאיִם, האָט געזאָגט: „די ייִסראָיילים זײַנען בראווע לײַט. זיי האָבן זייער גוט אָפגעטאָן דאָס שטיקל ארבעט“. כאנע ארענדט אָבער שרײַבט, אז ניט די עמיסארן פון ייִסראָעל האָבן געפונען אייכמאנען אין ארגענטינע, נאָר די סאָוועטישע אויסשפיר־אָרגאנען.

אדאָלף קארל אייכמאנען האָט דער יערושאָלאיִמער געריכט באשולדיקט אין דעם, אז ער האָט צונויפגעטריבן מיליאָנען ייִדן אין די אויסראָטונגס־לאגערן אָשווענטשים, טרעבלינקע און אנדערע. דער אָנגעקלאָגטער האָט צוערשט געפרווּט דערווײַזן, אז ער האָט קיין אנונג ניט געהאט וועגן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט די ייִדן אין די לאגערן. אייכמאן האָט אפילע געפרווּט מעלדן, אז די באשולדיקונג, וואָס ווערט קעגן אים ארויסגערוקט, — דאָס איז „מאָסקווער אינטריגעס“. אָבער די דאָקומענטן און די באווײַזן פון צענדליקער אײדעס האָבן געצווונגען אייכמאנען זיך איבערשלעפן אף אן אנדער טאקטיק. ער האָט שוין ביזן סאָף פון דער געריכט־סעסיע געכאזערט איינס און דאָס זעלבע: יאָ, איך האָב געוווּסט, וווּהין און צוליב וואָס איך שיק די ייִדן, כ׳האָב אָנגענומען ענערגישע מיטלען, קעדיי אויסכאפן אלע ייִדן, ביזן לעצטן, כ׳האָב אכטונג געגעבן, אז מע זאָל זיי אויסראָטן. נאָר מיט דעם האָב איך בלויז אויסגעפילט היטלערס באפעל, איך בין אים מעכויעוו געווען אויספילן.

דער געריכט האָט אָפגעוואָרפן אייכמאנס זעלבסטבארעכטיקונג. ערשטנס, איז דערוויזן געוואָרן, אז אייכמאן האָט אין א סאך פראָטים געהאנדלט לויט זײַן אייגענער איניציִאטיוו, אפילע טראָץ די אָנווײַזונגען פון היטלערן און אנדערע נאציסטישע אָנפירער, און צווייטנס, איז נאָך אפן נירנבערגער געריכט־פראָצעס איבער די פאשיסטישע פארברעכערס באשטעטיקט געוואָרן דער טעזיס, אז דאָס פארופן זיך אף היטלערס א באפעל קאָן ניט דינען אלס בארעכטיקונג פארן באוווסטזיניקן טייטן אלטע לײַט, פרויען, קינדער און ביכלאל אומשולדיקע, אומבאשיצטע מענטשן.

כאראקטעריסטיש פאר אייכמאנס פארברעכערישער טעטיקײַט איז פאָלגנדער עפּיזאָד. אין די אָקופאציִע־יאָרן האָבן אייכמאנס אגענטן, לויט זײַן אָנווײַזונג, פארכאפט אין פראנקרײַך צענדליקער טויזנטער ייִדן און אָפגעשיקט זיי אין די טויט־לאגערן. ס׳איז אָבער געבליבן נאָך פיר טויזנט קליינע ייִדישע קינדער אָן עלטערן. די אָרטיקע באפעלקערונג האָט זיך צו זיי גוט באצויגן. אייכמאן האָט באפוילן צונויפנעמען די קינדער און זיי אָפשיקן קיין אָשווענטשים. דאָרט האָט מען זיי פארטריבן אין די גאז־קאמערן און פארברענט. ארענדט דערציילט, וויִאזוי די בײַוועזנדע אפן געריכט האָבן מיט דערשיטערונג אויסגעהערט די באשרײַבונג פון אָט דער מאסן־פארניכטונג.

אין אנדערע אייראָפעיִשע לענדער איז אייכמאנס „ארבעט“ געווען קאָמפליצירטער. דאָס נייטראלע שוועדן האָט אָפן געמאָלדן, אז עס וועט ניט בלויז פארטיידיקן די דאָרטיקע ייִדן, נאָר אויך אופנעמען ייִדן פון די ארומיקע לענדער. עמעס, קיין שוועדן, וואָס איז קימאט פון אלע זײַטן געווען ארומגערינגלט מיט אָקופירטע טעריטאָריעס, איז די ייִדן פון אנדערע לענדער געווען ניט גרינג צו קומען. פונדעסטוועגן זײַנען פון נאָרוועגיע אריבער די גרענעץ קימאט אלע ייִדן.

די רעגירונג פון דענעמארק האָט אונטערן דרוק פונעם דענישן פאָלק געמאָלדן, אז זי וועט ניט דערלויבן אָפשיקן

די ייִדן אין אויסראָטונגס־לאַגערן. דאַן זײַנען אייכמאַנס אַגענטן אָנגעקומען קיין דענעמאַרק און געפּרוּווט מיט גוואַלד, מיט דער הילף פון דײַטשישע מיליטער־טײלן, צונויפנעמען און אָפּשיקן די ייִדן אויף צו פֿאַרניכטן זיי. די אַרטיקע באַפעלקערונג האָט אָנגענומען מיטלען, און אַלע ייִדן פון לאַנד, ארום זיבן מיט א האַלבן טויזנט, זײַנען טראַנספּאָרטירט געוואָרן אויף פישער־שיפלעך קיין שוועדן.

אין בעלגיע איז אין 1940 געווען בא 50 טויזנט ייִדן, דערונטער 5 טויזנט היגע און 45 טויזנט פּליטים פון דײַטשלאַנד. מאַכמעס דער קלענער טעריטאָריע פונעם לאַנד, איז די ייִדן בייס דער דײַטשישער אָקופּאַציע שווער געווען זיך אויסצובאַהאַלטן. אייכמאַן האָט אין בעלגיע שטאַרק געווילדעוועט. עס זײַנען דאָרט אומגעקומען בא 25 טויזנט ייִדן.

פון 350 טויזנט פראַנצויזישע ייִדן האָבן די אָנפירער פון דער ווישי־רעגירונג אַרויסגעגעבן די דײַטשן בא 40 טויזנט. דאָס פראַנצויזישע פאָלק האָט פאַרטיידיקט די ייִדן, זיי אויסבאַהאַלטן און געהאָלפן אַנטלויפן פון לאַנד אָדער אַוועקגיין צו די מאַקי (צו די פּאַרטיזאַנער). צום סאָף פון דער מילכאָמע איז געבליבן אין פראַנקרײַך בא 250 טויזנט ייִדן.

אין איטאַליע, ווו אין XX יאָרהונדערט האָט זיך פאַרשטאַרקט די אַסימילאַציע, איז צום אָנהייב פון דער מילכאָמע געווען ניט מער פון 40 טויזנט ייִדן. מוסאָליני האָט אַרויסגעגעבן אַנטיסעמיטישע געזעצן, נאָר אין לעבן זײַנען זיי ניט דורכגעפירט געוואָרן, דאָס איטאַליענישע פאָלק האָט זיי איגנאָרירט, און אין פאַרגלײַך מיט אַנדערע פראָהיטלערישע לענדער האָבן די ייִדן אין איטאַליע זיך געפונען אין א בעסערער לאַגע. נאָך מער, אין איטאַליע איז צוגעקומען בא 40 טויזנט ייִדן — פּליטים פון יוגאָסלאַוויע, עסטרײַך און פראַנקרײַך.

א טויט־געפאַר האָט זיך אָנגערוקט אויף די ייִדן פון איטאַליע אין 1944, ווען די היטלעריסטישע כאַיאָלעס האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין לאַנד. דאָס איטאַליענישע פאָלק האָט אָנגענומען מיטלען אויף אויסבאַהאַלטן די פאַרפאָלגטע. אין רוים זײַנען די ייִדן באַצײַטנס אינפאָרמירט געוואָרן וועגן דער געפאַר, און אַלע, העכער אַכט טויזנט, זײַנען אַנטלאָפן. אויפן צאָפן פון לאַנד איז אייכמאַנען דאָך געלונגען פאַרכאַפּן און דעפּאָרטירן 19 טויזנט ייִדן.

צווישן די אייראָפּעיִשע לענדער, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט היטלערן, איז א מער גינסטיקער גוירל געווען בא די ייִדן פון בולגאַריע. די פופציק טויזנט בולגאַרישע ייִדן זײַנען ניט אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון די היטלעראָווצעס, ניט געקוקט אויף אייכמאַנס באַמיִונגען.

אין 1943 יאָר האָט רומעניע אויפגעהערט מילכאָמע האַלטן. פון דער רומענישער זײַט האָט צו דער בולגאַרישער גרענעץ זיך באַוועגט דאָס סאָוועטישע מיליטער, פון דער אַנדערער זײַט האָבן אַרויסגעוויזן אַן אַקטיווע טעטיקײַט די יוגאָסלאַווישע פּאַרטיזאַנער, און די דײַטשן איז שוין אויסגעקומען טראַכטן, וויִאַזוי אַליין וואָס גיכער אָפּטראָגן זיך פונעם לאַנד, און ניט וועגן דעם, אַז מע זאָל קעגן דעם ווילן פונעם בולגאַרישן פאָלק אויסזוכן דאָרט און דעפּאָרטירן די ייִדן.

אייכמאַן האָט אין האָלאַנד אויסגענוצט דעם כיטרען מעטאָד, וואָס ער האָט אָנגעווענדט אין עסטרײַך און דײַטשלאַנד. ער האָט צוגעצויגן צו זײַן אַרבעט אויף דעפּאָרטירן די ייִדן די אָנפירער פון די ייִדישע קעהילעס, וועמען ער האָט אײַנגערעדט, אַז אָפּשיקן אין די לאַגערן וועט ער בלויז די 35 טויזנט פּליטים פון דײַטשלאַנד; די 140 טויזנט האָלענדישע ייִדן וועט ער קלוימערשט ניט טשעפּען. די אָנפירער פון דער קעהילע האָבן געגלייבט אייכמאַנען, אָבער די קאַטאַסטראָפע האָט ניט אויסגעמיטן אויך די האָלענדישע ייִדן. צוויי דריטל פון די 140 טויזנט ייִדן, וואָס האָבן געלעבט אין האָלאַנד, זײַנען אומגעקומען.

פאַר די ייִדן פון אונגאַרן האָבן זיך די טראַגישע געשעענישן אָנגעהויבן אין 1944, ווען קיין בודאַפּעשט איז געקומען אייכמאַן מיט זײַן שטאַב, קעדיי שוין באַם סאָף פונעם קריג פאַרניכטן די קימאַט מיליאָניקע ייִדישע באַפעלקערונג פון אונגאַרן.

ס'איז באַוווּסט, אַז פאַר די מילכאָמע־יאָרן האָט די ייִדישע באַפעלקערונג פון אונגאַרן זיך פאַרגרעסערט פון 500 טויזנט ביז 800 טויזנט (אויפן כעזשבן פון די פּליטים פון סלאָוואַקיע און פּוילן). צו דער צאָל דאַרף מען נאָך צוגעבן בא 150 טויזנט מענטשן, וואָס זײַנען ייִדן לויט דער אָפּשטאַמונג; אייכמאַן האָט זיי געהאַלטן פאַר ייִדן.

אין 1944, ווען די סאָוועטישע אַרמיי האָט זיך דערנעענטערט צו אונגאַרן דורך די קאַרפּאַטן, האָט היטלער, מוירע האָבנדיק, אַז אויך אונגאַרן וועט אויפהערן מילכאָמע האַלטן, געשיקט אַהין דײַטשיש מיליטער און האָט אָקופּירט דאָס לאַנד. דאַן טאַקע האָט אייכמאַן מיט זײַנע לײַט זיך באַזעצט אין בודאַפּעשט. ער האָט זיך ענג פאַרבונדן מיט דער אונגאַרישער זשאַנדאַרמעריע און מיט די מאַכראָווע אונגאַרישע פאַשיסטן־אַנטיסעמיטן, וואָס זײַנען געשטאַנען בא דער מאַכט, און האָט אָנגעהויבן זײַן „אַרבעט“.

פון דער אַנדערער זײַט האָט זיך אייכמאַן פאַרבונדן מיט די פאָרשטייער פון דער ייִדישער קעהילע, באַזונדערס מיט רודאָלף קאַסטנערן. אייכמאַן האָט דערלויבט אַרויספאָרן אין דער שווייץ 1700 רײַכע ייִדן. אַלס פרײַז פאַר דעם האָבן די פאָרשטייער פון דער קעהילע בעראָש מיט קאַסטנערן צוגעזאָגט מיטהעלפן דער דעפּאָרטאַציע פון די איבעריקע ייִדן אין די טויט־לאַגערן. און קאַסטנער האָט זײַן צוזאָג אויסגעפילט.

ספּעציעלע ייִדישע פּאָליציי־לײַט האָבן אַרומגערינגלט די ייִדן, וואָס האָבן זיך געפּרוּווט אַנטלויפן, און האָבן זיי אַרײַנגעזעצט אין די צוגן. סאַכאַקל איז פון אונגאַרן אָפּגעשיקט געוואָרן קיין אָשווענטשים 476 טויזנט ייִדן, און קימאַט אַלע זײַנען אומגעקומען.

פאַרן אָפּמאַך מיט אייכמאַנען האָט מען קאַסטנערן געמישפּעט אין 1957 יאָר אין ייִסראָעל. די איידעס אויפן געריכט האָבן געמאָלדן, אַז אין אונגאַרן האָבן די היטלעראָווצעס געכאַפּט ניט מער פון 50% פון די אַנטלאָפענע, אָבער פון די, וואָס האָבן זיך געלאָזט אַרײַנזעצן אין די צוגן און זײַנען דעפּאָרטירט געוואָרן באַם אָנטייל פון קאַסטנערן און אַנדערע טוער פון דער קעהילע, זײַנען אומגעקומען 99%.

דער מיטגליד פון געריכט איבער קאַסטנערן אין ייִסראָעל ביניאָמין האַלייווי האָט געזאָגט: „רודאָלף קאַסטנער האָט פאַרקויפט זײַן נעשאָמע דעם סאָטן“. דער געריכט האָט ניט אַרויסגעטראָגן קאַסטנערן קיין אורטייל, נאָר איניגיכן האָבן אים אין טעל־אַוויוו דערשאָסן צוויי אונגאַרישע ייִדן, וואָס האָבן איבערגעלעבט די שרעקלעכע טראַגעדיע אין בודאַפּעשט.

אַכוץ די 1700, וואָס זײַנען אַרויסגעפאָרן מיט קאַסטנערס הילף אין דער שווייץ, האָט זיך אויך אײַנגעגעבן

איייניקע אנדערע רײַכע ייִדן צו אנטלויפן, אונטערקויפנדיק די היטלעראָווצעס. דער איידעס אפן פּראָצעס איבער אייכמאנען, דער געוועזענער באראָן פיליפּ פאָן פרעדינגער, איצט פּינכאָס פרעדינגער, האָט דערציילט אין ירושאָלאַיִם, אז פאר געלט האָט זיך אים אײַנגעגעבן אנטלויפן קיין רומעניע. דער אָנגעזעענער היטלעראָווען בעכער האָט מיט הימלערס האסקאָמע אריבערגעפעקלט דעם בארימטן אייגנטימער פונעם אונגארישן שטאָל־קאָנצערן מאנפרעד ווייס און 45 מיטגלידער פון זײַן מישפּאָכע קיין פּאָרטוגאַליע.

אָבער אזעלכע, וואָס האָבן זיך געראטעוועט, זײַנען געווען זייער ווייניק. דער שנעלער פארניכטונג פון די אונגארישע ייִדן האָט געהאָלפן דער מילכאָמע־פארברעכער, דער אונגארישער פאשיסט סאלאשי. אין 1944 האָט היטלער אראָפּגעוואָרפן כאָרטין, און אין שפּיץ פון דער רעגירונג האָט זיך געשטעלט סאלאשי מיט זײַן באנדע. נאָך דער מילכאָמע האָט מען סאלאשין אופגעהאנגען.

אין רומעניע איז אייכמאנס ראָל געווען ניט קיין גרויסע. דער באָיאריש־גוטבאזיצערישער הערשנדיקער קלאס פון רומעניע האָט זיך נאָך לאנג פאר דער צווייטער וועלט־מילכאָמע אויסגעטיילט מיט זײַן אויסשליסלעך שטארקן אנטיסעמיטיזם. און פון 1941 יאָר, פון זינט רומעניע האָט אָנגעהויבן מילכאָמע האלטן קעגן דעם סאָוועטנפארבאנד, האָט דער אָנפירער פון דער „אײַזערנער גווארדיע“, דער הויפּט פון דער רעגירונג אַנטאָנעסקו זיך גאָר צעגארטלט. אָט איז איינער א בײַשפּיל: אין דער אומגעגנט פון דער שטאָט יאסי האָט מען פארטריבן 25 טויזנט ייִדן אין פראכט־וואגאָנעס און עטלעכע טעג אין דער זומערדיקער היץ האָט מען זיי געפירט איבערן אײַזנבאן־וועג אהין און צוריק פארשלאָסענע, אָן עסן און טרינקען. ווען מע האָט דערנאָך געעפנט די וואגאָנעס, זײַנען דאָרט געלעגן בלויז מייסים.

צו אווגוסט 1942 האָט די צאָל דערמאָרדעטע אין רומעניע ייִדן דערגרייכט קימאט 300 טויזנט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אונטערהאנדלונגען צווישן אנטאָנעסקון און די דײַטשן וועגן דעפּאָרטירן 200 טויזנט רומענישע ייִדן אין ראיאָן פון לובלין אף אויסראָטונג.

צום סאָף פון 1942 יאָר זײַנען אופגעקומען נײַע אומשטענדן. די באַלעבאטים פון רומעניע און זייערע טשינאָווניקעס האָבן זיך איבערצײַגט, אז ס'האָט ניט קיין זין הארגענען די ייִדן, ס'איז לוינבארער דורך פארשיידענע מיטלען באקומען גרויסע סומעס פאר ארויסלאָזן זיי קיין אויסלאנד. פאר דער אײַנגעטונקטער אין קאָרופּציע קייסערלעכער רומעניע האָט דאָס ארויסלאָזן פון לאנד ייִדן פאר געווויסע סומעס געלט זיך ארויסגעוויזן פאר א פעטביינדל. די פּרײַז פאר אן ארויסגעלאָזטן פון רומעניע ייִדן האָט זיך געוואקלט פון 1000 ביז 1300 דאָלאר. די רומענישע מאכטהאָבער האָבן זיך דאן אָפּגעזאָגט ארויסצוגעבן אייכמאנען די ייִדן, כאָטש אין לאנד האָבן זיך ווו־ניט־ווו פארגעזעצט, מיטן אָנטייל פון די דײַטשישע פאָרשטייער, די פּאָגראָמען.

א באדײַטנדיקע צאָל ייִדן האָט באוויזן ארויספאָרן פון רומעניע, די סאָוועטישע ארמיי האָט געראטעוועט די איבעריקע.

פון די 850 טויזנט ייִדן, וואָס זײַנען געווען אין רומעניע און אין די פארכאפּטע דורך איר געגנטן אין 1941 יאָר, האָבן צום סאָף מילכאָמע זיך געראטעוועט ניט מער פון א העלפט.

די אָקופּירטע טשעכיע, מאָראוויע, באָהעמיע זײַנען געווען פארוואנדלט אין א פּראָטעקטאָראט פון דײַטשלאנד. סלאָוואקיע האָט היטלער אָפּגעטיילט פון טשעכאָסלאָוואקיע אין א קלוימערשט זעלבשטענדיקער מעלוכע. בעראָש פון סלאָוואקיע (מיט דער הויפּטשטאָט בראטיסלאווע) האָט זיך געשטעלט דער קאטוילישער גאלעך טיסאָ.

פון 2,5 מיליאָן באפעלקערונג פון סלאָוואקיע זײַנען העכער 90 טויזנט געווען ייִדן. קעדיי אויספּײַנען זיך פאר די היטלעראָווצעס, האָבן די סלאָוואקישע פאשיסטן ארויסגעגעבן אנטיסעמיטישע געזעצן און זײַנען צוגעטראָטן צו דער עקספּראָפּריאציע פונעם אייגנטום פון די ייִדן.

דאָס האָט אָבער אייכמאנען ניט געקאָנט באפרידיקן. אין מארט 1942 יאָר איז ער געקומען קיין בראטיסלאווע, און אונטערן אויסרייד, אז מע דארף אויסטיילן ארבעטסקראפט פארן רײַך, האָט ער באקומען פון טיסאָן 20 טויזנט ייִדן און האָט זיי אָפּגעשיקט אף טויט קיין פּוילן. פאר יעדן דעפּאָרטירטן אפן מיזרעך ייִדן האָט די סלאָוואקישע רעגירונג באקומען צו 500 מארק.

אין יון 1942 יאָר איז אייכמאן ווידעראמאָל געקומען קיין בראטיסלאווע און האָט דעפּאָרטירט נאָך 25 טויזנט ייִדן.

אין אווגוסט 1944 האָט אין סלאָוואקיע זיך אָנגעהויבן אן אופשטאנד; אין דער זעלבער צײַט האָט זיך דערנעענטערט די סאָוועטישע ארמיי. די דײַטשן האָבן דאן אָקופּירט דאָס לאנד מיט זייער מיליטער. אייכמאן האָט ארויסגעפירט קיין אָשווענטשים נאָך 12 טויזנט ייִדן.

אין יוגאָסלאוויע, וווּ עס איז אינגאנצן געווען בא 60 טויזנט ייִדן, האָבן זיך מיט זייער פארניכטונג פארנומען סײַ אייכמאן, סײַ די דײַטשישע רעגולערע מיליטער־טיילן. אין דער זעלבער צײַט האָט דער אדמיניסטראטיווער שעף פונעם לאנד עמאנועל שעפער געטייט אין די גאז־קאמערן 6280 ייִדישע פרויען און קינדער. נאָך דער מילכאָמע האָט מען שעפערן געמישפּעט אין דער דײַטשישער פעדעראטיווער רעפּובליק. ער איז אָפּגעקומען מיט זעקס יאָר טורמע.

כאָרוואטיע (מיט דער הויפּטשטאָט אין זאגרעב) האָט זיך אין אָנהייב מילכאָמע אָפּגעטיילט פון יוגאָסלאוויע. דאָרט האָבן געבאלעבאטעוועט די אוסטאשן בעראָש מיט פּאוועליטשן. זײַן ווײַב איז געווען א ייִדישע, און פונדעסטוועגן האָט פּאוועליטש אײַנגעפירט שטרענגע אנטיסעמיטישע געזעצן. נאטירלעך, אז פאר אייכמאנען איז דאָס געווען ווייניק. אין 1942 יאָר האָט ער געשיקט קיין זאגרעב זײַן פאָרשטייער, דעם גרופּענפירער אברעמייט, און יענער האָט מיט דער הילף פון די אוסטאשן דעפּאָרטירט א געוויסע צאָל ייִדן. אלס קאָמפּענסאציע פאר די דעפּאָרטירטע האָבן די אוסטאשן באקומען זייער אייגנטום.

אין 1943 יאָר האָט אייכמאן דאָס צווייטע מאָל געשיקט א פאָרשטייער קיין זאגרעב. דאָס מאָל איז דעפּאָרטירט געוואָרן אין די טויט־לאגערן 30 טויזנט ייִדן.

בלויז א קליינע צאָל ייִדן פון כאָרוואטיע און אנדערע ניט־סערבישע ראיאָנען פון יוגאָסלאוויע האָבן זיך געראטעוועט פון טויט. אין סערביע זײַנען ניט ארײַנגעפאלן אין די הענט פון די היטלעראָווצעס בא 5 טויזנט ייִדן, וואָס זײַנען ארײַנגעטראָטן אין די פארטיזאנישע אָטריאדן.

ניט ווייניקער טראגיש איז געווען דער גוירל פון די ייִדן אין אָקופּירטן גריכנלאנד, באזונדערס פון דער שטאָט סאלאָניק. פון אנדערע ראיאָנען פון גריכנלאַ־

האָט זיך אייניקע אײַנגעגעבן אַוועק קיין איטאַליע, נאָר פון סאַלאָניק איז זייער שווער געווען צו אַנטלויפן. אין סאַלאָניק האָבן געוווינט צוויי דריטל פון די גריכישע ייִדן — העכער 55 טויזנט מענטשן. דאָס זײַנען געווען איבערהויפּט ספּאַרדישע ייִדן, וואָס שטאַמען פון די שפּאַניער און פּאָרטוגעזער גייררושים פון 1490 יאָר און שפּעטער.

אין פעברואַר 1943 האָט אייכמאַן צוגעשיקט קיין סאַלאָניק צוויי זײַנע אַגענטן, און זיי האָבן אײַנינעם מיטן דײַטשישן מיליטערישן ראַטגעבער מערטען אָרגאַניזירט דאָס פאַרטרײַבן אַלע ייִדן אין דער אָפּגיך אויסגעבויטער געטאָ לעבן דער אײַזנבאַן־ליניע, קעדיי גרינגער און גיכער זיי דעפּאָרטירן.

אייכמאַנס פאַרשטייער האָבן, לויט זײַן אויפטראַג, געשאַפן אַ ראַט פון דער ייִדישער קהילה בעראָש מיטן ראָוו קאָרעץ. ווייניקער ווי אין אַ כוידעש אַרום זײַנען אַלע ייִדן, אײַנגעשלאָסן פרויען און קינדער, אַרויסגעפירט געוואָרן קיין אַשווענטשים. דאָרט האָט מען פון זיי געשאַפן קאָמאַנדעס אָף באַדינען די גאַז־קאַמערעס און קרעמאַטאָריעס, אָף אַפּראַמען די מייסים און אָף ענלעכע אַרבעטן. פאַרן ליקווידירן דעם טויט־לאַגער האָט מען זיי אַלע געטייט.

דער מיליטערישער ראַטגעבער מערטען, וואָס האָט פאַרטריבן די סאַלאָניקער ייִדן אין געטאָ, לעבט זיך גאַנץ רויִק הײַנט צו טאָג אין מײַרעוו־דײַטשלאַנד, אין 1963 האָט ער אַפילע באַזוכט גריכנלאַנד אַלס טוריסט.

אין נאָיאַבער—דעקאַבער 1943 האָבן אייכמאַנס אַגענטן אַרויסגעפירט נאָך 13 טויזנט ייִדן פון אַטען און פון די גריכישע אינדזלען. מע האָט זיי אַלעמען דערהאַרגעט.

אין דײַטשלאַנד איז אין דער צײַט, ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, געווען 500 טויזנט ייִדן; אין עסטרײַך, ווען די היטלעראָווצעס האָבן פאַרווירקלעכט דעם „אַנשלוס“, — 250 טויזנט; אין טשעכיע, מאָראַוויע, באָהעמיע — באַ 60 טויזנט. פון די דערמאָנטע לענדער, ווי ס'איז באַוווסט געוואָרן לויט די דײַטשישע מאַטעריאַלן נאָך דער מילכאָמע, איז צום 1942 יאָר דעפּאָרטירט געוואָרן 265 טויזנט ייִדן. וועגן גוירל פון די איבעריקע זײַנען קיין פּינקטלעכע יעדיִעס ניט פאַראַן.

אַ באַדײַטנדיקע צאָל ייִדן פון דײַטשלאַנד און עסטרײַך האָבן אָבער באַוויזן, ביזן אָנהייב פון דער מילכאָמע, צו אַנטלויפן, און שפּעטער האָבן זיי זיך צעזייט איבער אייניקע לענדער, אײַנגעשלאָסן ענגלאַנד, אַמעריקע און ייִסראָעל.

די געשיכטע פון אומברענגען די ייִדן אָף די פאַרכאַפּטע דורך די היטלעריסטן טעריטאָריעס אַפן מיזרעך איז אין כאַנע אַרענדטס בוך ווייניק אָפּגעשפּיגלט. ס'ווערט בלויז אָנגעוויזן, אַז אין פּוילן, אין קרים, אוקראַיִנע, אין ווײַסרוסלאַנד, אין די באַלטישע רעפּובליקן און אין אייניקע געגנטן פון דער רוסלענדישער פעדעראַציע האָבן די אָקופּאַנטן אויסגעראָטן מיליאָנען ייִדן.

דער יערושאָלאַיִמער געריכט בעראָש מיט מאָשע לאַנדאַו האָט זיך געסטאַרעט ניט אָנרירן די דײַטשישע פעדעראַטיווע רעפּובליק, כאָטש דעם געריכט איז, פאַרשטייט זיך, גוט געווען באַוווסט, אַז אין מײַרעוו־דײַטשלאַנד ווערט אײַנגעהיט דער אַלטער אַנטיסעמיטישער גײַסט. דאָרט באַשולדיקט מען הײַנט היטלערן אין דעם, וואָס ער איז געווען אַן אַוואַנטוריסט, אָבער אין דעם, אַז ער איז געווען אַ קינדער־מערדער און האָט אָנגעפירט מיטן אויסראָטן מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן — אין דעם באַשולדיקן אים ניט די מאַכטהאָבער אין באָן־דײַטשלאַנד.

כאַנע אַרענדט רעדט אין איר בוך ניט גענוג געניי וועגן דער געפאַר פון ווידער־אויפלעבן די ראַסיסטישע ווילדקײַטן, זי קלערט ניט אויף די סאָציִאַלע וואָרצלען פונעם אַנטיסעמיטיזם, די סיבעס פון דער שרעקלעכער טראַגעדיע פון די ייִדן בעשאַס דער מילכאָמע. דערפאַר אָבער גיט אַרענדט אָפּ צענדליקער זײַטן פון איר בוך צוליב אומפּרוכטבאַרע פילאָסאָפישע באַהויפּטונגען וועגן מאָראַל און באַזונדערס וועגן די רעכטלעכע נאָרמעס. אירע באַהויפּטונגען וועגן דעם, ווער עס דאַרף באַשטראָפט ווערן פאַר די שרעקלעכע מײַסים פונעם דײַטשישן נאַציזם, זײַנען אַזוי אומבאַשטימט, אַז לויט איר אייצע קאָנען אומשולדיקע באַקומען אַ שטראָף און געניטע נאַציסטישע מערדער קאָנען זיך פון דער שטראָף אַרויסדרייען.

אין דער ביבל, שרײַבט אַרענדט, ווען ס'איז געשטעלט געוואָרן די פראַגע, ווער עס דאַרף באַשטראָפט ווערן פאַר די עקלהאַפטע מײַסים פון סדאָם און האַמוירע, איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אַ באַשלוס וועגן דער שולדיקײַט פון אַלע אײַנוווינער פון לאַנד, כאָטש ניט אַלע האָבן געזינדיקט. געווען זײַנען אין סדאָם און האַמוירע אויך ערלעכע מענטשן.

אין די פאַרברעכנס פונעם פאַשיזם, זעצט פאָר דער אַווטאָר, זײַנען שולדיק אַלע דײַטשן. לויט דער פילאָסאָפיע פון כ. אַרענדט דאַרפן אין דײַטשלאַנד, לויטן בײַשפּיל פון סדאָם און האַמוירע, באַשטראָפט ווערן אַלע דײַטשן, און ניט בלויז די פאַשיסטן.

דער פּראָצעס איבער אייכמאַנען האָט זיך געצויגן לאַנגע כאָדאָשים. דעם 15 דעקאַבער 1961 איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן דער טויט־אורטייל.

דעם 29 מײַ 1962 האָט דער פּרעזידענט פון ייִסראָעל בען־צווי באַקומען פון אייכמאַנען און פון זײַן פאַמיליע אַ ביטע וועגן באַגנעדיקן אים.

כאַראַקטעריסטיש, אַז די פאָרשטייער פון די ראַבאָנים פון אַמעריקע האָבן זיך אויך געווענדט צום פּרעזידענט בען־צווי מיט אַ שטאַדלאָנעס וועגן באַגנעדיקן אייכמאַנען, אַרויסגייענדיק פון הומאַנישע מאָטיוון. דער פּרעזידענט בען־צווי האָט זיך אָפּגעזאָגט עס צו טאָן, און באַנאַכט דעם 31 מײַ 1962 האָט מען אייכמאַנען אויפגעהאַנגען, דעם גוף זײַנעם פאַרברענט און צעזייט דאָס אַש איבערן יאַם.

אַזוי האָט באַקומען זײַן פּסאַק דער עקלהאַפטער פאַרברעכער, וואָס האָט פאַרשאַפט אַזויפיל שרעקלעכע ליידן דעם ייִדישן פאָלק.

אַלעקסאַנדער דראָבינסקי

# מוישע בעגון

(די דעשיפרירונג פון איניציאַלן צו א דערציילונג אין „קאָל־מעוואַסער“)

די מאַטעריאַלן אין דער ערשטער יידישער צײַטשריפט „קאָל־מעוואַסער“ (1862—1872) פלעגן אַלס קלאַל געגעבן ווערן אָן אונטערשריפטן. אָן אויסנאַם זײַנען געווען בלויז אייניקע אַרטיקלען און דערציילונגען, אונטער וועלכע עס שטייען די איניציאַלן פון זייערע אַוטאָרן. דער רעדאַקטאָר פונעם „קאָל־מעוואַסער“ צעדערבוים איז אין דער הינזיכט געווען ווײַט ניט קיין מילדער מענטש. אָנווײַזן די איניציאַלן פונעם אַוטאָר האָט ער גערעכנט שוין פאַר א קאָוועד־זאַך. מיט זיי פלעגט מען אין „קאָל־מעוואַסער“ באַצייכענען גאָר א קליינע צאָל אַזעלכע פובליציסטישע אָדער קינסטלערישע ווערק, וואָס די רעדאַקציע (ריכטיקער געזאָגט — אַליין צעדערבוים) פלעגט געפינען פאַר מעגלעך און נייטיק ווי־ניט־איז אויסטיילן אַלס באַזונדערס וויכטיקע און געלונגענע. דער גרעסטער טייל פון די אַוטאָרן, וואָס באַהאַלטן זיך אויס אונטער איניציאַלן, איז געבליבן אומבאַוווּסט און פאַרלאָרן געגאַנגען פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער פרעסע און ליטעראַטור.

איינע א דערציילונג אין „קאָל־מעוואַסער“ — דער דיאַלאָג „א דאָקטער אָדער א ראָוו“ איז אין די נומערן 35, 36 און 40 אין סעפּטעמבער — אָקטיאַבער 1864 יאָר געדרוקט געוואָרן מיט אַן אונטערשריפט „מ. ב.“. די דאָזיקע איניציאַלן ווילט זיך מיר דעשיפרירן און עפּעס וואָס דערציילן וועגן דעם אַוטאָר. דאָס ווערק געהערט מײַן זיידן, מוישע בעגון[1].

צוערשט — וועגן דעם ווערק גופע, ווײַל דער „קאָל־מעוואַסער“ איז באַ הײַנטיקן טאָג א ביבליאָגראַפישע זעלטנהײַט. לויט דער ליטעראַרישער פאָרם געהערט דאָס ווערק צום אַלטן פאָלקס־זשאַנער „טײַנעס“ צווישן מאַן און ווײַב. דאָס איז א דיאַלאָגישע סצענע, אָן אָפּגעהערציקער געשפּרעך צווישן א פאָרפאָלק — רעב מאָרדכע און יענטעלע — וועגן דער דערציִונג פון זייער איינציקן זון יאָסעניו. באַם פאָרפאָלק הערשט שאָלעם־באַיִס. דאָס איינציקע, וואָס טיילט זיי פאַנאַנדער, דאָס איז די פראַגע וועגן דער דערציִונג פונעם זון. פאַר דער קאָשערער יידענע יענטעלע איז דער העכסטער אידעאַל — ראַבאָנעס, פאַר מאָרדכען — וועלטלעכע דערציִונג, קולטור און „אַלץ, וואָס די צײַט פאָדערט“, און פריִער פאַר אַלץ רוסישע שפּראַך און עלעמענטאַרע מאַטעמאַטיק און אויך אויסלענדישע שפּראַכן — לאַטײַן, דײַטש, פראַנצויזיש — אַלס וויכטיקע מיטלען צו באַקומען פּראַקטישע קענטענישן און לעבנס־כאָכמע, פּריווילעגיע אויסוואַל פון פּראָפעסיע לויטן באַרוף; אין דער זעלבער צײַט דאַרף דער יונגערמאַן אומבאַדינגט דערצויגן ווערן אין יידישן גײַסט. דאָס איז געווען די פּראָגראַם פון דער האַסקאָלע. מאָרדכע איז א טיפּישער מאַסקיל, ער איז דער alter ego פונעם אַוטאָר גופע. ער טרעט שאַרף אַרויס קעגן א קלעריקאַלער קאַריערע פאַרן זון, און איינצווענס פאַלט ער אָן אויפן אָבסקוראַנטיזם פון די ראַבאָנים און מעלאַמדים, אויף זייערע ווילדע אָבערגלויבענישן, אויף זייער קאַמף קעגן בילדונג פאַרן פּראָסטן פאָלק.

אינעם דיאַלאָג זײַנען פאַראַן פיל אָנדײַטונגען אויף שטייגערישע און סאָציאַל־פּאָליטישע דערשײַנונגען פון יענער צײַט. אַהער געהערט די דערציילונג פון מאָרדכען וועגן דעם גובערנאַטאָרס (זעט אויס, פון די „ליבעראַלן“) באַזוכן די סינאַגאָגע. דער גובערנאַטאָר רעדט צו די רעדלפירער פון דער קעהילע אויף רוסיש, אָבער זיי פאַרשטייען ניט די שפּראַך און קאָנען ניט ענטפערן אויף די רייד פונעם פאָרשטייער פון דער מאַכט. כאַראַקטעריסטיש איז דאָס געטן זיך פון איינער א כײַע־סאָרע מיטן מאַן, ווײַל ער פאָרט זיך לערנען אויף א דאָקטער. אינטערעסאַנט זײַנען די געשטאַלטן פון ראַכעלע דער רעבעצן, פון די לאַמדאָנים א. אנד. אינעם לעבהאַפטן דיספּוט זײַנען אײַנגעפלאָכטן, לויטן מינהעג פון יענער צײַט, מוסערהאַסקלדיקע געשיכטעס פון דער האַגאָדע און פון טײַטש־כומעש.

דאָס ווערק „א דאָקטער אָדער א ראָוו“ האָט, ווי מיר זעען, צוויי פּלאַנען — דעם פאַמיליען־פּלאַן און דעם סאָציאַלן. אויפן פאָדערגרונט טרעט אַרויס דער פאַמיליען־קאָנפליקט, וואָס איז א רעזולטאַט פון דער צעפאַלונג פון דער טראַדיציאָנעלער אידעאָלאָגיע. אויסער דעם, זעען מיר דעם ברייטערן פּלאַן — די ווידערשפּרוכן צווישן דער האַסקאָלע־באַוועגונג און דער רעאַקציאָנערער ראַבאָנישער אָרטאָדאָקסיע און כאַסידיזם. דער דיאַלאָג שפּיגלט אויך אָפּ די אַלגעמיינע קולטור־היסטאָרישע באַגרענעצטקײַט פון דער האַסקאָלע גופע, איר קלאַסן־כאַראַקטער — די אידייִשע אויספאָרמירונג פון דער בורזשואַזער יידישער אינטעליגענץ, איר טרײַהײַט די אַלגעמיינע טראַדיציאָנעלע רעליגיעזע אָנשויונגען און מינהאָגים. אין דער זעלבער צײַט איז אין דער דערציילונג באַוויזן אין א געוויסער מאָס אַן איבערבראָך־עטאַפּ אין דער האַסקאָלע, ווען זי איז אַריבערגעגאַנגען פון דער אָריִענטאַציע אויף מײַרעוו צו דער דערנעענטערונג מיט דער רוסישער געזעלשאַפטלעכקײַט, מיט איר שפּראַך און קולטור. דער אַוטאָר גופע, ווי אויך די רעדאַקציע פונעם „קאָל־מעוואַסער“, איז געווען דורכגעדרונגען מיט ווידערשפּרעכלעכע שטימונגען. ס'איז קיין סאָפעק ניט, אַז דער באַשריבענער דיאַלאָג האָט אָפּגעשפּיגלט די פּרינציפּיעלע אידייִשע אײַנשטעלונגען פון דער רעדאַקציע פונעם „קאָל־מעוואַסער“, און דאָס איז געווען די הויפּט־סיבע, פאַרוואָס זײַן אַוטאָר איז זויכע געווען אָפּגעמערקט ווערן מיט די איניציאַלן.

דער אַוטאָר פון דעם ווערק איז געווען מאָיִסײ יאָסיפאָוויטש בעגון. ער איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט

---

[1] איך ניץ זיך מיט דער געלעגנהײַט צו באַדאַנקען דעם לענינגראַדער קענער פון דער יידישער פרעסע יא. כ. יאַקאָבסאָן פאַר דער הילף אינעם אָפּזוכן דאָס ווערק אין „קאָל־מעוואַסער“.

כּערסאָן (לויט אנדערע מישפּאָכע־זיכרוינעס — אין מינסק, פונוואנען, אף געוויס, שטאמען זײַנע עלטערן) אין 1823 יאָר און דאָרטן טאקע געשטאָרבן פון א קרעבס אין יאנוואר אָדער פעווראל 1875. אין דער ערשטער העלפט פון די 60־ער יאָרן האָט מוישע בעגון געווינט אין אָדעס. דאָ האָט ער זיך דערנעענטערט צו די מאסקילישע קרײַזן און איז געוואָרן, לויט די דערינערונגען פון מײַן מוטער, צעדערבוימס א נאָענטער פרײַנט. אין דעם „אינטערנאציאָנאלן" אָדעס האָט ער זיך אויסגעלערנט אויסלענדישע שפראכן — דײַטש, איטאליעניש. ער האָט זיך אײַנגעשאפט א ביבליאָטעק. נאָכן טויט פונעם ווײַב האָט בעגון זיך אומגעקערט מיט דער פאמיליע קיין כּערסאָן. דאָ האָט ער אָרגאניזירט א פריוואטע פּאָטשט אף פארבינדן כּערסאָן מיטן טאווּרישן ברעג פון די נידערשטרעמונגען פונעם דניעפּער און מיטן דניעפּרישן לימאן — מיטן דאָרף זבוריעווקע, באם ארײַנפאלן פונעם דניעפּער אינעם לימאן.

מײַן זיידע איז געווען א לעבנסלוסטיקער מענטש מיט א נייגונג צו הומאָר, בא אים האָט זיך געפּאָרט ראציאָנאליזם מיט א געוויסער מאָס פון פאנטאזיע און אוטאָפּיזם.

לויט די זיכרוינעס פון מײַן מוטער, זײַנען צווישן די מאנוסקריפּטן, וואָס דער זיידע האָט איבערגעלאָזט (זיי זײַנען ניט פארהיט געוואָרן), געווען העברעיִשע לירישע לידער און א גאנץ גרויס פּראָזע־ווערק אין יידיש „דער גרויסער באהעלפער", געווידמעט מוישע מענדעלסאָנען, וועלכן ער האָט הויך געשעצט אלס גרינדער פון דער האסקאָלע. דעם אינהאלט פון דעם ווערק האָט די מוטער ניט געדענקט. אין גרונט, זעט אויס, איז דאָס געווען אן אפּאָלאָגיע פון מענדעלסאָנען, נאָר אין זײַן סוידעסדיקן, אינטריגעפולן, ווידערשפּרעכלעכן נאָמען האָט, מעגלעך, געפונען אן אָפּשפּיגלונג אויך א געוויסער היסטאָרישדיאלעקטישער צוגאנג אין צוזאמענהאנג מיטן איבערבראָך־מאָמענט אין דער רוסישער האסקאָלע פון דעם אויסשליסלעכן „בערלינערטום" צו דער דערנעענטערונג מיט דער רוסישער געזעלשאפטלעכקײַט, צו וואָס מ. בעגון האָט זיך באצויגן מיט גרויס מיטגעפיל.

ניט איבעריק וועט זײַן צו דערמאָנען דאָ איין עפּיזאָד, וואָס האָט א שײַכעס ניט נאָר צו בעגונס ביאָגראפיע, נאָר אין א געוויסער מאָס צו א בלעטל געשיכטע פון דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג אין רוסלאנד פון יענער צײַט. עס האנדלט זיך וועגן דער באגעגעניש פון מוישע בעגונען מיט סערגיי נעטשײַעוון.

מײַן זיידע פלעגט ליב האָבן זיך דורכשמועסן אף זײַן פּאָטשט מיט אינטערעסאנטע פּאסאזשירן און זיצן מיט זיי אין זײַן קאָנטאָר בא א ביסל ווײַן און יידישן לעקעך ביז שפּעט אין דער נאכט.

איינמאָל אין אווינטערדיקן אפּדערנאכט איז צו אים געקומען צו גיין א יונגער מענטש, א רוסישער, מיט א בריוו אף העברעיִש פון א מענטשן, צו וועלכן מע האָט זיך באצויגן אין דער יידישער סוויווע מיט גרויס אָפּשײַ. אין דעם בריוו איז געווען א באקאָשע, אז מע זאָל אין באלעבאטישע הײַזער אָפּגעבן קאָוועד און אכטונג, ווי א פרײַנט און א גאסט, דעם יונגנמאן, וואָס וועט ווײַזן דעם בריוו.

דער זיידע האָט אײַנגעאָרדנט דעם גאסט אף נאכטלעגער אינעם צימערל בא דער קאָנטאָר און געשמועסט מיט אים קימאט די גאנצע נאכט. וויפל די היימישע האָבן ניט געבעטן דעם זיידן, ער זאָל גיין שלאָפן און לאָזן דעם מידן גאסט זיך אויסרוען, האָט גאָרנישט ניט געהאָלפן. פון די באזונדערע פראזעס, וואָס זײַנען דערגאנגען צו דעם זיידנס פרוי און קינדער, האָבן זיי פארשטאנען, אז דער זיידע מיטן גאסט שמועסן וועגן רעליגיעזע און פילאָסאָפישע פראגעס. דער זיידע, כאָטש ער האָט געשעמט אלס פרײַדענקער, האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט אינגאנצן פון די רעליגיעזע פאָרשטעלונגען. דער יונגער גאסט אָבער איז, זעט אויס, געווען א פולשטענדיקער אפּיקוירעס.

גאנצפרי האָט דער זיידע געהייסן צוגרייטן פרישטיק. ער האָט באקענט דעם גאסט מיט דער גאנצער פאמיליע, דערנאָך באפוילן שפּאנען די פּאָטשטאָווע פערד און געשיקט דעם עלטערן זון באגלייטן דעם גאסט איבער דעם פארפרוירענעם טײַך. די מוטער האָט דערציילט, אז דער זיידע פלעגט דערנאָך גאנץ אָפט דערמאָנען דעם געהיימניספולן גאסט, וועלכער האָט באם געזעגענען זיך געזאָגט, אז זײַן נאָמען איז סערגיי נעטשײַעוו. „א גוואלדיקער ניהיליסט, אָבער אן אינטערעסאנטער מענטש", — אזא איז געווען דעם זיידנס מיינונג וועגן אים. און אויך שפּעטער זײַנען צום זיידן דערגאנגען פונדערווײַטנס אומבאשטימטע קלאנגען וועגן אָט דעם „ניהיליסט". אין יענער צײַט האָט דער „ניהיליזם" אָנגעהויבן ארײַנדרינגען אויך אין דער יידישער סוויווע (קאָוונער).

סערגיי נעטשײַעוו (1847—1882), דער באוווסטער רוסישער רעוואָליוציאָנער און טעראָריסט, איז געלאָפן אין דעקאבער 1869 דאָס צווייטע מאָל קיין אויסלאנד נאָך דעם, ווי עס איז צעקלאפּט געוואָרן די געשאפענע דורך אים אָרגאניזאציע „פּאָלקס־נעקאָמע". דער פאקט, וואָס ער איז דורכגעפאָרן דורך מוישע בעגונס פּאָטשט מיטן איבערשיפן זיך פון איין ברעג דניעפּער אפן צווייטן דורך גאָלי פערעיעזד (גאָלאיא פּריסטאן) אין דער ריכטונג צום לימאן, וווהין עס פלעגן ארײַנגיין רוסישע יאַמזעגלשיפן און אויך טערקישע און גריכישע פעליוגעס, פארפינקטלעכט אין א געוויסער מאָס דעם מארשרוט פון זײַן צווייטער פלייטע. מעגלעך, אז דער בריוו, וואָס נעטשײַעוו האָט געוויזן דעם זיידן, איז פונקט אזא פאלסיפיקאציע, ווי א ריי אנדערע בריוו, וואָס ער האָט באוויזן פארשיידענע פערזאָנען (באזונדערס אין אויסלאנד). נעטשײַעוו האָט, נאטירלעך, געהאלטן, אז דער ציל בארעכטיקט די מיטלען. אלנפאלס, אָט דער עפּיזאָד, וועלכער איז פארבונדן מיט נעטשײַעוון, דערציילט אונדז וועגן נאָך איין אינטערעסאנטער דעטאל, וואָס האָט זיך אומגעריכט אנטפּלעקט דורך די דערינערונגען פון מײַן מוטער וועגן דעם זיידן מוישע בעגון.

# אַ רוף צו שאָלעם

(וועגן מוישע ווײַנבערגס
זעקסטער סימפאָניע)

מוישע ווײַנבערג איז איינער פון די אָנגעזעענסטע סאָוועטישע קאָמפּאָזיטאָרן. עס זײַנען באַוווּסט ווײַנבערגס אַ גאַנצע רײ סימפאָנישע ווערק, נײַן קוואַרטעטן, אַ פּיאַנע־קווינטעט, פּופצן אינסטרומענטאַלע סאָנאַטעס, דרײַ באַלעטן, מוזיק צו אַ רײ פילמען, אַ סאַך קלענערע ווערק פאַר פּיאַנע, לידער און ראָמאַנסן. ס׳ראָוו פון זײַנע שאַפונגען זײַנען הויך אָפּגעשאַצט געוואָרן מיצאַד דער סאָוועטישער מוזיק־געזעלשאַפטלעכקײַט.

ווײַנבערגס באַדײַטנדיק ווערק — די זעקסטע סימפאָניע איז געווידמעט דער וויכטיקסטער טעמע פון דער הײַנטצײַטיקײַט, דעם קאַמף פאַר שאָלעם אַף דער וועלט. די סימפאָניע צייכנט זיך אויס מיט אַ נײַער, קימאַט אומדערוואַרטער טראַקטירונג פון אָט דער טעמע. דער קאָמפּאָזיטאָר האָט געפונען אייגנאַרטיקע אויסדריק־מיטלען, פאָרמען און אָרקעסטער־פאַרבן.

אין אַלע דרײַ לידער, וועלכע קלינגען אין ווײַנבערגס סימפאָניע, — „אַ פידעלע“ פון ל. קוויטקאָ, „טיפע גריבער, רויטע ליים“ פון ש. האַלקין און „שלאָפט, מענטשן“ פון מ. לוקאָנין — ווערט דאָס וואָרט שאָלעם קימאַט ניט דערמאָנט. און דאָך איז דאָס אָן שום ספֿק אַ סימפאָניע וועגן שאָלעם. די הויפּט־אידיי איז אויסגעדריקט קימאַט אויסשליסלעך מיט מוזיק־מיטלען.

ניט מיט הויכע, מעכטיקע שטימען קלינגען אין ווײַנבערגס סימפאָניע די שאָלעם־מאָטיוון, נאָר מיט לײַכטע, צאַרטע, ייִנגלשע קעלכלעך (די סימפאָניע איז געשריבן פאַר אַ ייִנגלשן כאָר), — און דאַפקע אין אָט דער צאַרטקײַט איז זייער קויעך. ווײַנבערגס מעלאָדישע מוזיק דערוועקט געפילן פון ליבע צום לעבן. און וואָס ווייכער, וואָס צאַרטער ס׳קלינגען די שטימען פון קינדער, אַלץ טיפער ווירקן זיי. ניט צופעליק פאַרענדיקט זיך אין דער סימפאָניע יעדע פון די דרײַ לידער מיט אַ סאָלאָ־שטים. מ. גאָרקי האָט אַמאָל געזאָגט, אַז פאַר דער רעוואָליוציע פלעגט מען די פאַרבאָטענע רעוואָליוציאָנערע לידער זינגען שטיל און געקלונגען האָבן זיי הויך, אַפן פולן קאָל. אויך אַזוי, שטאַרקער פון שרײַענדיקע לאָזונגען, קלינגט דער אײדעלער, צאַרטער, קינדיש־אופריכטיקער רוף צו שאָלעם אין ווײַנבערגס זעקסטער סימפאָניע.

מערקווירדיק איז די מוזיקאַלע אַנטוויקלונג אין דער זעקסטער סימפאָניע. די טעמע איז אויסגעדריקט אָדער דורך אַ פאַרברייטערטער מעלאָדיע, אָדער מיט אָריגינעלע האַרמאָנישע מיטלען.

אַ וויכטיק אָרט פאַרנעמט אין דער זעקסטער סימפאָניע דער איליוסטראַטיווער מאָמענט, איבערהויפּט אין דעם צווייטן טייל (Allegretto), אַף די ווערטער פון לייב קוויטקאָס „פידעלע“. מיט גרויסער מײַסטערשאַפט ניצט דער קאָמפּאָזיטאָר אויס אַלע אָרקעסטער־אינסטרומענטן, איבערהויפּט די הילצערנע בלאָזאינסטרומענטן — די פלייטן, קלאַרנעטן און גאָבאָיען — און דערגרייכט אַ הויכע מאַדרייגע פון מוזיקאַלער שילדערונג. מיר דערזעען שיר ניט ווי לעבעדיקע די אַלע פערדעלעך, קעצעלעך, הינדעלעך, פייגעלעך, וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין דער ליד. דאָס גיט צו דעם צווייטן טייל אַ פרידלעכן כאַראַקטער, וועלכער קאָנטראַסטירט מיט דעם ענערגישן בליצשטראַלנדיקן דריטן טייל (Allegro molto). שאַרפע קאָנטראַסטן זײַנען ביכלאַל כאַראַקטעריסטיש פאַר דער זעקסטער סימפאָניע. דער דריטער טייל קאָנטראַסטירט מיט דעם טראַגישן „טיפע גריבער, רויטע ליים“. און דאָס אַלץ פאַרענדיקט זיך מיט אַ האַרציק־שטילער מענטשלעכער שלום־מעלאָדיע. ווי אַ נאָענטער פרײַנט, רעדט מיט אונדז דער קאָמפּאָזיטאָר. זײַן מוזיק באַרויִקט אונדז: שלאָפט רויִק, מענטשן, ס׳וועט אופגיין די זון, און פידלען וועלן זינגען וועגן שאָלעם אַף דער וועלט.

אַן אינטערעסאַנטע דעטאַל. אין דעם ערשטן וואַריִאַנט איז דער סאָף געווען אַזאַ: „שטערט ניט, מענטשן, איינער דעם אַנדערן לעבן אַף דער וועלט“. ווײַנבערגן האָט עס, זעט אויס, אויסגעוויזן צו זײַן ניט גענוג גוטהאַרציק. און ער האָט עס פאַרביטן אַף „ס׳וועלן פידלען זינגען וועגן שאָלעם אַף דער וועלט“. אַזוי קלינגט עס ווייכער. דאָס איז זייער אייגנטימלעך ווײַנבערגן. ס׳ראָוו מוזיק־פאָרשער, וועלכע האָבן געשריבן וועגן זײַנע ווערק, מערקן אָפּ אין זײַן מוזיק, באַגלײַך מיט קאָנסטרוקטיווער קאָמפּליצירטקײַט און הויכן אינטעלעקטואַליזם, — גרויסע לעבנס־ליבע, אויסשליסלעכע גוטהאַרציקײַט, ווייכקײַט.

נאָך איין מאָל „ענדערט“ ווײַנבערג דעם טעקסט לויט זײַן אָפּטימיסטישער וועלט־אופֿאַסונג — אין האַלקינס „טיפע גריבער, רויטע ליים“. די ליד פאַרענדיקט זיך, ווי באַוווּסט, מיט דעם טרויעריקן רעפרען:

טיפע גריבער, רויטע ליים —
כ׳האָב אַמאָל געהאַט אַ היים...

ווײַנבערג כאַזערט נאָך דעם איבער די פריִערדיקע צוויי שורעס:

וועלן ווידער וואַקסן קינדער,
וועלן קינדער שפּילן, רוישן...

ווײַנבערגס שאַפונג איז אָרגאַניש פאַרבונדן מיט נאַציִאָנאַל־פאָלקלאָרישע קוואַלן: רוסישע, ייִדישע, פּוילישע, ווײַסרוסישע, מאָלדאַווישע. דאָס אַנטפּלעקט זיך בולעט קימאַט אין אַלע זײַנע ווערק. אין דער זעקסטער סימפאָניע דאָמינירט דער ייִדישער מוזיקאַלער פאָלקלאָר. דערבײַ איז דער צוגאַנג באַם קאָמפּאָזיטאָר אייגנאַרטיק־שעפעריש. אין דער סימפאָניע וועט איר ניט געפינען ניט נאָר אַ גאַנצע ייִדישע ליד, נאָר אַפילע אַ ציטאַטע פון אַ קאָנקרעטער ליד. אָבער איר מעלאָדיק איז דורכגעדרונגען מיט דער ייִדישער פאָלקסטימלעכער אינטאָנאַציע. אַ באַרײַכערטע מיט אויסגעצייכנטער מײַסטערשאַפט, האָט די דאָזיקע אינטאָנאַציע געשאַפן דעם גרונט־באָדן פאַר איינעם פון די באַדײַטנדיקסטע ווערק ווײַנבערגס — פאַר זײַן זעקסטער סימפאָניע.

מוישע ווײַנבערג איז נאָך יונג, ער איז אַלט קוים פינף און פערציק, זײַן טאַלאַנט געפינט זיך אין סאַמע בלי.

מ. נאַכימאָווסקי

# בריוו און ענטפערס

די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ באַקומט אַפּט בריוו, ווו אונדזערע לייענער באַרירן פראַגן, וואָס זײַנען שײַעך צו ייִדיש בכלל, צו דער שפּראַך פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ בפרט. געוויינלעך ענטפערן מיר אָף אַזעלכע בריוו יעדן לייענער פּערזענלעך.

ניט לאַנג צוריק האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פון אונדזערן אַ מאָסקווער לייענער וו. ווײַנשטיין, וועלכער האָט געוויסע טענות צו דער שפּראַך פון איציק קיפּניסעס „פון מײַנע טאָגביכער“ („סאָוועטיש היימלאַנד“ נומ. 1, 1965).

מיר האָבן געבעטן דעם קאַנדידאַט פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן מ. שאַפּיראָ געבן דעם כ׳ ווײַנשטיין אַ געניַיערן ענטפער.

כאָשעווער כאַווער ווײַנשטיין!

איר שרײַבט, אַז איר זײַט „אַ לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ פון זײַן געבורטסטאָג ביז יעצט“ און אַז איר לייענט אים „פון טאָוול ביז טאָוול“. איז דעריבער באַזונדערס אָנגענעם, וואָס איר זײַט מאַקפּיד אויך אָף דער שפּראַך פונעם זשורנאַל; ס׳לאָזט זיך פילן אײַער זאָרג פאַר דער קלאָרקײַט פונעם ייִדישן געדרוקטן וואָרט בכלל.

דערמיט ווערט קלאַל ניט געמיינט, אַז מע קאָן מאַסקים זײַן מיט אַלע אײַערע אַרויסזאָגונגען וועגן די שפּראַך־פראַגן, וואָס איר באַרירט.

איר זײַט ניט מאַסקים מיטן געברויך פון אייניקע ווערטער אין קיפּניסעס „פון מײַנע טאָגביכער“, אײַך זײַנען אויך ניט צום האַרצן אייניקע גראַמאַטישע פאַר־מעס בא קיפּניסן. איז לאָמיר זען, ווו זײַט איר דאָ גערעכט און ווו ניט.

## ו. גראַמאַטישע פראַגן.

א) געברויך פון דריטן מין. קיפּניס געברויכט, באַגלײַך מיט אַנדערע ייִדישע שרײַבער, סובסטאַנטיוון ניט בלויז פונעם ערשטן צי פונעם צווייטן מין, נאָר אויך פונעם דריטן מין; ער שרײַבט: „דאָס קינד“, „איינעם אַ ווײַבל“, „דאָס נאַרישע אײַזיקל“, „דאָס טרײַבל“, „דאָס פאָלק“ אאַז״וו. איר, כ׳ ווײַנשטיין, זײַט קעגן אַזאַ געברויך. איר פּרוּווט מאָטיווירן; די אָנמערקונגען אײַערע רופן אָבער אַרויס ערנסטע דערווידערונגען.

1) בא קיפּניסן — „דאָס טרײַבל“. איר באַמערקט: „אַז מע רעדט, זאָגט מען „די טרײַבל“. זעט אויס, איר האָט אין זינען דעם ייִדיש־רײדער, וואָס שטאַמט פון אײַערע קאַנטן, און איר זײַט דאָך, ווי איר ווײַזט אָן, פון ווײַס־רוסלאַנד. יאָ, דאָרט גילט טאַקע דער געברויך בלויז פון צוויי מינים — ערשטן (אָדער מענלעכן) און צווייטן (אָדער ווײַבלעכן); פונעם דריטן מין (זאַכלעכן אָדער נייטראַלן) ווייסט ניט אײַער דיאַלעקט — דער אַזויגערופענער ליט־וויש־ווײַסרוסישער דיאַלעקט פון ייִדיש, וועלכער כאַפּט אַרום די ייִדיש־רײדער פון ליטע, ווײַסרוסלאַנד, לעטלאַנד, עסטלאַנד און פון אַ קלײנינקן טייל אוקראַיִנע (טשערני־גאָווער און טיילווײַז פּאָלטאַווער געגנט). דער ליטעראַ־רישער ייִדיש איז אָבער אויפגעקומען און האָט זיך אַנט־וויקלט אָף דער באַזע פון אַלע דרײַ גרונט־דיאַלעקטן פון ייִדיש — דעם ליטוויש־ווײַסרוסישן, דעם פּוילישן און דעם אוקראַיִניש־וואָלינישן. אָף די לעצטע צוויי דיאַלעקטן האָט גערעדט די איבערוועגנדיקע מערהײַט ייִדן. דער ליטעראַרישער ייִדיש האָט איבערגענומען בא אָט די צוויי דיאַלעקטן די וויכטיקסטע מאָרפאָלאָגישע באַזונדערקײַטן זייערע, דערין — אויך די אײַנטיילונג פון סובסטאַנטיוון לויט דרײַ מינים. און קיפּניס געברויכט סובסטאַנטיוון פונעם דריטן מין דאָרט, ווו דאָס פאָדערן די געזעצן פונעם ליטעראַרישן ייִדיש.

2) קעגן „דאָס נאַרישע אײַזיקל“ באַמערקט איר: „אײַזיקל איז געוויס אַ מאַנספּאַרשוין“. דאָ מאַכט איר אַ צווייטן פעלער: איר שטעלט אַ גלײַכצייכן צווישן גראַמאַ־טישן מין און ביאָלאָגישן געשלעכט.

עמעס, אין די שפּראַכן, ווו סובסטאַנטיוון ווערן קלאַסי־פיצירט לויט מינים, אין דעם קלאַל אויך אין ייִדיש, איז אַזאַ אײַנטיילונג ענג געבונדן מיט דער פאָרשטעלונג וועגן געשלעכט. די סיבע דערפון זעען אײַן אייניקע געלערנטע אין דעם, וואָס אין גאָר טיפן אוראַלט האָט דער מענטש באַטראַכט פיל נאַטור־דערשײַנונגען אַלס אַקטיווע, ווילנ־האַפטיקע וועזנס, ער האָט זיי אַנימיזירט, דה. ער האָט זיי אין זײַן פאָרשטעלונג באַשאָנקען מיט אַ נעשאָמע און געטיילט זיי, באַגלײַך מיט באַלעכאַיִם, אָף מענלעכע און ווײַבלעכע אינדיווידן. אַנדערע נאַטור־דערשײַנונגען, מער פּאַסיווע, האָט ער געקאָנט באַטראַכטן אַלס זאַכלעכע, דע־רין אויך אייניקע לעבעדיקע וועזנס („דאָס קינד“ אדג.). אָבער גראַמאַטישער מין איז פאָרט ניט דאָס זעלבע, וואָס ביאָלאָגישער געשלעכט, און ס׳דאַרף אונדז ניט כידעשן ניט בלויז דער באַנוץ פון „דאָס קינד“, נאָר אויך פון „דאָס ייִנגל“, „דאָס מיידל“, „דאָס נאַרישע אײַזיקל“, אפילע — „דאָס ווײַב“!

3) קעגן „דאָס פאָלק“ שרײַבט איר: „מע זאָגט „אונד־זער פאָלק“, ניט „אונדזעס פאָלק“. דאָ האָט איר צוויי טאָעסן מיטאַמאָל. ערשטנס, איז ניט אַזאַ די ענדערונג פונעם פּראָנאָם „אונדזער“ לויט מינים; ריכטיק איז: ו מין — אונדזערער, וו מין — אונדזערע, ווו מין — אונדזערס (ניט: אונדזעס). און, צווייטנס, פאַר אַ סובס־טאַנטיוו קומט דער פּראָנאָם אונדזער, באַגלײַך מיט אַנ־דערע פּאָסעסיווע פּראָנאָמען (מיט אַזעלכע, ווי מײַן, דײַן, זײַן, איר, זייער), אָן שום ענדערונג לויט מינים: אונדזער פאָטער, אונדזער מוטער, אונדזער קינד.

4) בענעגייע צו „דאָס קינד“ שרײַבט איר: „מע קאָן צושטימען“. דאָ זײַט איר, פאַרשטייט זיך, גערעכט, אָבער ניט קאָנסעקווענט: אין אײַער דיאַלעקט איז עס דאָך ניט אַזוי!

אַזוי האַלט עס מיט דער פראַגע וועגן געברויך פונעם דריטן מין אין ייִדיש. גערעכט בלײַבט קיפּניס. עמעס, בענעגייע צו „דאָס נאַרישע אײַזיקל“ זײַנען מעגלעך וואַקלונגען, ווײַל ס׳איז עטוואָס האַמעטנע אָנצווענדן „עס“

אָנשטאָט „ער“, מיינענדיק מיט אָט דעם פראָנאָם אײַזיקלען. מע קאָן דערלאָזן, אַז דאָ זײַנען געזעצמעסיק די וואַקלונגען גופע, און ס׳איז גוט, ווען מע זאָגט, אַשטייגער: „דאָס נאַרישע אײַזיקל איז שוין געקומען; ער איז שטאַרק מיד“.

ב) געהער צי געהערט?

איר שרײַבט: מע דאַרף: „ס׳געהערט (פון וואָרט געהערן); געהער איז אין רוסיש «слух». דאָ זײַט איר אין גרונט גערעכט אין דער עצם באַהויפטונג, אָבער ניט אין אײַער מאָטיווירונג. אין ייִדיש איז מעגלעך סײַ געהער („ער אַרבעט ווי ס׳געהער צו זײַן“), סײַ געהערט („די ערד געהערט דעם פאָלק“). און דאָס, וואָס ס׳איז פאַראַן א סובסטאַנטיוו געהער («слух»), איז ניט וויכטיק: אין יעדער שפראַך איז פאַראַן אַזויגערופענע האָמאָפאָרמעס, ווען איין פאָרמע פון א וואָרט קלינגט, ווי אַן אַנדער וואָרט מיט גאָר אַן אַנדער באַטײַט. אַשטייגער, אין רוסיש, три — („רײַב“) קלינגט ווי три — („דרײַ“), пила́ („זעג“) — ווי пила́ („זי האָט געטרונקען“). אַזוי אויך אין ייִדיש: דיך („איך בעט דיך“ און „די דיך טוט מיר וויי“), זייער — «их» און «очень». אַנאַלאָגיש: געהער («слух») און: „ווי ס׳געהער צו זײַן“.

ג) ביילקעס צי ביילקען? קיפניס שרײַבט: „פאַר מיר אין די אויגן האָט זי געקלונגען און געפרעגט פאַר ביילקעס וועגן אַרבעט“.

איר, כ׳ ווײַנשטיין, האַלט, אַז דאָ דאַרף זײַן: ביילקען, און איר זײַט ניט גערעכט: דאָ איז ניט קיין פרעפאָזיציע פאַר (פאַר וועמען? — פאַר ביילקען); דאָ איז א פרעפאָזיציע פאַר — וועגן (פאַר וועמענס וועגן? — פאַר ביילקעס וועגן).

ד) ליגונים, ליגן צי ליגנס? בא קיפניסן: „מע פאַרעדט איר דעם מויעך מיט ליגונים ניט געשטויגן ניט געפלויגן“. איר באַמערקט: „מע האָט געדאַרפט שרײַבן: מיט ליגן אָדער מיט ליגונס“. מיט ליגונס — בעשום־אויפן ניט! אויב איר מיינט: „מיט ליגנס“, וואָלט מען מיט אײַך געקאָנט מאַסקים זײַן. מע דאַרף אָבער ניט פאַרגעסן, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט זייער אַן אָריגינעלן שרײַבער, קיפניס איז אַזוי אײַנגעליבט און אײַנגעלעבט אין זײַן געבורט־שטעטל סלאָוועשנע, אַז דאָס לאָזט זיך שטאַרק פילן ניט בלויז אין דער שפראַך פון זײַנע סלאָוועשנער פערסאָנאַזשן אין זײַנע פריִערדיקע אויסטערלישע ווערק, אין אַזעלכע, ווי „כאָדאָשים און טעג“, „כײַעלעך און פיניעלעך“, נאָר אַפילע אין דער שפראַך פונעם אווטאָר גופע, מעג זײַן אין גאָר שפעטערע צײַטן, ווען סלאָוועשנע איז פאַרבליבן בלויז אין זײַן זיקאָרן. ליגונים — דאָס איז א מערצאָל־פאָרמע, וועלכע גיט צו — באַנאַנד מיט אַנדערע לאָקאַלע ווערטער און פאָרמעס — א באַזונדערן כיין קיפניסעס שאַפונגען. איז דעריבער, מעג זײַן ניט בעסער, נאָר — בא קיפניסן — סטיליסטיש מער באַרעכטיקט, בעפײרעש: ליגונים!

## II. לעקסישע פראַגן.

1) לעבן צי נעבן? אינעם הײַנטצײַטיקן ליטעראַרישן ייִדיש ווערט זייער זעלטן געברויכט די פרעפאָזיציע נעבן; ס׳האָט זיך פעסט אײַנגעבירגערט דער וואַריִאַנט לעבן; נעבן קלינגט שוין דײַטשמעריש. און דאָס, וואָס איר טײַנעט, אַז לעבן איז אין ייִדיש א סובסטאַנטיוו (מיטן באַטײַט жизнь) צי א ווערב (מיטן באַטײַט жить), איז עס ניט קיין ערנסטע דערווידערונג. לעבן איז שוין אין ייִדיש א האָמאָפאָרמע — מיט צוויי פאַרשיידענע באַטײַטן — «жизнь» און «возле» (פאַרגלײַכט דאָס געזאָגטע וועגן געהער (זעט אויבן).

2) נאַפט, קעראָסין צי גאַז? איר זײַט גערעכט, ווען איר דערווידערט קעגן נאַפט — «керосин»; געוויס איז בעסער: קעראָסין. אַמאָל פלעג מען געברויכן אַזאַ צוזאַמענגעזעצט וואָרט, ווי נאַפט־לאָמפ (מיטן באַטײַט керосиновая лампа). אָבער איצט דאַרף נאַפט בלײַבן בלויז אַלס אַדעקוואַט פון нефть. אין שילדערונגען פונעם אַמאָליקן שטייגער איז דערלאָזבאַר אויסצוניצן דאָס וואָרט גאַז (אין אוקראַיִניש — газ). אָבער הײַנטצוטאָג, ווען א גאַז־פליטקע איז א געוויינלעכסטער עלעמענט פון אונדזער שטייגער, טויג שוין ניט אַזאַ וואָרט אָף צו באַצייכענען דעם באַגריף „קעראָסין“. מע דאַרף דעריבער דיפערענצירן: נאַפט, קעראָסין און גאַז.

3) אַנטכײַעט, אַטכײַעט, אָפגעכײַעט און — זאָל דאָ ווערן צוגעגעבן — אָפגעכאַיוטשעט זײַנען אַלע גלײַכבאַרעכטיקטע לאָקאַלע וואַריִאַנטן — מיטן זעלבן באַטײַט.

4) שטשערב — אושטשערב. קיפניס ניצט דאָ ריכטיק שטשערב מיטן באַטײַט „פגאַם“, «изъян». דאָס רוסישע וואָרט ущерб האָט גאָר אַן אַנדער באַטײַט — „העזעק“.

5) קריגער — סאָלדאַטן — קריגסלײַט. ווען קיפניס זאָל געווען שרײַבן אין רוסיש, וואָלט זיך באַקומען בא אים:

Совинформбюро сообщает о героических делах *воинов*... אין ייִדיש ניצט ער: קריגער. מע קאָן מאַסקים זײַן מיט אײַך, אַז קריגסלײַט איז בעסער, איידער קריגער. סאָלדאַטן טויג ניט, ווײַל קריגסלײַט זײַנען אָפיצערן אויך.

6) פלוצעם און פלוצלינג זײַנען אינעם הײַנטצײַטיקן ליטעראַרישן ייִדיש גלײַכבאַרעכטיקט.

7) „יאָרט זיך“. איר לייגט פאָר יובילעום, יאָרטאָג. ביידע ווערטער טויגן ניט. א יוביליי איז מער ווי именины; מיר זאָגן, אַשטייגער: „דער 25־יאָריקער יוביליי“. יאָרטאָג איז דער אַדעקוואַט פון годовщина: אַזאַ וואָרט איז פאַסיק אָנצווענדן בענוגייע צו א וויכטיקער געשעעניש אין לעבן פונעם קלאַל, ניט פונעם יאָכיד. שוין אָפגערעדט דערפון, וואָס בא קיפניסן איז דאָ געמיינט גאָר עפעס אַנדערש: „הערשעלע... יאָרט זיך דעם 16 סענטיאַבער“ מיינט, אַז ביכלאַל, אַלע יאָר, פאַלט אויס זײַן געבורטסטאָג אָפן 16 סענטיאַבער (ניט אַז די נאָענטסטע טעג, דעם 16 סענטיאַבער, וועט הערשעלע פראַווען „אימענינעס“). דער סובסטאַנטיוו דאַרף זײַן: געבורטסטאָג.

8) געוועקסלטער — געוועקסטער — געוואַקסטער.

בא קיפניסן — „געוועקסטער דיל“. אַזוי אויך אין שעכטמאַנס ראָמאַן „ערעוו“. אַלעקסאַנדער האַרקאַווי „ייִדיש־ענגליש־העברעיִשער ווערטערבוך“ גיט אָן: געוועקסטער. זעט אויס, אַז בעסער איז אַזוי, ווי ס׳גיט אָן האַרקאַווי. דאַן באַקומט זיך: וואַקס — וועקסענער — געוועקסטער. נאָר בעשום־אויפן ניט: געוואַקסטער. דער וואָקאַלן־בײַט א — ע איז דאָ אַבסאָליוט געזעצמעסיק.

9) צולעצט — וועגן איינעם א פרוּוו אײַערן, כ׳ ווײַנשטיין, צו דערקלערן אָף אײַער שטייגער דעם אָפשטאַם פונעם סובסטאַנטיוו אָפשײַ. איר שרײַבט: „דאָס וואָרט אָפשײַ דאַרף מען שרײַבן אָפשײַן (פון וואָרט שײַנען, אָפשײַנען)“. אָפשײַ מיינט: „דערעכערעץ“. וויאַזוי זשע בינדט זיך בא אײַך אַזאַ באַגריף מיטן באַגריף „שײַנען“? און שוין זשע ווייסט איר ניט, אַז אין ייִדיש איז פאַראַן אויך א סובסטאַנטיוו אָפשײַן (טאַקע פון שײַן) מיטן

באַטײַט отсвет? די וואָרטבילדונג איז דאָ פולשטענדיק אַנאַלאָגיש צו דער רוסישער: блеск — отблеск, גלאַנץ — אָפּגלאַנץ, свет — отсвет, שײַן — אָפּשײַן.

דער אָפּשטאַם פון אָפּשײַ איז גאָר אַן אַנדערער. דער דאָזיקער באַגריף איז געבונדן מיטן באַגריף מוירע — פורכט — ערעפורכט. אין דײַטש באַטײַט Ehrefurcht דאָס זעלבע, וואָס אין רוסיש благоговение. אין דײַטש איז פאַראַן אַ ווערב abscheuen מיטן באַטײַט „מוירע האָבן“, „האָבן פּאַרכט“; אין ייִדיש — שײַען זיך — מיטן זעלבן באַטײַט. אָט פונדאַנען גייט עס טאַקע דער סובסטאַנטיוו אָפּשײַ („דערעכערעץ“, „מוירע“ פאַר עלטערס פון זיך אַדג.).

ס׳בלײַבט אונדז נאָך ענטפערן אויף איין פראַגע, וואָס איז שײַעך צו סטיליסטיק.

קיפּניס שרײַבט:

„באַנאַכט שלעכט געשלאָפן... עפּעס אַזוי ווי אַ סאַך רוקנס וואָלטן מיר געבראָכן... עפּעס אַ סאַך פּיס סטאַרטשען פון מײַן קערפּער, לענגערע און קירצערע. לאַנג האָט געדאַרפט אָפּנעמען, ביז איך האָב פאַר זיך אויסגעקלאָרט, אַז אויף דעם שטרויענעם זאַק שלאָפט אַרום און אַרום בלויז איין־איינציקער מענטש — דאָס בין איך“.

איר, כ׳ ווײַנשטיין, טײַנעט, אַז ביז איך האָב פאַר זיך אויסגעקלאָרט איז איבערגעזעצט פון רוסיש, אַז אין ייִדיש דאַרף מען זאָגן: ביז מיר איז קלאָר געוואָרן. פאַרשטייט זיך, אַז ביז מיר איז קלאָר געוואָרן איז ניט שלעכט. אָבער קיפּניסעס סטיליסטישער כוש האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז דאָ איז בעסער דאַפקע ביז איך האָב פאַר זיך אויסגעקלאָרט. ווײַל ס׳האַנדלט זיך דאָך וועגן אַן אַקטיווער אָנשטרענגונג פון אַ צעבראָכענעם מענטשן (נאָך אַ שווערער נאַכט, אין אַ צושטאַנד צווישן כאָלעם און וואָר) זיך אַריענטירן, זיך אַרומקוקן, ווו ער איז אויף דער וועלט. ער קאָן ניט וואַרטן פּאַסיוו, ביז דאָס וועט אים קלאָר ווערן, ער באַמיט זיך אַליין קלאָר מאַכן די לאַגע פון זײַן קערפּער. איז דעריבער בעפּיירעש טאַקע: ביז איך האָב פאַר זיך אויסגעקלאָרט.

מיט אַכטונג

מ. שאַפּיראָ

# בלעטערנדיק זשורנאַלן און צײַטונגען

## וועגן אַווראָם רייזענס ליטעראַרישער ירושע

(פון אַ בריוו צו יאַנקעוו גלאַטשטיינען)

אין אײַער אַרטיקל „אַווראָם רייזענס ירושע“ („ייִדישער קעמפער“, 1 יאַנוואַר) פּרוּווט איר מאַכן אַ כעזשבן וועגן דעם, וויפל לידער און דערציילונגען ער האָט אָנגעשריבן. אויפן גרונט פון רייזענס „געזאַמלטע לידער“ (1891—1951) קומט איר צום אויספיר, אַז ער האָט מיסטאַמע אָנגעשריבן ניט מער ווי אַן ערעך 850 לידער. דאָס האָט אײַך איבעראַשט. ווײַל אויפן גרונט פון רייזענס אַ פּאַרטרוויטן סאָד, אַז ער האָט געשריבן יעדן טאָג, האָט איר מיט אַרום 18 יאָר צוריק — דאָס הייסט 18 יאָר פאַר רייזענס טויט — געשאַצט, אַז ער האָט אַוודע פאַרעפנטלעכט אַ צוויי טויזנט לידער און איז געווען דער גרעסטער לידער־מאַגנאַט אין דער ייִדישער פּאָעזיע.

וועגן דעם, וויפל דערציילונגען רייזען האָט פאַרעפנטלעכט אָדער געשריבן, האָט איר ניט קיין ציפערן און איר זאָגט, אַז איר לאָזט די פראַגע אָפן און וואַרט, אַז „עמעצער אַן אויסזוכער זאָל עס איבערציילן“.

בין איך דער עמעצער און לאָז אײַך און אײַערע לייענער לאַנג ניט וואַרטן. עמעס, איך האָב רייזענס לידער און דערציילונגען ניט געציילט, אָבער איך האָב אַ דאָקומענט, וואָס זאָגט עפּעס וועגן דעם איניען. מײַן דאָקומענט איז אַן אינטערוויו, וואָס איך האָב אין נאָמען פון דער „איטאַ“[1] געהאַט מיט רייזענען אין יוני 1936, ווען מע האָט געפּײַערט זײַן 60־יאָריקן יובילי.

אין דעם דאָזיקן אינטערוויו, וואָס רייזען האָט איבערגעקוקט, איידער איך האָב אים פאַרעפנטלעכט אין צענדליקער צײַטונגען איבער דער וועלט, ווערט געזאָגט, אַז אין די פיר צענדליק יאָר ביז דעם יובילי האָט ער אָנגעשריבן אַרום 3000 לידער, אַרום 1500 דערציילונגען און דיקע בענדער ליטעראַרישע מעמוּאַרן.

[1] ייִדישע טעלעגראַפן־אַגענטור.

רייזען האָט מיר אויך געזאָגט, אַז ער האָט ביז 1936 אַרויסגעגעבן 8 בענדער לידער אַכוץ אַ באַנד לידער אין קלעצקין־פאַרלאַג, אין וואַרשע, אין 1929, און אַ באַנד לידער אין צענטערפאַרלאַג אין מאָסקווע, אויך אין 1929[1], 15 בענדער דערציילונגען און 3 בענדער „עפּיזאָדן פון מײַן לעבן“. ער האָט אויך געזאָגט, אַז ער האָט גרייט צום דרוק צוויי גרעסערע בענדער נײַע לידער, צוויי בענדער „עפּיזאָדן פון מײַן לעבן“ און אַ טרילאָגיע, וואָס באַשטייט פון אַ קייט קלענערע דערציילונגען, וואָס שליסן אָפּ אַן עפּאָכע פון דרײַ דורעס, צוויי בענדער אַמעריקאַנער דערציילונגען אונטערן נאָמען „די נײַע בראָדווײַ“.

אַז מע זאָל צו דעם נאָך צוגעבן די לידער און דערציילונגען, וואָס ער האָט געשריבן פון 1936 ביז 1953, וועט זיך באַקומען, אַז אײַער ערשטער אײַנדרוק פון זײַן גרויסער ליטעראַרישער פּראָדוקציע איז טאַקע געווען דער ריכטיקער...

אײַער אלעף קאַץ

„ייִדישער קעמפער“, ניו־יאָרק, 12 פעברואַר 1965.

[1] אין 1929, אין צוזאַמענהאַנג מיט אַווראָם רייזענס באַזוך אין סאָוועטנפאַרבאַנד, זײַנען דערשינען ניט איין בוך זײַנס, נאָר זעקס:

אויסגעוויילטע ווערק אין 3 בענדער אונטער דער רעדאַקציע און מיט אַ פאָרוואָרט פון מ. קאַץ צו יעדן באַנד. מ., צענטערפאַרלאַג, 1929.

1. ב. 1. „אַמאָליקע צײַטן“. דערציילונגען. 160 ז.
2. ב. 2. „אין אַמעריקע“. דערציילונגען. 176 ז.
3. ב. 3. „געקליבענע לידער“. 160 ז.
4. „דערציילונגען“. פאָרוואָרט פון מ. ליטוואַקאָוו. קיִעוו. „קולטור־ליגע“, 1929, 329 ז. (ביבליאָטעק „ייִדישע שרײַבער“).
5. „לידער און דערציילונגען“. מינסק, צענטרפאַרלאַג, 1929, 80 ז.
6. „גויט“. נאָוועלן און סקיצן. כאַרקאָוו, מעלוכע־פאַרלאַג פון אוקראַיִנע. 1930, 158 ז.

# פון דער שעפערישער לאַבאָראַטאָריע

הערשל פּאָליאַנקער:

## דער סאָד פון שרײַבערײַ...

מענטשן האָבן שטארק כיישעק זיך צו דערוויסן דעם סאָד פון שרײַבערײַ, דאָס הייסט וויִאזוי מע שרײַבט אָן א גוטן, לעבעדיקן און פריילעכן בוך.

און טאקע אינדערעמעסן, וואָס איז דאָס פאר א גזיירע אפן לייענער — אָט באקומט ער א גרויסארטיק ווערק, מאמעש די נעשאָמע צו דערקוויקן, און גלײַך פאלן ארײַן צו אים אין האנט עטלעכע לאנגווײַליקע, אומבאהאָלפענע געשיכטעס — ניט געשטויגן, ניט געפלויגן, נודנע „זשוואטשקע“, וואָס שלאָגט בא אים אָפּ אף א לאנגער צײַט דעם כיישעק צו נעמען א סייפער אין האנט.

אן עמעסע גזיירע!

אנדערע פרעגן זיך נאָך: איז עפשער פאראן אזא סאָד, וויִאזוי מע שרײַבט גוטע, פריילעכע, לעבעדיקע ביכער?

נאָר ווער קאָן עס וויסן, אז קיינער גיט אים ניט ארויס, דעם סאָד, כאָטש מע האָט וועגן דעם ניט ווייניק אָנגעשריבן. ס'איז זייער שווער זיך אויסלערנען שרײַבן ביכער. מע קאָן זיך אויסלערנען זײַן אינזשעניערן, דאָקטוירים, אָבער אויסלערנען זיך זײַן א שרײַבער איז אומעגלעך. סײַדן א מענטש פארמאָגט „גאָטס פונק“, קאָן מען אים א ביסל „אונטערשטויסן“, „אונטערהאלטן“, ביז ער שטעלט זיך אף די פיס...

וואָס דארף מען מער, שאָלעם־אליינעם האָט אמאָל פּינקטלעך אויסגעזאָגט, וואָס איז אזוינס טאלאנט. טאלאנט, — האָט ער געזאָגט, — איז דאָס זעלבע, וואָס געלט. איז דאָס דאָ — איז דאָ, איז דאָס ניטאָ — איז ניטאָ...

און אָן דעם טאלאנט, הייסט עס, זאָלסטו זיך ניט נעמען פאר דער פּען. זי וועט בא דיר זײַן ווי א קאָטשערע, אף וועלכער דו האָסט אָנגעטראָטן...

מע דערציילט, אז ערגעץ אף יענער זײַט אָקעאן, אין אמעריקע, האָבן זיך געיאווועט פלינקע קאָמפּאַניעס, זשוואווע אפּטייקערס, וואָס טראכטן צו פארטיקע רעצעפּטן, אדאנק וועלכע יעדער איינער, וואָס האָט ניט גאָט אין הארצן, קאָן אף איין פוס זיך גלײַך אויסלערנען אָנשרײַבן א ראָמאן, א דראמע, א קינאָ־סצענארי, א פּאָעמע... און דער רעצעפּט קאָסט גאָרניט טײַער —. אינגאנצן עטלעכע סענט. וואָלוול, קימאַט אומזיסט, און אָן קאָפּדרייעניש!

עמעס, דאָס איז שוין פאר קיינעם, דאכט זיך, ניט קיין נײַעס אין שטעטל. ווײַל ווער געדענקט דען ניט די געשיכטע מיט פּיניען, מאָטל פּייסי דעם כאזנס ברודער, וואָס האָט זיך נעבעך געפּאקט אף אן ענלעך האטשיקל. ער האָט דערווײַל זיך נאָר אויסגעלערנט מאכן טינט, שרײַבן מיט אים עפּעס האָט ער נאָך ניט געטראכט, — און וואָס איז ארויסגעקומען דערפון?..

נאָר מיר זײַנען א ביסל פארפאָרן ניט אהין. דאָ, אלפּיסייכל, דארף גיין א רייד וועגן דער שעפערישער לאַבאָראַטאָריע...

און קעדיי מיר זאָלן ווידער ניט אראָפּ פון גלײַכן וועג, דארף מען קוידעמקאָל אויסקלאָרן, צי גייט אונטער פאר שרײַבער דער טערמין „לאַבאָראַטאָריע“, וואָס דערמאָנט אין וואָגשאָלן, פּראָבירקעס, אפּאראטן; מע וועגט אלץ אָפּ, מע באטראכט אלץ פון אלע זײַטן, מע „פּארזוכט“, וואָס פאר א טאם עס האָט דאָס שטיקל ארבעט, וואָס מע האָט געמאכט, — צי האָט מען ארײַנגעלייגט די נייטיקע פּאָרציע קעז אין קרעפּל, צי איז די רעסאָרע פארן אווטאָמאָביל גענוג שטארק, צי איז דאָס שטאָל אין מארטען אָפּגעקאָכט ווי עס געהער צו זײַן, צי איז דאָס בלוט, וואָס מע האָט גענומען באם כוילע, אין דער נאָרמע.

עס זיצן אף זייערע פּרעסטאָלן די געניטע לאַבאָראַנטן, זיי עקספּערימענטירן, פּרוּוון אויס, טראָגן ארויס א פּסאק־דין...

ווי איר זעט אליין, האָט די פּראָפעסיע פונעם שרײַבער זייער ווייניק געמיינזאמס מיט א לאַבאָראַטאָריע. עס זײַנען ניטאָ בא אונדז קיין לאַבאָראַנטן, וואָס זאָלן ארויסטראָגן דעם איינציק ריכטיקן פּסאק־דין יעדן ווערק, מע זאָל עס פּינקטלעך אָפּוועגן און אָפּמעסטן.

דער עכטער לאַבאָראַנט פארן שרײַבער — דאָס איז דאָס פאָלק, די טויזנטער און טויזנטער לייענער, וואָס אָדער זיי נעמען אוף דעם בוך, אָדער זיי לאָזן אים ליגן אף די ביבליִאָטעק־פּאָליצעס. און ווײַבאלד מיר פארמאָגן אזא גרויסארטיקן שעצער פון אונדזער ארבעט, טאָרן מיר אין אים קיינמאָל ניט פארגעסן. מע דארף זיך צוהערן צום לייענער, צו זײַן וואָרט, צו זײַן אייצע.

אונדזער ליטעראטור איז שטארק מיט איר פאָלקסטימלעכקײַט, און איך האָב עמעסן ראכמאָנעס אף יענע שרײַבער, וואָס שרײַבן מיט א לאָשן, וואָס איז טעמפּ, ווי א שטיק האָלץ. מע ניצט ווערטער הויכפּארעווע, פּיסנע. זאָלסט זײַן מיט אכצן קעפּ, וועסטו ניט פארשטיין, וואָס מע וויל זאָגן. אָבער דערפאר איז דאָס געזאָגטע שטארק „טיף“, אזוי טיף, אז דער לייענער קאָן זיך צו דעם ניט דערקלײַבן...

איך געדענק מײַן ערשטן ליטעראַרישן אָוונט אין מײַן היימשטאָט, אין אומאן, ווו איך בין געבוירן געוואָרן און ווו עס איז דורכגעגאנגען מײַן קינדהײַט און א שטיק יוגנט. איך האָב געלייענט מײַנע ערשטע דערציילונגען. דאָס זײַנען געווען לירישע געשיכטעס, און אָפּטלעך פלעגן זיך אין זיי טרעפן שטארק צוגעפּוצטע ווערטער און פראזן. ווען כ'האָב זיי ארויסגעבראכט, האָב איך באמערקט, ווי מענטשן בייגן זיך אָן איינער צום אנדערן און פרעגן שטילערהייט זיך נאָך דעם טײַטש זייערן...

און דאָס איז געווען מײַן ערשטער לימעד בא מײַנע לאנדסלײַט!

דעם צווייטן לימעד האָב איך געקראָגן דעם זעלבן פארנאכט, ווען מײַנע קרויווים און נאָענטע פרײַנט האָבן זיך צונויפגעקליבן אף א פריילעכער סודע לעקאָוועד דעם גאסט פון קיִעוו. געווען איז דאָס עטלעכע יאָר פאר דער מילכאָמע.

בייס דער סודע האָט זיך צו מיר צוגעזעצט דער פעטער זעליק, דער שמיד, וואָס האָט געהאט א קוזניע לעבן דער אלטער מיל, בא דער בריק, און וואָס פלעגט מיר אמאָל אונטערקאָווען מײַן שליטל...

— זאָג מיר נאָר, באַלעבאָכלעס, — האָט ער זיך אָנגערופן, — אָט דאָס, וואָס דו האָסט אונדז היינט אין טעאַטער איבערגעלייענט, האָסטו טאַקע אַליין אויסגעטראַכט, צי דו האָסט עס ערגעץ איבערגעשריבן?.. ביכלעך זײַנען דאָך אָנגעשריבן א יאַם...

— אַליין... פעטער זעליק... — האָב איך שעמעוודיק געענטפערט.

— מע דאַרף דאָך האָבן א קאָפּ פון א מיניסטער... — האָט ער זיך צעלאַכט. — ס׳איז א גרויסע מוקע אָנשרײַבן אַזא שיינע מײַסע. מאָרגן וועסטו צו מיר קומען, וועל איך ארײַנרופן לייבעש דעם בלעכער און געדאַליע דעם סטעלמאַך, וועלן זיי דיר דערציילן מײַסעס פון זייער לעבן, וועסטו פּלאַצן פון געלעכטער... פאַרשרײַב עס נאָר אָף פּאַפּיר, וועסטו האָבן דרײַ פּאַרטיקע ביכער און וועסט זיך ניט דאַרפן ברעכן דעם קאָפּ אויסצוטראַכטן געשיכטעס...

איך האָב זיך ניט געדאַרפט באַקענען מיט לייבעש דעם בלעכער און געדאַליע דעם סטעלמאַך. זיי און א סאַך אַזעלכע, ווי זיי, האָב איך גוט געקענט, און כ׳האָב א טראַכט געטאָן, אַז וועגן אָט די פּאַשעטע, קלוגע, גוטמוטיקע פּאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן אָף זייער לעבן פאַרזוכט קאַלטס און וואַרעמס, — געווען אָף דער מילכאָמע, אין בירגערקריג, זיך געשלאָגן מיט פּעטליורען, מיט דעניקינען, אומעטום „אונטערגעשטעלט א פּלייצע“, העלפנדיק בויען דאָס נײַע לעבן, — וועגן זיי טאַקע וואָלט מען געקאָנט אָנשרײַבן אַן אינטערעסאַנטן סייפער!

דאַכט זיך, אַז דעמאָלט איז בא מיר געבוירן געוואָרן דער פּלאַן און איך האָב אָנגעהויבן שרײַבן דעם ראָמאַן „שמײַע גאַזלען“.

איך בין אָף מײַן לעבן א סאַך ארומגעפאָרן, פיל געוואַנדערט, און אומעטום האָב איך זיי באַגעגנט, די יאָדערדיקע, פּאַשעטע, קלוגע מענטשן, זיך צוגעהערט צו זייער קלינגעוודיק וואָרט און באַמיט זיך צו באַנוצן מיט דעם.

שוין העכער צוואַנציק יאָר, אַז איך קאָן זיך ניט שיידן מיט מײַן אַלטן באַקאַנטן, מיט מײַן הויפּט־העלד, איך שפּיר נאָך זײַן וועג, און דורך אים דערצייל איך וויִאַזוי עס לאָזט זיך וועגן א דאָר סאָוועטישע מענטשן, וואָס גייען דורך א גרויס, קאָמפּליצירט, שווער און אינטערעסאַנט לעבן.

מעגלעך, אַז איך וועל זיך נאָך אומקערן צו מײַן „גאַזלען“. אָבער דערווײַל האָב איך געמאַכט אַן איבעררײַס. שוין א שאָק מיט יאָרן, אַז סע לאָזט מיך ניט רוען א צווייטער העלד מײַנער, א פאָלקס־טאַלאַנט, און איך האָב איצט פאַרענדיקט שרײַבן דעם ראָמאַן „דער בעקער פון קאָלאָמייע“.

דאָ איז מיר אויסגעקומען זיך אריבערקלײַבן אין די קאַרפּאַטן־בערג, פונוואַנען עס שטאַמט מײַן העלד. אַזוי־ווי אָט דאָס וווּנדערלעכע ווינקל פון אונדזער מעדינע איז ווייניק באַשריבן אין דער ייִדישער ליטעראַטור, האָב איך זיך געסטאַרעט אויסנוצן ווייניקער „טיפע“ ווערטער, שרײַבן אַזוי, אַז עס זאָל סײַ זײַן קלאָר פאַר אַלעמען, סײַ דערגיין צו דער נעשאָמע.

יאָ, שיר ניט פאַרגעסן דעם איקער. דאָ גייט דאָך א רייד וועגן דעם, אַז מענטשן ווילן זיך דערוויסן דעם סאָד פון שרײַבערײַ. אָבער ווער ווייסט אים דען, דעם דאָזיקן סאָד, אַז ער ליגט פאַרשלאָסן אונטער זיבן שלעסער, און זאָלסט אפילע זײַן מיט זיבן קעפּ, וועסטו זיך צו אים ניט דערקלײַבן!

טאָ זאָל יעדער שריפטשטעלער שרײַבן אין זײַן נוסעך, אָבער אַזוי, אַז געווינען פון דעם זאָל דער לייענער.

# כראָניק

## אין עטלעכע שורעס

אין דער רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד“ איז פײַערלעך אָפּגעמערקט געוואָרן דער 75־טער געבורטסטאָג פון יאַנקעוו שטערנבערג און מוישע אַלטמאַן. אָף דער באַגעגעניש זײַנען, כוץ די מאָסקווער ייִדישע שרײַבער, בײַגעווען שרײַבער פון אַנדערע שטעט, קולטור־טוער, אַרטיסטן, קינסטלער.

◇

אין צענטראַלן הויז פון די אַקטיאָרן איז דעם 17 מײַ פאָרגעקומען א שעפערישער אָוונט פונעם פאַרדינסטפולן אַרטיסט פון רספסר יויסעף קאָלין (גראָס), אָרגאַניזירט דורכן מאָסקווער דראַמאַטישן טעאַטער אָף א. ס. פּושקינס נאָמען צוזאַמען מיט דער אַלרוסלענדישער טעאַטער־געזעלשאַפט.

אין זײַן שעפערישן באַריכט האָט י. קאָלין באַווויזן זײַנע ראָלן אין די ספּעקטאַקלען „שאָטנס“ (סאַלטיקאָווּ־שטשעדרין), „מאַריִא טודאָר“ (הוגאָ), „שטורעמווינט“ (צו יו־אָן) און אין די קינאָפילמען „דער מאַטראָס פון דער קאָמעטע“, „פּאָעט“. אין דער צווייטער אָפּטיילונג פונעם אָוונט האָט י. קאָלין פאָרגעלייענט פראַגמענטן פון שאָלעם־אַלייכעמס „טעוויע דער מילכיקער“ („האָדל“, „כאַווע“).

◇

דעם 12 מײַ איז אין מאָסקווער מעלוכישן עסטראַדע־טעאַטער פאָרגעקומען א געזעלשאַפטלעכער דורכקוק פונעם נײַעם ספּעקטאַקל־קאָנצערט „בלאָנדזנדע שטערן“ לויט שאָלעם־אַלייכעמען אין דער אויספירונג פונעם אַנסאַמבל פון אַנע גוזיק.

דער ראָמאַן איז אינסצענירט פון אַווראָם רובינשטיין, רעזשיסער פעליקס בערמאַן, מוזיק פון לעאָניד קאַהאַן.

◇

אין גאָרקער פילהאַרמאָניע איז מיט א קאָנצערט פון ייִדישע לידער אופגעטראָטן דער אַרטיסט פון דער ליטווישער עסטראַדע בינִיאָמין כײַטאָוסקאַס.

◇

נאָך א ריי קאָנצערטן אין גאָרקי, סאַראַטאָוו און קויבישעוו איז קיין מאָסקווע געקומען אָף גאַסטראָלן דער לענינגראַדער ייִדישער אַנסאַמבל פון וואָדעוויל און קאָמעדיע.

דער אַנסאַמבל אין באַשטאַנד פון די אַרטיסטן עסטער רויטמאַן, זינאָווי קאַמינסקי און יאַקאָוו קלעבאַנאָוו האָט באַוויזן זײַן נײַע פּראָגראַם „גוט־יאָמטעוו“.

◇

# שרײַבער און װערק




דעם 22 יון 1885 איז געבוירן געוואָרן דער פובליציסט און קולטור־פאָרשער פראָפעסאָר מ. שאַץ־אַנין.

שוין אין 1905, אלס סטודענט פון דעם פעטערבורגער אוניווערסיטעט, איז שאַץ־אַנין פארכאפט געוואָרן פון



די רעוואָליוציאָנערע אידייען, צו וועלכע ער איז זײַן גאנץ לעבן געבליבן טרײַ. פאר זײַן רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט איז ער ניט איין מאָל רעפרעסירט געוואָרן, צוערשט אין צארישן רוסלאנד און הערנאָך אין בורזשואזן לעטלאנד. אין 1928, נאָך שווערע פיזישע פײַניקונגען אין די לעטישע טפיסעס, האָט ער אינגאנצן פארלוירן די ריִע. דאָס האָט אָבער ניט אײַנגעבראָכן זײַן רעוואָליוציאָנערע און שפעפרישע ענערגיע, און ער איז אלע יאָרן געווען געזעלשאפטלעך און קולטורעל טעטיק. צווישן ביידע וועלט־מילכאָמעס איז מ. שאַץ־אַנין געווען דער פאָנענטרעגער פון דער פראָגרעסיווער יידישער קולטור אין בורזשואזן לעטלאנד.

זײַן ארבעט „די נאציאָנאליטעטן־פראָבלעמען פון דער קעגנווארט“ (דערשינען אין דײַטש, ריגע, 1909) איז פאָזיטיוו אָפגעשאצט געוואָרן פון וו. אי. לענין. אין דעם XXX לענינישן זאמלבוך (1937) איז אָפגעדרוקט לענינס אָפרוף וועגן דער ארבעט.

מ. שאַץ־אַנין האָט אויך א סאך געשריבן וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער סאָציאלער און געזעלשאפטלעכער באוועגונג. פון זײַנע ארבעטן אף דעם געביט איז צו פארצייכענען: „דער יידישער סאָציאליזם און זײַנע שטרעמונגען“ (דײַטש, ווין, 1910), „דער וועג פון יידישן פראָלעטאריאט“ (רוסיש, אָדעס, 1917; יידיש, ווארשע, 1918), „די סאָציאלאָפאָזיציע אין דער געשיכטע פון יידן“ (רוסיש, ריגע, 1927), „געזעלשאפטלעכע באוועגונגען בא יידן פארן 1917“ (יידיש, ריגע, 1930), „די געזעלשאפטלעכע באוועגונגען בא יידן צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מילכאָמע“ (ריגע, 1941).

צו דעם אכציקיאָריקן יוביל פון שאַץ־אַנין גרייט דער מעלוכישער פארלאג פון לעטלאנד א זאמלונג פון זײַנע אויסגעוויילטע ארבעטן איבער דער לעטישער, רוסישער, יידישער און מײַרעוו־אייראָפעישער ליטעראטור. אין דעם בוך וועט אויך אײַנגעשלאָסן ווערן דעם אוטאָרס א נײַע טעאָרעטישע אויספאָרשונג אף דער טעמע: „די ראָמאנטיק אין לעבן און די רעוואָליוציאָנערע ראָמאנטיק אין דער ליטעראטור“.

דעם 19 יון ווערט אלט 60 יאָר דער באקאנטער דראמאטורג און געזעלשאפטלעכער טוער פון פראנקרײַך דאָקטאָר כאִים סלאָוועס.

כאִים סלאָוועס איז געבוירן געוואָרן אין ביאלאָסטאָק, ווו ער האָט געענדיקט א מאָדערנע יידיש־וועלטלעכע שול. זײַן ערשטער ערנסטער „לעבנס־אוניווערסיטעט“ איז געווען דאָס אומפארגעסלעכע יאָר 1920, ווען ער האָט אלס יונגער קאָמיוגיסט אָנטייל גענומען אין דעם דריטן ציזאמענפאָר פונעם קאָמיוג אין מאָסקווע,



אף וועלכן לענין איז ארויסגעטראָטן מיט זײַן היסטאָריש בארימטער רעדע. אין 1926 פארלאָזט כאִים סלאָוועס פוילן, ער קומט קיין פראנקרײַך, ווו ער פארענדיקט אין אייניקע יאָר ארום דעם סאָרבאָנער אוניווערסיטעט און הייבט אָן זײַן ליטערארישע טעטיקײַט אין דער פראנצויזישער שפראך. אין די דרײַסיקער יאָרן, מיטן וווקס פון דער רעאקציע אין מײַרעוו־אייראָפע, ווערט כאִים סלאָוועס ארײַנגעצויגן אין דעם אקטיוון קאמף פאר אן אײַנהײַטלעכן פראָנט קעגן דער וואקסנדיקער געפאר פון פאשיזם און אנטיסעמיטיזם. ער איז איינער פון די בויער און אָרגאניזאטאָרן פון דעם אלוועלטלעכן יידישן קולטור־פארבאנד „איקוף“, וואָס איז אופגעקומען אין פאריזש אין יאָר 1937. אין דער צײַט פון דער דײַטשישער אָקופאציע איז כאִים סלאָוועס, אונטער א פראנצויזישן נאָמען זשאן־פאָל אנרי סאָלאוויז, געווען טעטיק אין דערווידערשטאנד־באוועגונג פון פראנקרײַך.

כאִים סלאָוועס איז איינע פון די אָנגעזעענסטע פערזענלעכקײַטן אין דער פראָגרעסיווער יידישער געזעלשאפטלעכקײַט פון פראנקרײַך. ער איז אן אייגנארטיקער דראמאטורג און פובליציסט. זײַנע ערשטע דראמאטישע פרווון האָט ער נאָך געמאכט אין פוילן. מיט זײַנער א פיעסע „א שווערע צײַט“ האָט זיך זײַנערצײַט פארינטערעסירט דער באקאנטער פאָעט און דראמאטורג אלטער קאציזנע.

אין די פיעסן „האָמענס מאפאָלע“, „די יוינעס און דער וואלפיש“ האָט כאִים סלאָוועס געלונגען אויסגענוצט די מיטלען פון די אמאָליקע פורים־שפילן, אָט די „עלטסטע און אָריגינעלסטע יידישע טעאטער־פאָרם“, אף אויסצודריקן אקטועלע פראָבלעמען פון אונדזער צײַט. אויך מיט די היסטאָרישע סוזשעטן אין זײַנע דראמען „באָרוך פון אמסטערדאם“, „די מילכאָמע פון גאָט“ באנוצט זיך דער דראמאטורג, קעדיי צו שילדערן אין טאָך דעם אידיייִשן גערא‌נגל פון אונדזער טקופע.

דער הויפט־שטאָף אין כאִים סלאָוועס דראמאטישן שאפן זײַנען די געשעענישן פון דער גאָר נאָענטער פארגאנגענהײַט. זײַנע פיעסן „נעקאָמענעמער“, „דער קסאוו פון רעכטס אף לינקס“, „אף די וועגן פון פראנקרײַך“, „די געלע לאטע“, „צען ברידער זײַנען מיר געווען“ זײַנען באדײַטנדיקע קינסטלערישע ווערק אין דער הײַנטצײַטיקער יידישער ליטעראטור אף דער טעמע פון געטאָ און ווידערשטאנד.

עס איז געוואָרן 60 יאָר דעם ווײַסרוסישן סאָוועטישן דיכטער פּעטרוס בראָווקא.

פּעטרוס (פּיאָטער אוסטינאָוויטש) בראָווקא איז געבוירן געוואָרן אין דאָרף פּוטילקאָוויטש (ווײַסרוסלאַנד) אין אַן אָרעמפּויערישער פאַמיליע. זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט האָט ער אָנגעהויבן אַלס דאָרפישער קאָרעספּאָנדענט. אין 1926 האָט פּעטרוס בראָווקא געענדיקט דעם ווײַסרוסישן מעלוכע־אוניווערסיטעט אין מינסק. פון 1926 האָט ער אָנגעהויבן דרוקן לידער. אין זײַנע ערשטע ווערק („יאָרן, ווי א שטורעם“, 1930, „צעכישע וואָכנטעג“, 1931) איז דער דיכטער נאָך ניט גענוג זעלבשטענדיק.



די לידער־זאַמלונגען „דאָס קומען פונעם העלד“ (1935) און באַזונדערס „דער פרילינג פונעם היימלאַנד“ (1937) האָבן אים געבראַכט אָנערקענונג פון א רײַפן מײַסטער, וועלכער באַזינגט אין פאַרביקע לידער די מעכטיקייט פונעם ראַטנפאַרבאַנד, די פעלקער־פרײַנטשאַפט, די סאָציאַליסטישע מאָראַל פונעם נײַעם מענטשן, וואָס בויט א נײַע וועלט. דעם דיכטערס פּאַטאָס אַנטפּלעקט זיך מערער פון אַלץ אין די לידער וועגן סאָציאַליסטישן ווײַסרוסלאַנד. פּ. בראָווקא איז געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער אין די יאָרן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע מיט זײַנע פּאַטריאָטישע ווערק: די פּאָעמע „בעלאַרוס“ (1943), „פּאָעמע וועגן סמאָליאַטשקאָון“ (1942), די לידער „קאַסטוס קאַלינאָווסקי“, „דער פּאַרטיזאַן בורמאַזשקאָוו“ אאַ. נאָך דער מילכאָמע שאַפט בראָווקא א ריי דיכטערישע ווערק, אין וועלכע עס ווערן פאַרקערפּערט די פּראָצעסן פון אויפשטעלן די ווירטשאַפט און די בויונג פון קאָמוניזם (די פּאָעמע „ברויט“, 1946, דער לירישער ציקל וועגן מאָסקווע אאַ.); פאַר אַט די ווערק איז דער דיכטער באַלוינט געוואָרן מיט א מעלוכע־פּרעמיע. אין 1951 איז פּעטרוס בראָווקא ווידער באַלוינט געוואָרן מיט א מעלוכע־פּרעמיע פאַר דער לידער־זאַמלונג „דער וועג פון לעבן“. די דיכטונג פון פּעטרוס בראָווקא צייכנט זיך אויס מיט רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס און פאָלקסטימלעכקײַט, מיט אַן אָראַטאָרישער אינטאָנאַציע. בראָווקאס שאַפונג איז פאַרבונדן מיט דער דיכטערישער טראַדיציע פון מאַיאַקאָווסקין, יאַנקא קופּאַלאַ און יאַקוב קאָלאַס. פּ. בראָווקא האָט איבערגעזעצט אויף דער ווײַסרוסישער שפּראַך די לידער פון טאַראַס שעווטשענקאָ, וו. מאַיאַקאָווסקי, פּ. טיטשינאַ אאַ.

דעם 10 יוני איז אַלט געוואָרן 60 יאָר דער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזאַיִקער הערש דאָבין.

הערש דאָבין איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל זשלאָבין (ווײַסרוסלאַנד) בײַ אָרעמע עלטערן. אין די יונגע יאָרן אַרבעט ער שוסטערײַ, פריִער בײַ א קוסטאַר, דערנאָך, פון 1927, אין א כאַרקאָווער שוך־פאַבריק. אין כאַרקאָוו איז ה. דאָבין געוואָרן א מיטגליד פון דער ליטעראַרישער גרופּע „בוי־קלאַנג“ בײַ דער קאָמיוגישער צײַטונג „יונגע גוואַרדיע“. די ערשטע דערציילונג („כאַנקע“) האָט ער פאַרעפנטלעכט אין דער צײַטונג „דער שטערן“ (1928). אין 1931 איז דערשינען זײַן בוך „אַרום א מיל“. אין 1932 איז ה. דאָבין אַרײַנגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. פון 1932 ביז 1940 וווינט ער אין ביראָבידזשאַן. דאָרטן דרוקט



ער אין כאַבאַראָווסקער רוסישן זשורנאַל «На рубеже» („אויף דער גרענעץ“) דעם ראָמאַן „ביראָבידזשאַנצעס“. די ווערק „באַם אַמור“ (1935) און „צווישן בינשטאָקן“ (1941) האָבן פאַרפעסטיקט זײַן אָרט אין דער ייִדישער פּראָזע.

די גרויסע פאָטערלענדישע מילכאָמע האָט געטראָפן דאָבינען אינעם אָקופּירטן מינסק. אין מאַרט 1942 איז ער מיט א גרופּע קעמפער אַרויס פון געטאָ און אַוועק אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. אין דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג איז ה. דאָבין געווען ביז דער באַפרײַונג פון ווײַסרוסלאַנד.

ה. דאָבינס בוך „אויף דער ווײַסרוסישער ערד“ (מאָסקווע, 1947) איז געווידמעט דער טעמע פון ווידערשטאַנד אין געטאָ און דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג.

אין 1956 איז דערשינען אין דער רוסישער איבערזעצונג א זאַמלונג פון ה. דאָבינס דערציילונגען און נאָוועלן. אין „סאָוועטיש היימלאַנד“ נומ. 2 און 3 (1963) איז געווען געדרוקט זײַן ראָמאַן „דער קויטך פון לעבן“. דער דאָזיקער ראָמאַן און א ריי דערציילונגען דערשײַנען אין דער רוסישער איבערזעצונג אין פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“.



אויטאָפּאָרטרעט

## מארק שאגאל וועגן יעהודע פען

פען איז מײַן ערשטער לערער. די גאנצע צײַט ווינט ער אין וויטעבסק. וויטעבסק לעבט, און פען לעבט שטענדיק אין אים. אויב איך בין עמעצן אין וואָס מעקאנע, אויב איך בענק נאָך עפּעס, איז עס דערפאר, וואָס פען ווינט שטענדיק אין וויטעבסק און איך — שטענדיק, שטענדיק אין די פאריזשן...

ער פארשטייט מיך ניט, ווען מײַנע בריוו צו אים זײַנען פול מיט פראגן: וואָס מאכן עפּעס דאָרט מײַנע פארקאנעס, פארקאנעס און פּלויטן.

איך האָב דעם ערשטן גרוס פון פענען באקומען אין יענעם מאָמענט, ווען דער טראמוויַי האָט לאנגזאם מיך ארופגעשלעפּט בארג־ארוף צום סאָבאָר־פּלאץ, און פאר מײַנע אויגן האָט א שווינדל געטאָן פונדערווײַטנס א שטיק ווײַסע אופשריפט אף בלויען פאָן „...מאָלער־שול — פען“.

„אך, — האָב איך דערבײַ זיך א טראכט געטאָן, — עפּעס גאָר אן אינטעליגענטישע שטאָט איז אונדזער וויטעבסק“. איך האָב באשלאָסן נעענטער זיך באקאנען מיטן שילד, לאָזט זיך אויס — א גרויסער בלויער צווייארשיניקער בלעכענער שילד פון דעם מין, וואָס הענגען געוויינלעך איבער קראָמען.

נו, יאָ, אין אונדזער שטאָט האָבן קליינע וויזיט־קארטלעך אף דער טיר קיין שום כשיוועס ניט, קיינער לייגט אף זיי קיין אכט ניט...



דאָס הויז, ווו איך בין געבוירן

„בעקערײַ און קאָנדיטערײַ — גורעוויטש“, „טאבאק, פארשיידענע טאבאקן“, „קראָם פון גרינס און אויבס“, „וואַרשעווער שנײַדער“, „שולֿ פון מאָלערײַ און צייכענען — מאָלער פען“ — דאָס אַלץ מאַכט פון אויסווייניק אַן אײַנדרוק פון א „שטיקלֿ געשעפט“.

האָט איר געהערט אַמאָלֿ פון פענען, פון מײַן ערשטן לֿערער, דעם מאָלֿער, דעם פאַרהאָרעװעטן, וואָס שטענדיק, שטענדיק ווײנט ער אף דער גאָגאָלֿ־גאַס?

כ׳לֿעב שוין באַלֿד א יאָר 40 אף דער ערד, און בא קיין איין קינסטלֿער האָב איך ניט געזען אַזויפילֿ אַטמאָספער פון קונסט. זײַן אַטעלֿיע איז איבערפולֿט מיט בילֿדער פון דער פּאָדלאָגע ביזן סופיט. אף דער פּאָדלֿאָגע לֿיגן אויך גאַנצע קופעס פאַפיר און לֿײַוונטן, בלֿויז אפן סופיט איז פולֿשטענדיקע פרײַהײַט און שפינוועבס. מענטשן ניצן נאָך דערווײַלֿ ניט אויס דעם סופיט — אַט פאַרוואָס איך זעץ אַזוי גערן מײַנע פיגורן אף די סופיטן פון מײַנע געמאָלֿטע בילֿדער... זאָלֿן זיי זיך זיצן דאָרט.

איר דאַרפט ניט לֿאָזן זיך אין פעלֿד, איר דאַרפט ניט אַרומשפאַנען איבער דער שטאָט, ניט אַכטונג געבן אף מענטשן, ניט גיין אין טעאַטער, אין קלֿויסטער, אין שולֿ — אַלֿץ האָט איר דאָ פאַר זיך. אַלֿץ זיפּצט אַראָפּ, קלֿאָגט זיך פון פענס לֿײַוונטן יעדע מינוט, אי באַטאָג, אי באַנאַכט, אי שאַבעס, אי יאָמטעוו. ערטערווײַז, צווישן די בילֿדער, טיילֿן זיך אויס גיפּסענע גריכישע קעפּ־לֿעך, הענט, פיס, אָרנאַמענטן. זיי זײַנען פון לֿאַנג אָן שוין באַדעקט מיט שטויב.

און דער מאָלֿער אַליין? רופט מיך אָן טאַלאַנטלֿאָזיקײַט, אויב איך וועלֿ ניט קאָנען שילֿדערן אײַך, ווי ער זעט אויס!

זאָלֿ זײַן, ער איז א קורצוווּקסיקער — דערפאַר טאַקע ווערט זײַן פיגור אינטימער. ס׳הענגען אַראָפּ צו די פיס די עקן פון זײַן רעקלֿ, זיי באַוועגן זיך רעכטס און לֿינקס און אַראָפּ — און מיט זיי צוזאַמען באַוועגט זיך דאָס קײַטעלֿע פונעם זייגער.

א בערדלֿ — בלֿאָנד און פאַרשפּיציקט. באַוועגלֿעך און שנעלֿ צייכנט עס אָדער בענקשאַפט, אָדער א גרוס: „גוט־מאָרגן“.

...באַשרײַבן פענס בילֿדער קאָן איך ניט. קינדווײַז פלֿעג איך זיי הערן, שמעקן זיי, אָנרירן מיט די הענט, און האַגאַם מײַנע טרוימען האָבן זיך געטראָגן אין גאָר אַנדערע אומקלֿאָרע ספערן — וועלֿ איך פונדעסטוועגן אייביק געדענקען זײַן אָרעמע הילֿצערנע שוועלֿ.

ניט איין מאָלֿ, בא אָט דער שוועלֿ, פאַר פאַרמאַכטער טיר, איינער אַליין — האָב איך געבעטן: איך וויל קיין רום ניט, בלֿויז זײַן א פּאָשעטער האָרעפּאַשניק אין אונדזער שטאָט ווי איר, מאָלֿן מענטשן, וואָס גייען, וואָלֿקנדלֿעך — לֿאַנג באַקאַנטע, און זאָלֿ פרייד אָדער טרויער זיך לֿייגן אף מײַנע איינזאַמע לֿײַוונטן... שוין צוואַנציק יאָר, אַז איך האָב פאַרלֿאָזן פענען.

דער גורלֿ האָט פאַרוואָרפן מיך ווײַט — אין הויפּטשטאָט פון מאָלֿערײַ, בין איך געבלֿיבן צעטיילֿט אף צווייען: מײַן נעשאָמע — אין דער היים, מײַן קערפער — דאָ.

נאָר ווי פאַרשיידן עס זאָלֿ ניט זײַן אונדזער קונסט — געדענק איך זײַן צאַפּלֿדיקע פיגור. ער לֿעבט אין מײַן זיקאָרן, ווי א טאַטע.

און איך קאָן ניט ניט בעטן אײַך: פאַרגעדענקט זײַן נאָמען!

פאַריזש, 1 9 2 7 יאָר.

זשורנאַל „שטערן“ (מינסק) №3, מאַרט 1927




א ייִד א קאַלווירטניק



די נייטאָרן

לאָמיר זינגען
פֿײַנע לידער

# בערעלע שלאָפֿט

ווערטער — שיקע דריז
מוזיק — אווראָם קראַוועץ

Tranquillo e candidamento ♪ = 9?

ossia

ven ix zol zajn der gor-gor-gor, dos ej-ber-ste fun štej-sl, vos volt ix, vos volt ix ba-foj-ln un ge-hej-sn? Ba-

Un poco irato

foj-ln volt ix gor a-zoj ez zo-ln nit šri-pen kejn ti-rn, me zol zej draj mol in mes-les mit
xas-met volt ix a pa-pir un ge-ge-bn cu vi-sn fun dem, az uf-ve-kn a pi-ce-le kind iz nox

eje-dirt-bej-ml smi-rn, šus-ter zo-ln tog un naxt vej-xe štex-šix undz nej-en, me
er-ger fun xilel ha-šem un der vos vet nit fo-lgn mix, vet ve-rn mit xej-rem ba-

1.

zol kejn mindstn šraxe nit he-rn, ven ment-šn er-gec gej-en ge-

poco rit.

2.

troft!

CM




ווען איך זאָל זייַן דער גאַר־גאַר־גאָר,
דאָס אייבערשטע פון שטייסל,
וואָס וואָלט איך, וואָס וואָלט איך
באַפוילן און געהייסן?
באַפוילן וואָלט איך גאָר אזוי:
עס זאָלן ניט סקריפּען קיין טירן,
מע זאָל זיי דרייַ מאָל אין מעסלעס
מיט אייל־בירט־בוימל שמירן,
שוסטער זאָלן טאָג און נאכט
ווייכע שטעקשיך אונדז נייען,
מע זאָל קיין מינדסטן שאָרך ניט הערן,
ווען מענטשן ערגעץ גייען.
געכאסמעט וואָלט איך א פּאַפּיר
און געגעבן צו וויסן פון דעם,
אז אופוועקן א פּיצעלע קינד
איז נאָך ערגער פון כילעל־האשעם.
און דער, וואָס וועט ניט פאָלגן מיך,
וועט ווערן מיט כיירעם באַשטראָפט!
שטילער, שטילער, שטילער זאָל זייַן,
בערעלע, בערעלע שלאָפט.
ווען איך זאָל זייַן דער גאַר־גאַר־גאָר,

דאָס אייבערשטע פון שטייסל,
וואָס וואָלט איך, וואָס וואָלט איך
באַפוילן און געהייסן?
באַפוילן וואָלט איך גאָר אזוי:
מע זאָל זיך קיין רעגע ניט זאמען,
ניט זשאלעווען קיין בארג מיט האָלץ
און אופזידן דרייַ יאמען,
און אויסבאָדן, און אויסצוואָגן
די וועלט מיט אירע ביינער,
און אָפּשערן די קויטיקע נעגל איר,
די וועלט זאָל ווערן ריינער,
מע זאָל ניט באדארפן זי
טראָגן פון זיך פונדערווייַסן,
ווי מע טראָגט דאָס געשאָכטענע אָף,
זי זאָל אונדז כאָלילע דאָס קינד ניט דערשרעקן,
ווען אופשטיין עס וועט פונעם שלאָף,
און דער, וואָס וועט ניט פאָלגן מיך,
וועט ווערן מיט כיירעם באַשטראָפט!
שטילער, שטילער, שטילער זאָל זייַן, —
בערעלע, בערעלע שלאָפט.


**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)**

**Ежемесячный литературно-художественный журнал**

**Орган Союза писателей СССР**

*(на еврейском языке)*

**Год издания пятый**

**Издательство «Советский писатель»**

Главный редактор **А. Вергелис.**

Редколлегия: **И. Борухович, А. Гонтарь, М. Лев** (ответственный секретарь), **Нотэ Лурье, Б. Миллер, Г. Ошерович, И. Рабин, Р. Рубина, М. Тейф, И. Фаликман, С. Фрай.**

Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.
Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отделы прозы и поэзии — Б 8-49-42; отдел критики — Б 3-96-07.

Художеств.-техн. редакция: И. Шустер и А. Токер
Корректоры А. Стрельник и Д. Грозовская

Подписано к печати 12/V 1965 г. Формат 70×108¹/₁₆. Печ. л. 10(13,70). Бум. л. 5+2 вклейки.
Уч.-изд. л. 16,21. Цена 50 коп. Зак. 282.

Московская типография № 7 Главполиграфпрома
Государственного Комитета Совета Министров СССР по печати.
Пер. Аксакова, 13.

Цена 50 коп.

70821

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 6

1 9 6 5

**В НОМЕРЕ:**



**ЛИТЕРАТУРА И ИСКУССТВО**